ארבעטער רינג ביבליאָטעק

א. ליטווין

# יודישע נשמות

באַנד 3

ניטא

ארויסגעגעבען פון דער
עדיוקיישאָנאל קאָמיטע פון אַרבעטער רינג.

מיין פאָטער׳ס און מוטער׳ס אנדענקען
געווידמעט.

# אינהאלטס־פערצייכענעס.

## ווילנער אנטיקען.



## מינסקער אנטיקען.



## קליין שטעדטעלדיגע בילדער.

## ביים קוואל פון דער יודישער פאָלקס-מעשה.



## צווישען מוסר'ניקעס.



## אין די געצעלטען פון תורה.



## אין דער קאַראַאימישער מלוכה.

# מלכה די רעבעצין.

אויף א שמאָלען ווינקעל־באנק, פונקט אנטקעגען מיר, אין וואגאָן, איז געזעסען א פריצטע. געזעסען אויפ׳ן שפּיץ בענקעל. דריי פערטיל פּלאץ פון איהר בענקעל האָט זי מוטערליך, צערטליך, אבגעגעבן איהר צוויי קאָמפּאניאָנען, צוויי הינט, אַפּנים — א מוטער מיט א קינד. דעם גאנצען וועג איז די פריצטע געווען פערנומען מיט איהרע צוויי הינט. האָט זיי געגעבן עסען, טרינקען; האָט מיט זיי פערבראכט, געקניפּען זיי פאר די אויערן, דערצעהלט פאר די פּאסאזשירען די חכמות, די געראָטענקייט פון דעם יונגען הונט און דעם יחום און בריהשאפט פון דער אלטער צויג. אויפגעגעסען איין געריכט, האָט זי זיי דערלאנגט אין א שיסעלע — א צווייטע. פריהער איינעם דערנאָך דעם אנדערן. אָבגעגעסען, אויסדערצעהלט זייערע שבחים, האָט זי געפיהרט פריהער איינעם. דערנאָך דעם אנדערן אביסעל אויף דער פרייער לופט, דערנאָך זיי אויסגעבעט און איינגעלעגט שלאָפען, טאקע ממש ווי א מוטער איהרע קינדער. געלעגט זיי שלאָפען, האָט זי פון זיי די אויגען ניט אראָבגענומען. נאָכגעקוקט יעדע מינע פון די שלאָפערדיגע, בעוועגט זיך זעהר פאָרזיכטיג, זי זאָל זיי „חס ושלום“ ניט אויפוועקען. פערדעקט זיי מיט א וואָלענעם שאַל, עס זאָל זיי, חלילה, קיין ווינטעל ניט כאפּען.

קורץ: וואו מ׳האָט זיך א קער געטאָן איז — געווען הונט. דאָס אויער האָט געהערט, דאָס אויג האָט געזעהען, דער מויל

האט געאטעמט, די גאנצע אטמאספערע ארום אין וואגאן איז געווען אנגעזאפט מיט הונט.

און פלוצלונג איז געווארען אין וואגאן א ליארם, א טומעל. עס האט זיך ארייגעריסען עפעס א יודענע און האט אנגעהויבען צו אמפערן זיך מיט א יודען, פארוואס יענער האט פארנומען איהר פלאץ. דאס איז געווען אביסעל ווייטער מיט א פאר בענק. א טומעל אין וואגאן, איז קיין נייעס ניט. נאר דער עולם, אפילו דער קריסטליכער, וועמעס אויפמערקזאמקייט איז מיט א מינוט פריהער, געווען אינגאנצען, ניט ווילענדיג, איינגעשלונגען מיט דער פריצטע אין איהרע צוויי הינט, איז גערן געווען אבצוקעהרען זיך אהער פאר א צעשטרייאונג. אבער אין א מינוט ארום איז שוין דא געווארען רוהיג. די יודענע האט אבגעשטופט ווייטער דעם יודען און איז שוין געווארען דער צענטר פון א לעבהאפטען געשפרעך ארום איהר. די רעכטע בעל דבר'נטע איז זי געווען טאקע אליין. עס האבען זיך געשאטען פסוקים, גמרא־ווערטלאך און גלאט יודישע וויצען און ווערטלאך, זאלציגע, פעפערדיגע. זי האט פארגעבען רעטעניסען און האט זי אליין קונציג פארענטפערט מיט א מעשה, מיט א פסוק, אדער א גמרא ווערטעל. האט זיך אבגעשטעלט דער צוג ביי א סטאנציע, איז זי שוין געווען אויף דער פלאטפארם. ארויס פון וואגאן, זיך געוויצעלט מיט'ן קאנדוקטאר, געשפאסט מיט'ן אבער־קאנדוקטאר. קורץ: עס האט אויסגעזעהן, אז זי איז דא א היימישער מענש און אלע קענען איהר. אבגעפאהרען נאך א סטאנציע האט זיך ארויסגעוויזען, אז איהר פעהלט אויס א בילעט. איז זי גאנץ דרייסט צוגעגאנגען צו איינעם פון די פאסאזשירען, האט ביי איהם אויסגעבעטען עטליכע קאפיקעס אויף א בילעט.

צוואנציג, דרייסיג קאפיקעס נאר ביי איינעם! א צו גרויסע נדבה! — האבען די שכנישע יודען צווישען זיך גערעדט. נאר זי האט זיך ניט אבגעטשעפעט: דוקא ביי איינעם, און דוקא לייהען. נאר אויף איין סטאנציע. באלד וועט געוויס ארויפקומען א בעקאנטער, אזוינער וואס קען איהר, וועט זי קריגען לייהען א גרעסערע מטבע, וועט זי בעצאהלען. ביי איהר איז דאס

קיין נייעס ניט. אזוי פאהרט זי, ברוך השם, ניט דעם ערשטען טאג.

וואס איז דאס פאר א בריה — א יודענע? האבען די פאר סאזשירען געקוועטשט מיט די פלייצעס און געפרעגט איינער דעם אנדערן. א שנארערקע, א בעטלערין, א צודרעהטע?

מיר זענען אבגעפאהרען נאך אביסעל. די יודענע האט רעכט געהאט. אין גיכען איז ארויפגעקומען א פאסאזשיר, טאקע אן אלטער בעקאנטער איהרער, זי איז צו איהם צוגעגאנגען, אראבגענומען פון פינגער א גאלדענעם רינג און געבעטען לייהען איהר דערויף א רובל. ביז סוועינציאן וועט זיין גענוג. מארגען וועט זי אויסקויפען.

דער יונגערמאן האט זיך געגעבען א כאפ:

— גאט איז מיט אייך, מלכה! וואס רעדט איהר? א משכון? נאט אייך וויפעל איהר דארפט: דריי, פינף, צעהן רובל! און הונדערט און דריי הונדערט און מעהר וועל איך אייך ניט טרויען. וואס דארף איך אייער פינגערל?

זי איז אבער צוגעשטאנען: דוקא א משכון און מעהר ניט לייהען, ווי א רובל און מארגען גיט זי אב.

עס האט זיך באלד ארויסגעוויזען, אז דאס איז ניט קיין פשוטע באהן־שנארערין: אז דאס איז בכלל א יודענע ניט קיין פשוט׳ע: מיט איין ווארט אז דאס איז מ ל כ ה ד י ר ב צ י ן, און אז זי ריכט אב גלות...

מלכה די רביצין קען קינד און קייט אין ווילנא. זי איז געווען די חבר׳טע און מיטהעלפערין פון דער בעריהמטער דבורה אסתר ביי יענער׳ס לעבען; זי איז געווארען די יורש׳טע פון דבורה אסתר׳ס מצוות נאך איהר טויט. נאר מלכה די רביצין איז ניט א פשוט׳ע יודענע, ווי ס׳איז געווען דבורה אסתר. זי איז א וואוילגעלערנטע, זי איז א רביצין. ד. ה. א ווייב פון א ווילנער רב. געגאנגען איז זי מיט איהר אייגענעם וועג און אויף אט דעם וועג האט זי זיך בעגעגענט מיט דבורה אסתר׳ן.

מלכה די רביצין איז געווען אמאל רייך. ד. ה. ניט קיין גביר׳טע, נאר א גרויסע בעל פרנסה׳טע. דער מאן איז געווען א רב און זי האט געהאלטען אן אכסניא. צו איהר פלעגען פער־

פאַהרען סוחרים, גבירים און איבערהויפּט — רבנים, לומדים און גלאַט שענע יודען. אין טאַקע צוליב זיי, צוליב די רבנים און שע־נע יודען האַט זי געהאַלטען די אכסניא. כדי זי זאָל זיי קענען בעדינען. ביי זיי האַט זי קיינמאָל קיין געלד ניט גענומען. קומט א רב אין ווילנא, דרוקען א חבור, קומט א מגיד, א בעל דרש׳ער, אָדער גלאַט אַן אָרימער למדן — ביי מלכה די רביצין, איז פאַר איהם געווען גרייט א בעט מיט קלאָרע בעטגעוואַנד: זיי׳ ווי פיעל דיין הארץ גלוסט! עסען און טרינ־קען פון דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. שבת א טיש, ווי ביי דעם גרעסטען נגיד. גלאַט ביטערע הערצער פלע־גען אויך פערפאַהרען צו איהר: קומט א קלויזניק אין א ישיבה; א קליינשטעדטעלדיגע יודענע מיט א חולה צום שטאָדטיגען דאָקטאָר; א קרעמערקע וואָס איז ניט אין שטאַנד צו צאָהלען פאַר א נומער אין א גאַסט־הויז — אלע אזוינע קונדען האָבען געוואוסט איין וועג: צו מלכה די רביצין.

מיינט איהר, אז מלכה די רביצין האַט חלילה איהרע צור־געלעגט? זי איז געגאַנגען מיט דעם וועג פון דעם רבונו של עולם: פ ו ן ד ע ם ג ע נ ו מ ע ן א ו ן ד ע ם ג ע־ ג ע ב ע ן! איך האָב אייך שוין געזאָגט, אז זי האַט אויך געהאַט רייכע אורחים: וואַלד־סוחרים און גרויסע קרעמער, וואָס האָבען שוין געדעקט די הוצאות פון די קבצנים. טאָמער האַט געפעהלט, האָט מלכה געהאַט קאַנטאַ און געהאַט עטליכע גבירטעס, וואָס האָבען איהר שוין ארויסגעהאָלפען.

אזוי איז אוועק יאָהרען, און מלכה די רביצין האַט געהאַט א שם. זי איז ניט בלויז א וואוילגעלערנטע, נאָר אויך א קלוגע יודענע. א פּאַסאַזשירקע אין וואַגאָן — איינע פון איהרע אמאָ־ליגע קונדען — האַט מיר דערצעהלט, אז זי האַט גע׳שם׳ט פאַר א חכמה. א וואָרט איז ביי איהר געווען — א רענדעל.

נאָר אַט איז געשטאָרבען איהר מאַן. די קינדער זענען זיך צופאָהרען, ווער אין אמעריקא, ווער אין אנדערע שטעדט. מלכה איז געבליבען אליין, צי די עלטער, צי דער טויט פון איהר מאַן האָט אויף איהר געווירקט, צי דאָס וואָס זי האַט שוין ניט געקענט אויסהאַלטען די אכסניא מיט די פּעק אָרימע לומדים:

די איינזאַמקייט און פּערלאַזענקייט פון די קינדער — גאָר מלכּה האָט זיך אַראָבגערוקט, האָט פאַרלאָרען איהר פריהערדי־גען שטאָלץ און גרזעצקייט. פריהער איז ביי איהר געווען יע־דעם וואָרט געמאָסטען און געוואויגען. איצט איז זי געוואָרען א בעל דברנ׳טע. גאָר רעדענדיג א סך פאַלט זי קיינמאָל ניט אריין; קיינמאָל רעדט זי זיך ניט אויס קיין נאַרישקייט. זי איז — אַן ענציקלאָפּעדיע פון פאָלקס־ווערטלאַך, פון אמת׳ן אָריגינעלען זאַלציגען יודישען הומאָר.

מאַטעריעל פעהלט מלכּה׳ן איצט גאָר נישט. איהרע קינ־דער אין אַמעריקא שיקען איהר געלד, נאָך מעהר וויפיעל זי דאַרף. אין רוסלאַנד האָט זי אויך פערמעגענדע קינדער, וואָס שטיצען איהר. די אַמעריקאנער קינדער שרייבען, אַז זי זאָל קו־מען צו זיי. ווייל זי ניט פערטראָגען איהר קאָפּ אין דער „גויאיש־קער" אַמעריקא.

פאַר וועמעס „זינד" זי האָט זיך גענומען אַבריכטען גלות — ווייס איך ניט. גאָר איצט ריכט זי אָב גלות. אויף א יאָהר צייט האָט זי זיך גענומען זיין „נע ונד". נאָכאַנאַנד אין וואַגאָן: א סטאַנציע אַרויף, א סטאַנציע אַראָב. וואו געטאָגט, דאָרט ניט גענעכטיגט. און עס איז ניטאָ דער טאָג, וואָס מיט איהר מאַכט זיך ניט אַזעלכע פּלאָנטערס מיט בילעטען, כאָטש דאָס איז איהר גאָר קיין נויט ניט.

שוין א חדשים ניין, אַז מלכּה פאָהרט אַזוי אַרום. אין וואַ־גאָן זיצט זי חלילה ניט לעדיג. זי קלייבט פון דעם עולם פאַר־סאַזשירען נדבות. איך האָב זיך פערגעסען אייך צו זאָגען, אַז נאָך פריהער, אין די גוטע יאָהרען, האָט מלכּה געהאַט איין מצוה, וואָס איז געווען איהר ליבער פון אַנדערע. דאָס איז, אַזוי צו זאָגען, געווען איהר מאַנאָפּאָל. אָט די מאָנאָפּאָל־מצוה איז געווען חתונה צו מאַכען אָרימע מיידלאַך. דער דאָזיגער מצוה האָט זי איצט אָבגעגעבען די גאַנצע „פּרנסה" פון איהר אבריכ־טען־גלות. אכט פערזעסענע מיידלאַך האָט זי שוין — זאָגט מען — היי יאָהר געפיהרט צו דער חופּה. זי וויל אָבער צום יאָהר מגדל ז״ין דוקא ביז א צעהנדליג. און זי אַרבייט מיט אַלע

פרעפטעז, זאָגט זיך אָב אין דאָס גויטינסטע, און וועט דאָס איהריגע אויספיהרען.

מלכה די רביצין שטאַלצירט מיט איהר טיטעל „רעבעצין“. יעצט פיהלט זי זיך אביסעל אונבעקוועם מיט'ן נאָמען. ווייל א יודענע זאָל זיין — א „רביצין“ מוז זי דאָך האָבען א לעבעדיגען רב פאַר א מאַן. נאָר זי האָט מיר פערטרויט, אז גאָר אין גיכען וועט זי טראָגען דעם טיטעל „כשר“. ד. ה. זי וועט חתונה האָבען א צווייטען מאָל מיט א רב. ערגעץ פון זשעטעל ציי איישישאָק — איך געדענק ניט אקוראַט. דער שידוך איז שוין אָבגערעדט. דער „חתן“ מוז וואַרטען ביז זי וועט ענדיגען איהר טערמין פון גלות־אבריכטען. דאַן וועט זיין מיט מזל חופה. ער וויים — זאָגט זי — דערפון, וואָס זי ריכט אָב גלות, און ביי איהם איז רעכט. א גרויסער עהרליכער יוד, זאָגט זי, גאָר יענער דער ערשטער, עליו השלום איהם צו לאַנגע יאָהר. ער איז אויך איהרער אַן אַלטער בעקאַנטער, פון איהרע אַמאָליגע אורחים.

מלכה איז א יודענע אין די זעכציגער, פול מיט טעמפעראַמענט — א שטיק פייער. אַמאָל האָט זי געמוזט זיין א שענהייט. נאָך יעצט איז איהר פּנים פריש, איהר פיגור ברייט און הויך—דעמבען שטאַרק. איינע פון די אָריגינעלסטע יודישע פרויען־טיפּען אין תחום. איהר פּערזענליכער לעבען איז איבערגעריסען געוואָרען אינמיטען, בשעת אין איהר איז נאָך פערבליבען א לעבעדיגער שטראָם פון ענערגיע. דער מאַן איהרער — געשטאָרבען. די קינדער צופאָהרען, געלאָזען זי עלענד, אליין. ניט ווילענדיג האָט אימיצער פון די פּאַסאַזשירען געמאַכט א פערגלייך מיט יענער פריצטע, מיין שכנה, פון דער אַנטקעגענדיגער באַנק. דאָס איז אויך, אָהן א ספק, א בעליידיגטע, אָדער א געבראָכענע נשמה, וואָס האָט דורכגעמאַכט א לעבענסטראַגעדיע. זי האָט זיך, ווי עס טרעפט אָפט, ענטטוישט אין די מענשען און איהר גאַנצע ליעבע, צערטליכקייט און ענערגיע איבערגעגעבען די הינט. מלכה'ס נשמה איז ברייטער און טיעפער. ווי קען — זאָגט מיין שכן דער פּאַסאַזשיר — א מענש אָבגעבען זיין ליעבע אין גאַנצען א חיה, ווען עס זענען דאַ אזוי פיעל מענשען עלענד'ע און פאַרוואָגעלטע, וואָס נויטיגען זיך אין דיין הילף?...

# אַ דראַמע אין ראַמאַילעס געסיל.

איך בין געווען אין אַ סך יודישע שטעדט און האָב ערגעץ ניט געפונען אַזוינע טיפּישע געטאָ־געסלאַך ווי אין ווילנע. און אַט די געטאָ־געסלעך מאַכען אויף איך נאָך אַ שווערען איינ־דרוק צוליב דעם קאָנטראַסט צווישען זיי און די דערבייאיגע ברייטע שענע גאַסען. ווילנאַ איז איינע פון די שענסטע שטעדט אין רוסלאַנד, לויט ווי די נאַטור האָט זי געבויט. קיין שטאָדט אין ליטע האָט ניט אַזוינע פרייע און שענע, בערגיגע און וואַל־דיגע פאַרשטעדט ווי ווילנאַ. די לופט איז דאָ ריין, געזונט און געשמאַק. גרינס בעקומט איהר וויפיעל איהר ווילט, וואו איהר גיט זיך נאָר אַ קעהר. נאָר עטליכע טריט פונ׳ם יודישען צענטר.

און אין אַט דער שענער, פרייער שטאָדט מיט איהר פּרעה־ליכער טייך „ווילייע“, מיט איהרע בערג און טאָלען, מיט איה־רע אַרומיגע דופטענדע סאָסנע־וועלדער שיינט דאָס ענגע שמור־ציגע יודישע געטאָ עפּעס ווי אַ מין טורמע, וואָס מ׳האָט מיט הונדערטער יאָהרען צוריק מיט אַ כיוון אויסגעבויט אום צו פערשטיקען דעם פרייען גייסט פון דעם יודישען פאָלק. עס שיינט עפּעס ווי אַ העלישער טייוולישער שפּאַס...

און ווען איהר זייט נאָר ניט איינער, וואָס איז דאָ געבאָרען, מעגט איהר דורכגעהן די געסלעך צעהן מאָל אַ טאָג, קאָנט איהר זיי ניט איבערגעהען גלייכגילטיג. עס גיט אייך אַ צופּ ביי דער נשמה. אייך איז שווער זיך פאַרצושטעלען: ווי קאָנען די מענ־

שען דאָ לעבען? ווי קענען זיי דאָ זיצען טאָג איין טאָג אויס? ווי קאָנען זיי דאָ שלאָפען? אָטעמען?

דערפאַר האָט קיין יודישע גאַס אין ליטע ניט אַזוי פיעל „היסטאָריעס“ און דראַמאַטישע היסטאָריעס, ווי די שמוציגע צום דערשטיקען ענגע און פינסטערע יודישע געסלעך. נאָך א יאָהר צוויי, דריי, פינף, וועלען זיי וואהרשיינליך פערשווינדען, אויב ניט מיט אַמאָל, איז ביסלעכווייז, מאַכענדיג פּלאַץ פאַר דעם עלעקטרישען טראַמוויי. וועניגער פון אַלעמען וועלען יודען בעדויערן זייער פערשווינדען. נאָר א שאָד וועט זיין, אויב די „היסטאָריעס“ פון דעם אונמעגליכען לעבען אין אָט די געסלעך, וועלען פערשווינדען צוזאַמען מיט זיי, ניט ווערענדיג פערצייכענט אין דעם פּנקס פון יודישען געטאָ.

---

איך וויל ראַטעווען פון פערגעסענקייט כאָטש איין געסיל. איך וויל נעהמען דאָס סאַמע טיפּישע פון זיי אַלע — דאָס קווינט־עסענץ פונ׳ם יודישען געטאָ. און דער לעזער, וואָס איז אַליין א ווילנער, וואָס איז געבאָרען געוואָרען, און זיין יוגענד פערלעבט אין ווילנער געטאָ, וועט זיך פיליי כט אָנשטויסען, אז איך מיין דאָס „ראַמאַילעס געסיל“ אָדער, ווי מען רופט עס „ראַמאַילעס הויף“. און פון דעם געסיל וועל איך נעהמען איין „היסטאָריע“, ניט פון אַמאָל, נאָר טאַקע פון היינט; א פריש צאַפּעלדיגע „היסטאָריע“, וואָס האָט פּאַסירט מיט אייניגע טעג צוריק, איידער זי איז פון מיר פאַרשריבען. און ווען די היסטאָריע וואָלט געווען אַן אונגעוועהנליכע, א זעלטענע, אַזאַ וואָס טרעפט ניט אָפט אין „ראַמאַילעס“ געסיל, וואָלט איך זי ניט פאַרשריבען. ווייל די דראַמע אַבער איז ענג פערבונדען מיט „ראַמאַילעס“ געסיל; ווייל עס שיינט, אַז נאָר אין „ראַמאַילעס“ געסיל קאָן זי פּאַרקומען און כאַראַקטעריזירט עס אויפ׳ן שאַרפסטען אופן—בעשרייב איך זי. נאָר פריהער מוז איך שילדערן די פיזיאָגנאָמיע פון ראַמאַילעס געסיל. אַנהויבען הויבט זיך אַן אַפילו דאָס געסיל אַביסעל ברייטלאַך. עס הויבט זיך אָן פון דער יודישער גאַס, פון סאַמע שול־הויף. נאָר

איה,' האָט נאָך קיין צייט ניט צו מאַכען עטליכע טריט, ווערט זי שוין ענג, אַזוי ענג ווי קיין געסיל אין ווילנער געטאָ. אינ־גאַנצען זעהט דאָס אויס, ווי אַ משונה'דיגע בריאה, וואָס בע־שטעהט פון אַ ברייטען קאָפּ און אַ דינעם עקעל. מאַכט איהר צוואַנציג טריט, זייט איהר פאַרטיג מיט'ן געסיל.

אָבער ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס אין צוויי מינוט שפּאַנט איהר עס דורך, איז דאָ פאַראַן אין געסיל וואָס צו בעטראַכ־טען, ווען איהר האָט נאָר אַן אויג. שוין דער נאָמען „ראַמאַילעס" שיינט צו זיין ניט קיין געוועהנליכער. „ראַמאַילעס געסיל" נעהמט זיך פון „ראַמאַילעס שול", „ראַמאַילעס ישיבה", וואָס שטעהט דאָ אין ראָג הונדערטער יאָהרען.

וואו „ראַמאַילעס שול" איז, ווייס אין ווילנא קינד און קייט. אָבער אומזיסט וועט איהר ביי אימיצען פרעגען: ווער איז געווען ראַמאַילע? קיינער ווייס ניט. און נאָר אין אַלטען ווילנער פּנקס ווערט דערמאָנט אַלס אַמאָליגער באַלעבאָס פון אַט דעם הויף רבי מיילא. עס איז דאָ אָבער אַ לעגענדע, וואָהר־שיינליך נאָך אַן עלטערע, אין ווילנער יודישער גאַס, אַז ראַ־מאַילע איז געווען ניט קיין יוד, נאָר אַ גוי, וואָס האָט אָבגע־געבען יודען זיין הויז ספּעציעל פאַר אַ שול, און דערום האָט ער זוכה געווען, אַז די שול און די ישיבה, און דאָס גאַנצע געסיל, זאָלען זיך רופען ביי יודען דורך הונדערטער יאָהרען אויף זיין, דעם גוי'ס נאָמען. ווען איך זאָל וועלען, ראַמאַילעס געסיל פער־גלייכען מיט עפּעס אַ ניו יאָרקער גאַס, וואָלט איך עס פער־גליכען מיט דער פערצענטער סטריט אין ניו יאָרק. אין דער פערצענטער סטריט, אין אַ דעפּאַרטמענט סטאָר, ווי יעדער ניו יאָרקער יוד ווייס, קענט איהר אריין הונגעריג און נאַקעט, און ארויס זאַט און בעקליידט פון קאָפּ ביז די פיס, ווי אַן אמת'ער פּראַנט. אין ראַמאַילעס געסיל איז פּונקט דאָסזעלבע. דער אונטערשיעד איז נאָר, וואָס דאָ ברויכט איהר צו האָבען אין קעשענע אַ סך ווינציגער, ווי אין דער פערצענטער סטריט. פאַר איינע 5—6 קאָפּיקעס, צום ביישפּיעל, קריגט איהר דאָ, טאַקע אין געסיל גופא, אַ טעלעריל געפּרעגעלטע באָבעס, אר־בעס, קאַרטאָפּעל און דערצו נאָך פערבייסען מיט אַ בלינצע און

א גאנצע קוואָרט פּרוכט, וואָסערע איהר ווילט: עפּעל, באַרנעס, פלוימען, קאַרשען. די גרעסטע מטבע איז דאָ א קאָפּיקע, העכסטענס א פּיאַס, ד. ה. אנדערהאַלבען קאָפּיקעס, וואָס מ'רופט אין מינסק א דרייער. די עפּעל, באַרנעס, פלוימען, קאַרשען, אוגערקעס זענען אין ראַמאַילעס געסיל גאָר פון א בעזונדערן סאָרט. אזעלכע קריגט איהר זעלטען אין אן אנדער גאַס. זיי זענען מאָדנע קליין, ווערען פערקויפט אויפ'ן קוואָרט. אין איין קווערטיל קריכען זיי אריין צעהנדליגע. זיי האָבען דאָ אויך גאָר אנדערע נעמען. די יודענע, וואָס זיצט דאָ ביים מולטעריל, שרייט ניט, צוםביישפּיעל: א קאָפּיקע א קוואָרט עפּעלעך! נאָר א קאָפּיקע א קוואָרט „ראַזינקעס". באַרנעס זענען „צוקערקעס"; פלוימען — האָניג; באָב — מאַנדלען און אז. וו. טאָמער טרעפט איהר דאָ אין א מולטעריל אויף א קעסטיל גרויסע עפּעל, באַרנעס, פלוימען און ד. גל. זאָלט איהר וויסען, אז דאָס זענען אויך ניט קיין געוועהנליכע. עפּעס איז אין זיי ניט גלאַט. און וואָס שענער זיי זענען, אליץ פערדעכטיגער זענען זיי. און ווירקליך: נעמט א פּרי אין האנד, וועט איהר גלייך בעמערקען, אז זי איז אן איינזייטיגע. ד. ה. זי ליגט צום עולם מיט א כיון מיט איין זייט. די אנדערע זייט, וואָס אונטען צום מולטעריל, איז „לא עליכם" — בעסער קוקט ניט...

און די מענשען אין ראַמאַילעס געסיל זענען אויך ניט קיין געוועהנליכע. זיי זענען, דוכט זיך, קיינמאָל ניט יונג און ווערען קיינמאָל ניט אַלט. איך בין דאָ אין געסיל געווען מיט צעהן יאָהר צוריק, און בין געווען דאָ ניט לאַנג מיט עטליכע טעג צוריק*) וואָלט איך, דוכט זיך, קאָנען שווערען, אז ניט נאָר די מולטערלעך און קעסטלעך זענען דיזעלבע, נאָר אויך די, וואָס זיצען דערביי. אפילו דאָס קעציל, וואָס ליגט דאָ צווישען די מולטערלעך און קוויטשעט גוסס'דיג, ווייל יעדערער האלט פּאַר א חוב, (ניט חלילה מיט א כיון) צו טרעטען אויף איהר, איז דאכט זיך אויך דאָס זעלבע. און איך וואָלט שווערען, אז די באָב מיט די אַרבעס, מיט די עפּעל און באַרנעס און פלוימען און קאַר־

*) געשריבען אין יאָהר 1909.

שען אין די קעסטלאך און מולטערלאך זענען אויף די זעלבע, אזוי ווי אליהו הנביא׳ס צוביטענער רענדיל — שיינען זיי ניט געמינערט און ניט געמעהרט דערפון, וואס מען נעהמט פון זיי...

דאס איז אלץ אין קאפ פון געסיל, אין דעם ברייטען קאפ, וואס ליגט אנגעשפארט אן שול־הויף. דער קאפ פון ראמאילעס געסיל איז דער שפייזער ניט בלויז פון געסיל, נאר פון גאנצען שול־הויף. פון אלע געסלעך ארום און פון צופעליגע דורכגע־ הער. ווילט איהר אבער בעקליידען זיך, אדער האנדלען באלע־ באטישקייט, מוזט איהר אנקומען צום „עק" און דא דארפט איהר אויך א סך װעניגער װי אין א ניו־יארקער דעפארטמענט סטאר. מיט א דריי, פיער רובל קליידט איהר זיך אויס פון אויבען ביז אראב אין מלבושים, נאטירליך ניט קיין נייע, זא־ גאר זעהר ווייט פון נייע, דערפאר אבער גאנצע, דאס הייסט ניט קיין צעריסענע. פאר לאטעס ביז איך ניט ערב...

די קראמען דא אין עק זענען אויך ניט קיין געוועהנליכע. זיי זעהען אויס ווי אלמערס, וואס ווערען געמאכט אין די װענד פון די ניו יארקער יודישע טענעמענט־הייזער. די קרעמערקע קען ניט זיצען, פארשטעהט זיך, אינעווייניג, זיצט זי אויף א קעסטיל דערביי. און אז אימיצער געהט צו עפעס האנדלען, ווערט שוין פון די צוויי מענשען, וואס שטעהען אין דער ברייט ענג, אז א דריטער, ווען, ער וויל דורכגעהן „ראמאילעס" געסיל, מוז ער זיך דורכשפארען.

א גאנצע וואך „שוויבעלט און גריבעלט" דא פון פריה־ מארגען, ביז שפעט ביי נאכט. דער קאמפף איז א מורא׳די־ גער. נאר קיין קולות הערט איהר ניט, ווי אין אנדערע פרייע געסלעך. די קולות קלאפען זיך אב אן די אלטע האלב חרוב׳ע מויערן, וואס הויבען זיך כמעט אויף איינער אויף דעם אנ־ דערען און פערשלינגען אין זיך די שטימען. די קללות, צאנקע־ ריי, רייסעניש, קאנקורענץ, וואס דא קומט פאר, בעמערקט איהר אלזא מעהר אין דער מימיק, ווי אין קולות. אזוי געהט דא פאר דאס לעבען און וועבען טאג איין טאג אויס. וואס דא זאל ניט

פאסירען — עס ענדערט ניט די אויסערליכע פיזיאנאמיע פון ראמאילעם געסיל.

אזוי האט אויסגעזעהן ראמאילעם געסיל אויף דעם פרייטאג ווען דאס, וואס איך וויל בעשרייבען האט פאסירט. אין דעם אלגעמיינעם פראנט פון געסיל איז בלויז קענטיג געווען איין קראם פון אלטע מלבושים. דערביי איז געזעסען אן אלטער יוד, אויף א קעסטיל — דער באלעבאס פון'ם קראם, כמעט געבען איהם איז געזעסען אן אלטע יודענע און געשאלטען. פון די קללות און אנדערע ביי־ווערטער, שטויסט איהר זיך אן, אז ביי זיי איז געווען עפעס א מין שותפות. מ'האט זיך פונאנדערגעטיילט און זי האט טענות אויף דער חלוקה. דער קרעמער קוקט אין א ספר און פון צייט צו צייט ניט ער איהר אויסגאב. דאס איז אלץ קיין נייעס ניט אין ראמאילעם געסיל, און קיינעם קימערט עס ניט. די סצענע ווערט אימער הייסער, נאר קיינער קוקט זיך ניט אום. דאס איז אזוי וואכעדיג, אלטעגליך פאר ראמאילעם געסיל. די יודענע איז „מכבד" זודיג; דער אלטער ענטפערט איהר לעבליך, געלאסען, ניט אברייסענדיג זיך אין גאנצען פון ספר. דאס ברענגט איהר ארויס פון זיך. זי גיט זיך פלוצלונג א לאז צום יונגעלע, וואס שטעהט ביים קראם, נעבען דעם אלטען, לעגט איהם ארויף ביידע הענד אויפ'ן קעפיל און „בענשט" : „דיין מאמע זאל אויפ'ן נייעם יאהר טאנצען מיט דיר די זעלבע חתונה, וואס זי האט געטאנצט מיט דיין ברודערל פאר ניין יאהרען."

ביי דעם אלטען פאלט ארויס דער ספר פון האנד. ער כאפט זיך מיט ביידע הענד פאר'ן הארצען און שרייט מיט ווילדע קולות, ארויסשטעלענדיג אנטקעגען איהר די ברוסט:

— נא, שיס מיך !... מיך... מיך... שלאג מיך... שילט מיך, מיך אליין... מיך... אבער איהם טשעפע ניט... דאס קינד... הערסט !... הערסט !...

דער אלטער פאלט אנידער אויפ'ן קעסטיל. פון קעסטיל אויף דער ערד. פאלט און שטארבט...

קיינער גלויבט ניט. דאס איז אזוי אוננאטירליך פאר ראמאילעם געסיל, אז פון א צאנקעריי זאל איינער פאלען און

שטאַרבען. די בעל דבר'נטע גלויבט אויך ניט. זי זעהט נאָר אז ענדליך האָבען איהרע קללות דורכגענומען. דער אַלטער צאַ־פּעלט זיך, כּאַרכעלט און מאַכט משונה'דיגע תנועות. דאָס טוט איהר הנאה. זי שרייט: אַהאַ! טאַנצוי! טאַנצוי!...

ענדליך ווערט פאַר אַלעמען קלאָר: דער אַלטער איז גע־שטאָרבען. ביי איהם האָט געפּלאַצט דאָס האַרץ.

ראַמאַילעס געסיל ווערט אויף אַ מינוט אַזוי ווי פערגלי־ווערט. די בעל דבר'נטע איז פאַרשוואונדען.

אָבער דער דאָזיגער צושטאַנד דויערט נאָר איינציגע מינוט. דאַן קומט ראַמאַילעס געסיל צו זיך. עס פערשטעהט, וואָס דאָ האָט פּאַסירט. מען וואַרפט זיך איבער פון איין קעסטיל און מולטערעל צו דער אַנדערער מיט עטליכע ווערטער פון דעם אַל־טענס ביאָגראַפיע. דאַן הערט זיך ווידער אין ראַמאַילעס געסיל: אהער... זייט אַזוי גוט, וואָס דאַרפט איהר? אַ פּאָר קאַמאַשען? אַ היטעל? אַ סורדוט? אַ פּאָר מייטקעס? אַ קליידעל, אַ יאַקעל? אהער יודען! ווייבער! אַ פּיאַים אַ קוואָרט ראַזינקעס!...

נאָר די פּאַסירונג געהט איבער ווי אַ בליץ אין די איברי־גע גאַסען, און אין שטאָדט נעהמט דער צופאַל אָן אַ גאַנץ אַנ־דער כּאַראַקטער. עס ווערט אַ טיפּע טראַגעדיע.

נאָר איך וועל אייך איבערגעבען די געשיכטע קורץ און פּשוט, ווי מ'האָט מיר זי דערצעהלט אין ראַמאַילעס געסיל:

דער אַלטער איז געוועזען אַ זקן פון אַ יאָהר זיבעציג. דאָס יונגעל איז זיינער אַ זוהן, אַן איין איינציג קינד, וואָס איז איהם איבערגעבליבען פון עלף, צי צוועלף קינדער. ניין, צי צעהן האָט ער געהאַט מיט דער ערשטער ווייב. זיי זענען אַלע צושטאָרבען. פאַרוואָס זיי זענען צושטאָרבען, דאַרף קיין וואונדער ניט זיין. פיעל מעהר וואונדער איז, ווי אַזוי עס האַלטען זיך און עס האָדעוועען זיך אויס קינדער אין ראַמאַילעס געסיל. דער טאַטע פון די צושטאָרבענע קינדער האָט, ביז דעם ניינטען קרבן, אפילו ניט פּראָטעסטירט. „ד' נתן וד' לקח" האָט ער געזאָגט גלייך מיט איוב'ן, ביי יעדען קרבן. נאָר אַז עס איז געקומען צום ניינטען, האָט ער ניט אויסגעהאַלטען, ער איז דעמאָלט געוועזען נאָהענט צו פופציג. דער געדאַנק, אַז ער וועט בלייבען

אהן א קדיש איז איהם געווען שרעקליך. און ער האט גענומען רעדען וועגען א גט, האבענדיג אבגעלעבט מיט דער ווייב א יאהר עטליכע און צוואנציג. גערעדט האט ער שטארק און ענטשלאַ־סען .די ווייב האט זיך געמוזט אונטערגעבען. נאר אזוי ווי זי האט שוין מעהר קיין האפנונג ניט געהאט צו האבען קינדער, האט זי באפרייט דעם מאן אויף אן אנדער וועג. זי האט זיך ניט דערוואַרט אויף א גט און איז פון הארצוועהטאג געשטאר־בען. מיט דער צווייטער ווייב, מיט דער איצטיגער, האט ער בעקומען א יונגעל, וועלכער האט דערלעבט ביז דעם ניינטען יאהר, און איז אויך געשטארבען.

דאן איז דעם זעכציג יאהריגען אלטען גאר געווארען קשה. עס איז אוועק א פאר יאהר, און די צווייטע ווייב האט איהם געבארען א יונגעל. אט פאר דעם יונגעל, האט זיך יעצט דער אלטער אנגעטשעפעט מיט הענד און פיס, מיט'ן גוף און מיט דער נשמה. ער איז אוועק צו גוטע יודען און געפרעגט עצות: מיט וואס קען ער איהם ראטעווען — דעם לעצטען קדיש. א גוטער יוד האט איהם געהייסען קליידען, דעם יונגעל, בלויז אין לייווענט. פאר די לייווענט זאל ער בעצאהלען פיעל מען וועט בעטען; ער זאל זיך ניט דינגען. אזוי האט ער געטאן. א חוץ דעם האט ער בכלל געזעהן צו האלטען זיך גוט מיט גאט און מיט לייט. האט אפט געהאלטען א ספר, געזעסען אין שול, גע־טיילט צדקה, געהאלפען אלמנות, יתומים, אויסגעהאלטען און חתונה געמאכט ארימע קרובות — מיידלאך. האט געהאט א שם אין ראמאילעם געסיל און ארום פאר אן ערליכען יודען און א בעל צדקה. מיט דער קראם האט מערסטענס געהאט צו טאן די ווייב. אליין איז ער געווען אין א ביער־ברויז אויף א שטעלע עטליכע און צוואנציג יאהר. דאס יונגעל איז געוואקסען און גראד א גערעטענים. האט א גוט קעפעל, זאגען די ווייבער ארום — ער לערנט זיך גוט אי ביי'ן רבי'ן אי ביי'ן לעהרער. איך האב דאס יונגעל געזעהן, אריינקומענדיג צו זיין מוטער, בשעת זי איז געזעסען שבעה נאך זיין טאטען. א סימפאטיש קינד פון א יאהר ניין — צעהן. געהט נאך יעצט אין לייוועגט, מיט לאנגע ציצית און קלוגע לעבעדיגע אויגען. מען בעהאלט זיך גיט פון

איהם. ער ווייס די טראַגעדיע פון זיין טאַטען, פון אַלע זיינע פריהערדיגע ברידערלעך. נאָר א קינד איז א קינד. ער קוקט אויף דער וועלט מיט לוסטיג־לעבעדיגע אויגלעך, און דער סוד פון טויט, פון ראַמאַילעס געסיל קימערט איהם דערווייליע ווייניג.

די יודענע, וואָס האָט דעם יונגעל ארויפגעלעגט די הענד אויפ׳ן קאָפּ, און איז געווען די סבה פון דער דראַמע — האָט גע־וואָלט געהן אויף דער לויה און מחילה בעטען דעם טויטען. נאָר די שכנים האָבען איהר אָבגעשלאָגען. מ׳האָט געזאָגט, אז אויב זי וועט געהן, וועט זי מיט גאַנצע ביינער ניט ארויס.

די דאָזיגע טראַגעדיע האָט אין ווילנע געמאַכט א טיפען רושם. נאָר אין ראַמאַילעס געסיל — בלויז אויף איינינגע מינוט. די היגע לייט ווערען פון קיין געשעהעניש ניט נתפעל. וואָרים יערערענס לעבען דאָ, איז אייגענטליך פון ווינעל ביז צום קבר א שטילע טראַגעדיע, אין וועלכער זיי שאַפען די צוזעהער און זיי אליין שאַפען אויך די העלדען...

# די שלעכטע שוויגער.

די שלעכטע שוויגער קען איך ניט, מ'האט מיר נאר פון איהר דערצעהלט, ביי דער שנור אין הויז, אויף נאוואגראד. די מאמע געהט איבער די הייזער, דער טאטע שוין לאנג טויט.

די קינדער: איינע אין אמעריקא, איינער ביי א שניידער, נאך איינער א יונגעל, געהט אין תלמוד תורה. פאר דער שטי־בעל צאהלט מען אכצעהן רובעל. א בעזונדערע, אה! שכנים. די שטיבעל, א שפאן אין דער ברייט, און צוויי די לענג, כמעט אין גאנצען פארנומען מיט דער ליימענער אויוועלע און די „נארעס". די אויוועלע איז א קליינע, א שמאלע. אין ליטא רופט מען דאס א „ווענטעל". כל זמן מען הייצט עס איז עס ווארים. אין א שעה ארום ווערט קאלט. אן עלטערע טאכטער האט מיט א פאר מאנאטען צוריק חתונה געהאט, גענומען א סטאליער. אליין איז זי א זאקענמאכערין. די מאמע האט געהייסען דעם יונגעל ארונטערקריכען אונטער'ן באלקע און ארויסנעהמען דער ווייבעלס פאטאגראפיע, וואס איז געווען דארטען פערשטעקט.

— א פיינע ווייבעל, הא! וואס זאגט איהר? אן עהרליך קינד, ווי גאלד, הלואי זאלען מיינע אייניקלעך זיין ניט ערגער— ווענדעט זיך צו מיר א שכנה — נעהמט זי, די מכשפה, און מאכט אן א בייז לעבען צווישען דער פאר פאלק.

ווי איך האב פערשטאנען פון דער מאמעס און דער שכנה'ס רייד, איז דער שידוך געווען א פערליבענעס. ז י י ן מאמע האט ניט געוואלט: א בחור, א סטאליער, היינטיגע צייטען.

פארדינט זעקס־זיבען רובעל די וואָך, קען ער נעהמען א בעל־הבתיש מיידעל, מיט צוויי הונדערט קארבען נדן. און אפשר נאָך א יאָהר קעסט. דאָ איז קיין קעסט ניט געווען. הלואי האָט מען אליין וואָס צו עסען. דערפאר האָט די מאמע אבגעגעבען דער פאָר פאָלק די נארעס, און אליין מיט די איבעריגע קינדער גע־בעט זיך אויף א לאנגען בענקעל, וואָס מען פלעגט לייהען ביי נאכט ביי דער באלעבאָסטע. דעם בעל הבית׳ל האָט דאָס פון אנהויב ניט געקימערט: אין א גוט לעבען — כאָטש אויף א שטיין... ער איז אפילו ברוגז געווען אויף דער אייגענער מאמען, למאי זי האָט געשטערט דעם שידוך. פלעגט צו איהר ניט ווע־לען געהן. נאָר די מאמע האָט איהם שוין געקראָגען וואו צו זעהן און איינגערעדט איהם, אז ער קען נעהמען א באלעבאָטיש קינד, און ניט פון די שלעפער, וואָס געהען איבער די הייזער. דעם בעל הבית׳ל איז ענדליך הארט געוואָרען שלאָפען אויף די נארעס. ער איז אוועק און מעהר ניט געקומען. איצט איז אפילו געוואָרען גראמער. די מאמע קען אויך שלאָפען אויף די נארעס און דארף זיך ניט ברעכען אויף א בענקיל. אבער אין שטוב איז אומעטיגער און דער מאמען קרענקט די הארץ אויף דער ווייבעל. די שכנה זאָגט, אז ס׳איז דאָ א האָפנונג, אז דער בעל הבית׳ל וועט נאָך קומען צוריק. אבער איך בין שטארק מסופק.

# די גוטע שוויגער.

ערגעץ האָב איך ניט געהאַט אזא גוטען „קבלת פּנים" ווי בײ איהר, בײ דער „גוטער שוויגער". זי האָט מיך צוגענומען, ווי אן אלטען בעקאַנטען, עפּעס אזוי ווי זי האָט אויף מיר לאַנג געוואַרט. „זעצט זיך, זײט אזוי גוט", האָט זי מיך אײנגעלאַדען. „דער באַלעבאָס קומט גלײך אַרײן." די אלטע איז געזעסען אויפ'ן בעטעל, האַלב ליגענדיג, דאָ אין אַ זיצענדיגער פּאָזע, מיט אויפגעקאַרטשעטע קניע, אײנשפּאַרענדיג אין די קניע די אײלענבויגענס, און אנשפּאַרענדיג אין די אײלענבויגענס דעם קאָפּ. אין אזא פּאָזע האָט זי זיך נאַכאַנאַנד געשאָקעלט, פערגעהענדיג זיך פון וועהטאָג.

— וואָס איז אייך, באָבינקע? — האָב איך איהר געפרעגט, צורוקענדיג זיך נעהענטער. דער גאַנצער קאָפּ איז בײ איהר געוועזן געשוואָלען, ווי אַ בערהוועגע פון אײן זײט, פון די ליפּען ביז צום אויער. דער פּנים איז געוועזן דערפון פערהעסליכט, צע־קריימט און דאָך זענען אין איהם געבליבען קענטיגע שטריכען פון אַ געוואַלדיגער ענערגיע, פון אַ „אידענע אַ קאָזאַק."

אַט אזוי ווי איהר זעהט, האָט זי מיט קרעפּטען, משונה׳־דיג אַרויסגערעדט, — אז איך האָב מיך מעהר אָנגעשטויסען, ווי פערשטאַנען איהרע ווערטער — עס לאָזט ניט אָב... אוי, אוי, אוי... ניט טאָג... ניט נאַכט... אוי, אוי, אוי... איך וואָלט וועלען אַנדרימעלט ווערען אויף אַ מינוט... אוי, אוי... לאָזט זיך ניט... בערעלע! גיעב אַ קאָפּ וואַסער, זוהנעלע!

דער קליינער תלמוד תורה יונגעלע, איהר איינינקעל, האט איהר אונטערגעטראגען אין א קענדעלע אביסעל וואסער. זי האט דאס קענדעלע צוגעטראגען צו די ליפען, ארייננגעגאסען אהין עטוואס וואסער און האט קוים אראבגעשלונגען.

— מעהר ווי וואסער קען איך ניט אראבשלינגען, — האט זי זיך געקלאגט, — שוין דריי יאהר, ברוך השם... קיין קאס קרופניק ניט, קיין ברעקעל ברויט ניט...

וואס איז דאס ביי אייך באבינקע? פון וואנען איז דאס אייך געקומען? — האב איך איהר געפרעגט.

— פון א שרעק איז דאס מיר געקומען, צי „עין הרע", איך וויים! אויף מיין לעבען בין איך ניט קראנק געוועזן.

— דאס איז א ראק, האבען דאקטוירים דערקענט — בויגט זיך צו מיר א שכנה און שושקעט מיר אריין אין אויער, אז די אלטע זאל נים הערען. — מען קען דאס ניט אויסהיילען.

— שוין געוועזן ביי אלע דאקטוירים, — דערצעהלט מיר קוים, אויף איהר שטויגער, די אלטע, מען קאן גארנישט טאן, זאגען זיי, עס דארף אליין איבערגעהן, אין שפיטאל האב איך זיך געבעטען, וויל מען מיט אזא קרענק ניט צונעהמען.

אין מיטען איז אנגעקומען דער באלעבאס, איהר איידעם, א גרויליכער, אייננגעהויקעטער יוד. זעהט אוים, פון א יאהר זעכציג. איז אבער אין אמת נאר עטליכע און פערציג. ער איז א בלינדער, א „גאסינגער מענש", דאס הייסט, געהט אום בעטען נדבות. די אלטע איז געווארען עפעס רוהיגער. זי האט גענומען דערצעהלען איהר וועהטאג, ניט איהר פיזישען וועהטאג, נאר דעם מאראלישען — דעם פערלוסט פון איהר טאכטער. איהר וואלט געזעהן א ווייבעל — א פארשוין, א העלדינע! געלעבט א לעבען אויף אלע יודישע קינדער געזאגט געווארען.. ווי א פאר טויבען. אזוי שטיל געוועזן אין שטוב. איהר האט קיין מאל ניט געהערט, אז זי זאל אויף איהם זאגען: „נאר" צי ער זאל איהר זאגען א גראב ווארט. ער פלעגט פערדינען און אבגעבען איהר ביז א גראשען: טו, וואס דו ווילסט!... און ווי זי האט איהם אבגעהיט...

געזאגט האט זי דאס שאמקענדיג, מיט שמערצען, קוים

ארויסריידענדיג און ציהענדיג די ווערטער, אבער מיט א גוואלד־דיגער ענערגיע און קלאפענדיג מיט איין קולאק אן דעם אנדערען פעסט, היציג.

דער אלטער, דעם אײדעם חייסט דאס, איז געזעסען און האט צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ.

—נאך דעם ווייבס טויט איז פון איהם אויף געווארען א בארג אש — אזוי דערצעהלט די אלטע שבחים אויפ׳ן אײדים. פאר איהם אין די אויגען — נאר איך האב צו איהם גאר נישט. קומט אהיים, איז וויפיעל ער ברייגגט: א צוויי גילדענע, א פערצי־גער — נאט אייך, שוויגער! מיר א וועקגעגעבען אין גאנצען. איך זאל פיהרען די הוצאה. דער אלטער איז געווען א סטאליער, בשעת ער איז געווען זעהענדיג, אז ער האט פערלארען די אוי־גען, איז געקומען צו ווערען א „גאסיגער", שטעהן אין גאס און בעטען נדבות. די ווייב איז געווען א שטוביגע. די שוויגער — א טענדלערקע. געלעבט צוזאמען מיט דער טאכטער, און וואס זי פלעגט פערדינען — אוועקגעבען אין שטוב. אז די טאכטער איז געשטארבען, האט זי, די מאמע, שוין געמוזט ווערען א שטובי־גע, אכטונג געבען אויף די קליינע קינדער, הארעוועו זיי. פון דעסטוועגען האט זי געהאט איהר שטיקעל פרנסה, אפילו זייענ־דיג אין שטוב. און א זייטיגע פרנסה האט מען געמוזט צוברוי־כען, ווארים דעם אײדימס „גאסיגער" פערדינסט — א צוויי גילדען א טאג — איז געווען ווינציג אויף א געזינד פון 7—8 נפשות. איהר פרנסה איז געווען: קאכען באב פאר די בעבער־קעס. די רויטליכע האלב געקאכטע, האלב געבראטענע באב, וואס אהן דעם פראוועט מען אין נאוואגראד ניט קיין „שלום זכר", ניט קיין „מזל טוב", ניט קיין „ברית", און שבת נאכ׳ן שלאף, דיענט עס אנשטאט א גלעזעלע ווארעמס. די אלטע איז געווען א מייסטערקע אויף קאכען אזעלכע באב, און א האלבע טוץ בעבערקעס פון גאס פלעגען ברייגגען צו איהר זייערע טעפ, אז זי זאל דאס איינבראטען. דערפון פלעגט זי האבען איהרע 15 קאפיקעס א טאג. און דאס איז געווען א שטארקע דריטעל אין דער געזינדס בודזשעט.

פערבייגעהענדיג, א באמערקונג וועגן דעם עצם האנדעל פון באב אין ווילנא.

דער דאזיגער מסחר ליגט אין די הענד פון א „טראסט“. דאס איז דערווייל דער איינציגער „טראסט“ אין ווילנא. עס איז מעגליך, אז אט דער טראסט איז דא געווען געגרינדעט בעת אמעריקא האט נאך קיין שכל ניט געהאט צו דערקלעהרען זיך צו אזא ענין. די מעשה איז אזוי: עס זענען דא עטליכע באב־הענדלער, וועלכע קויפען באב אין די צעהנדליגע פודען. די בעבערקעס קענען און טארען ביי קיין אנדערע ניט קויפען קיין באב, חוץ ביי זיי. זונטאג קומט די בעבערקע צום „באב טראסט“ און נעהמט איהר פארציע באב אויף א גאנצע וואך. זי נעהמט עס אויף קרעדיט, ביז דעם קומענדיגען זונטאג. דער „טראסט“ גיט אויף קרעדיט אלע בעבערקעס, ניט מאכענדיג קיין שום אויספארשונג וועגען דער׳ס אדער יענער׳ס קרעדיט־פעהיגקייט. זונטאג, ווען די בעבערקע קומט נאך א נייער פארציע, מוז ווערען אריינגעטראגען פאר דער אלטער, אז ניט — איז אויס קרעדיט.

אט דער וואכיגער קרעדיט מאכט, אז די בעבערקע מוז אנקומען צום „טראסט“ און קען ניט נעהמען אין אן אנדער ארט.

אז די אלטע שוויגער איז קראנק געווארען, איז געווארען אין שטוב אן אמת׳ער חורבן. ערגער ווי נאכ׳ן טויט פון איהר טאכטער. נאר די אלטע איז א „קאזאק“. זי איז יעצט אלט נײַנ־ציג יאהר, לויט איהר אייגענעם חשבון. נאר די שכנה, וואס האט מיר פריהער איינגערוימט אין אויער וועגען איהר אמת׳ע קראנקהייט, האט מיר יעצט אין דעמזעלבען אויער שטילערהייד אריינגעשושקעט, אז זי האלט שוין געווים ביי א הונדערטער.

ווארום זי טענה׳ט שוין א יאהר צעהן די זעלבע טענה, אז זי איז אלט ניינציג יאהר.

ווען איהר האט געטראפען דער אונגליק, מיט דריי יאהר צוריק, האט זי זיך בשום אופן ניט געוואלט אונטערגעבען, די יסורים האבען איהר ניט געלאזט, ניט עסען, ניט שלאפען, זי איז צוגעשמידט צו איהר שמוציגער בעטעל ביי טאג און ביי נאכט, און האלט זיך אין איין שאקלען און אוי־קען, פערקווע־

טשענדיג דעם וועחטאג אין די קולאקעס און עלענבויגענס. נאר עס טרעפט מינוטען, ווען עס געהט איהר אב. דאן קריכט זי אראב פון איהר בעטעל, קאכט אב, און טוט אב אלע מלאכות, און לעגט זיך ווייטער אין בעטעל. אין אט די מינוטען קאכט זי אויך אפ די גרויסע טעפ באב פאר די בעבערקעס. דאס איז א זעהר שווערע ארבייט — שלעפען און רוקען די טעפ. אבער זי מוז האבען די פרנסה, ווארים זי מוז מאכען דעם דריטען גילדען א טאג אויף דער הוצאה.

אט דאס האט מיר אלץ די אלטע דערצעהלט. צווישען איין „אוי“ און דעם אנדערען, קוים ארויסברייננגענדיג איהרע ווערטער פון דעם געשוואלענעם צוקרימטען מויל. זי האט א קעהר געטאן דעם קאפ צום טישעל, וואס איז געשטאנען נעבען איהר בעטעל. אויפ׳ן ברעג טישעל איז געלעגען א שטיקעל חלה. דאס איז, אפנים געבליבען פון שבת. דער אלטער האט דאס אין „גאס“ בעקומען, אדער אפשר געקויפט ספעציעל פאר דער שווינער. די חלה האט זיך, אויף שטום לשון, שטארק צושמועסט מיט דער אלטערס „יצר הרע“. איהם האט זיך פערגלוסט מיט דער חלה געהענטער בעקאנט ווערען.

— בערעלע, — האט דער „יצר הרע“ מיט דער אלטער׳ס געשוואלענע ליפען, קוים ארויסגעשטאמעלט צום אייניקעל, דעם קליינעם תלמוד־תורה אינגעל: גיעב, מיין זוהנעלע, מיר דאס שטיקעל חלה; עס ציהט מיר עפעס אין הארצען.

בערעלע האט איהר צוגעטראגען דאס שטיקעל חלה. די אל־טע האט אבגעבראכען א שטיקעל, געפרופט צו לעגען צום מויל, געדרעהט עס, אויסגעמארקירט עס מיט דעם זייט, מיט יענעם זייט — עס קריכט ניט, ווענען אבבייסען א שטיקעל איז דאך קיין רייד ניט, אז מ׳קען מיט קיין ליפ ניט א ריהר טאן. א פאר מינוטען האט זי זיך אזוי געראנגעלט מיט דעם שטיקעל חלה און האט עס ניט געעקנט בייקומען.

— נא, בערעלע, לעג עס אוועק... איך קאן ניט... — האט זי אין פערצווייפלונג אבגעגעבען דעם יונגעל דאס שטיקעל חלה צוזאמען מיט דעם אבגעבראכענעם ברעקיל.

דער יונגעל האט עס אוועקגעלייגט צוריק אויפ׳ן זעלבען

ארט, אויפ'ן ברעג טישעל, כדי די באבע זאל קענען אליין נעה־מען, ווען איהר וועט הונגער'ן ביי נאכט.

די אלטע האט א זעץ געטאן ענערגיש מיט דעם רעכטען קולאק אין דער לינקער דאלענע און געמיהט זיך עפעס זאגען, נאר אין מיטען זענען אריינגעלאפען עטליכע ווייבער, אזוי ווי אנגעטראגען מיט שטורם, מיט טענות, מיט א ליארם:

— אז זי קען ניט, דארף מען ניט! וואס! מיר גייטען חלילה? מיר'על'ן קריגען דערווייל אימיצען, זאל אונז קאכען די באב.

די אלטע האט זיך פאר'אוי'קעט און זיך גענומען שטאר־קער שאקלען פון וועהטאג.

איך האב געפרעגט ביי דער שכנה, וואס איז געשטאנען נעבען מיר: וואס איז דער מעהר? זי האט מיר דערצעהלט, אז ביי דער אלטער עפענט זיך פון צייט צו צייט, דער געשוואלענער קאפ און עס געהט ארויס, ערגעץ פון א וואונד, א שטראם מיט בלוט און פלאגמע. נעכטען האט עס איהר געטראפען. גראד איז קיינער אין שטוב ניט געווען. די אלטע איז, אין מיטען עסק'ען זיך ארום די טעפ מיט די באב געפאלען אויף דער ערד, בעגא־סען מיט בלוט. זי האט זיך ווי עס איז אויפגעקראפקעט אויף די פיס, האט געקראגען אן אניצע, ארומגעווישט זיך, און קוים פארקראכען אין איהר בעטעל, פון וועלכע זי האט ביז יעצט קיין כח ניט ארויסצוגעהן. עמיצער האט, ווי עס זעהט אויס, די ווייבער אנגעזאגט, אז עס איז געקומען א דאקטאר, צי אימיצער פון די שטאדטישע סאניטארען צו דער אלטער, און מען פרעגט זיך שטארק פאנאנדער וועגען די באב. פיהלענדיג, אז, ביי אזוי־נע אומשטענדען, איז די ריינליכקייט פון די באב עפעס ניט אזוי מוסטערהאפט, האבען די ווייבער זיך דערשראקען און געקומען צו לויפען: הערען און זעהען — וואס דא איז.

איך האב זיי בערוהיגט און געגעבען אן עצה, זיי זאלען דערווייל לאזען דער אלטער צורוה און זוכען זיך אן אנדער אויווען צו קאכען די באב. איך האב זיי געגעבען צו פערשטעהן, אז בכלל איז שוין צייט דער אלטער אויסצורוהען זיך, און אויב אן ארימאן טאר

זיך ניט אויסרוהען, איז דאך איהר שוין גענוג פון איהרע וועהטא־
גען. איך האב זיי געגעבען די עצה, נאר ביי זיך האב איך געפיהלט
און אין זייערע פנים'ער האב איך דערקענט, אז זיי וועלען פאל־
גען מיין עצה ביז... מארגען. ווארום וואס טוט מען אין נאוואגא־
ראד, אז עס פעהלט פארט א דריטער גילדען א טאג צום בו־
דזשעט, און דערצו איז אין גאנץ נאוואגאראד ניטא אזא ספעציא־
ליסטין אויף בראטען שבת'דיגע באב ווי די „גוטע שוויגער" ?...

# צווישען תלמוד תורה יונגלעך.

אין נאוואגאראדער תלמוד־תורה לערנען ביז 200 קינדער. דאס זענען קינדער פון דער ארימסטער יודישער בעפעלקערונג. א גרויסער טייל פון זיי זענען יתומים; דער אהן א פאטער, דער אהן א מוטער. איינער איז א ממזר, איינער א קעשעניק, וואס פראקטיקירט זיין „פראפעסיע" אין די טעג, האלבע טעג און שטונדען, וואס ער גנב'עט אוועק פון תלמוד־תורה. אינטערע־סאנט איז, אז די מלמדים, יודען מיט א פארצייטיגען קוק אויפ'ן לעבען, קוקען אויף אט די יונגלעך ניט מיט פעראכטונג, נאר מיט מיטלייד, און זיי דערלאזען ניט די איבעריגע קינדער זיי צו בעליידיגען.

פון די אלע קינדער געהען א דריטעל אהן העמדער, דריי פיערטעל אין צוריסענע שטיוועל, כמעט אלע אין צוריסענע קאפאטקעלעך און נאר איינציגע האבען פון אויבען א ווינטער־דיגען וואטאוועו מאנטעלע. גאנצע קאפאטקעלעך האבען נאר געהאט די, וואס פלעגען געהען זינגען צו מתים.

איך בין געוועזען אין תלמוד־תורה, ניט איין מאל, און האב גוט בעטראכט די קינדער. זיי אונטערשיידען זיך מיט גארנישט פון באלעבאטישע קינדער. א חוץ איין אידיאטישען יונגעל, זע־נען אלע קינדער נארמאלע — אי פיזיש, אי גייסטיג, אי מא־ראליש. „צווישען גביר'שע קינדער — האט מיר דער מלמד ער־קלערט מיט שטאלץ — זענען פאראן מעהר אידיאטען, ווי צווישען ארימע." און ער האט מיר געבראכט בעווייזען פון גע־

הויבענע חדרים, וואו די קינדער זענען א סך טעמפּער און פער־ווילדעטער, ווי אין תלמוד־תורה.

ביי דעם אידיאָטישען יונגעל בין איך געווען אין דער־היים. דער יונגעל איז אלט א יאָהר זעקס, זיעבען.

— ווי אלט ביסטו? — פרעגט מען איהם.

— פיער יאָהר.

— און דיין טאַטע?

— צוויי.

— די מאמע?

— דריי.

— ווי רופט מען דיך?

— איך וויים נישט.

פון אויסען אבער מאכט אפילו אַט דאָס טעמפּע קינד גיט קיין איינדרוק פון א פּסיכיש־אוננאָרמאלען.

„ער לערנט אין תלמוד־תורה שוין דריי זמנים און קען קיין עברי ניט", — קלאָגט זיך אויף איהם דער רבי — כאַטש האקט איהם אין קאָפּ"....

זיין טאַטע איז געווען א שוסטער. געשטאָרבען יונגער־הייט און געלאָזען א ווייב מיט פיער קליינע קינדער. „ער איז פון איהם — ווייזט מיר די מוטער אויפ'ן יונגעל, מיט א שטילען זיפץ, — פון איהם איז ער קראַנק געוואָרען און פון דער וועלט אוועק. נאָך פאר'ן טויט האָט ער גרוים הארצוועהטאָג געהאט, וואָס דער יונגעל — זיין איינציגער זוהן — וועט נאָך איהם קיין קדיש ניט קענען זאָגען. און ווירקליך: געזאָגט קדיש נאָך איהם האָט א מיידעלע".

אידיאָטיזם איז ביי יודען א אונגעוועהנליכע זאַך. א פּסי־חיש־אוננאָרמאלעם קינד איז ביי אלע יודישע טאַטעם און מאַ־מעס דער גרעסטער אונגליק. דערפאר איז אונבעשרייבליך די פרייד ביי יודישע עלטערען, בעזונדערס ביי דער מאסע, ווען א קינד איז געראָטען און לערנט גוט.

מיך האָט אינטערעסירט די ביאָגראַפיע פון דעם קליינעם סעשעניקעל. „פאַרוואָס קומסטו שפּעט און ניט אלע טאָג אין חדר?" האָט איהם דער מלמד געפרעגט.

דער יונגעל האָט איינגעשפּאַרט זיין בליק אין וואַנד, גע־זעסען שטום און ניט געענטפערט.

ווען מען האָט איין יונגעל עפּעס געפרעגט, האָבען די אי־בעריגע קינדער גערן אנטייל גענומען אין געשפּרעך, געהאָלפען דערצעהלען דעם חבר'ס ביאָגראַפיע. נאָר דאָס מאָל האָבען אַלע געשוויגען. דער עולם האָט געוואוסט פון דעם געפרעגטען איינ־געל'ס „מלאכה", נאָר קיינער האָט איהם ניט געוואָלט פער־שעמען. דערפאַר האָבען זיי געהאָלפען ערקלערען אַנדערע איינ־צעלהייטען פון זיין ביאָגראַפיע.

אָט איז זי אין קורצען:

דעם יונגעל רופט מען יודקע: זיין טאַטע איז אַ גאַס־מענש, געהט מיט אַ קעסטעל צוקערקעס. פערקויפט זיי ניט, נאָר שפּילט זיי פאַרנאַנדער דורך נומערירטע מזל־קלעצעלעך. פער־דיענט דערפון אַ פּאָר גילדען אַ טאָג. זיין מאַמע איז געשטאָר־בען מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק. דאָס הייסט — ניט געשטאָרבען, נאָר מען האָט איהר צוגע'הרג'עט. וואָרים זי איז געוועזען אַ בע־ריהמטע גנב'טע. זי פלעגט געהן כלומר'שט בעטען נדבות און פלעגט וואָס צונעהמען פון קיך. האָט זיך ניט געפּוילט, זאָגט מען, אראָבנעהמען אַ גאַנז ביי אַ גוי פון אַ וואָגען און אפילו ביינאַכט ברעכען אַ שלאָס.

בייטאָג געהט דער טאַטע אוועק אין גאַס און די צוויי עלטערע שוועסטער — ארבייטען. בלייבט דער יונגעל אליין אין קאַמער, אָהן אויפזיכט און אָהן עסען. אַ הונגעריגער געהן אין חדר ווילט זיך ניט. געהט ער אוועק איבער די קרעמלעך, איבער די מולטערלעך, בעטעלט אוים אַ שטיקעל ברויט, צו אַ קוכען, אָדער נעהמט פּשוט צו, עסט אָב און דאַן געהט ער ערשט אין חדר. עס טרעפט, אַז דער „עסק" איז אַ שווערער: מען מוז אָר־בייטען עטליכע שעה ביז מען קריגט אַנ'אָנבייסען. עס ווערט שוין שפּעט. דאַן פּאַסט ניט צו געהן אין חדר און מען בלייבט אין גאַס מיט חברים פון דער זעלבער „מלאכה".

נאָר אויסער אַנ'עס־זאַך — האָט מיר פערזיכערט דער רבי — גנב'עט ער גאָרנישט. איך האָב געהאַט — זאָגט ער — צו־טאָן מיט די „דאַמען", די פּאַפּעטשיטעלניצעס, איבער אָט

דעם יונגעל. זיי האבען איהם געוואלט ארויסטרייבען. ער וועט פערדארבען — זאגען זיי — די איבעריגע קינדער... פע, האל־טען א קעשעניק אין תלמוד־תורה !... אבער איך האב זיך שוין איינגעשטעלט און אבגעשריען איהם. גיט איהם עסען — זאג איך — וועט ער ניט גנב'ענען. אפשר וואלטען נאך גביר'ישע קינדער געווען ערגער פון איהם, אז זיי וואלטען געווען אין זיין לאגע.

נאך א יונגעל א קעשעניק איז דא אין תלמוד־תורה. ניט א איצטיגער, נאר א געוועזענער. א יתום. האט ניט קיין טאטען און ניט קיין מאמען. „אין תלמוד־תורה איז ניטא נאך אזא עהרליך קינד, ווי ער איז איצט" — ערקלערט מיר דער מלמד — ריהרט קיינעמס ניט אן, און מען הערט פון איהם קיין הויך ווארט נישט. אין תלמוד־תורה גיט מען בייטאג א טעלערעל קרופניק מיט א שטיקעל ברויט — ליידט ער ניט אזוי קיין הונגער, און ביי נאכט האט מען איהם גענראגען וואו צו נעכטיגען, איז ער געווארען אן עהרליך קינד.

מערקווירדיג איז די ביאגראפיע פון דעם ממזר. זיין מא־מע — אן ארים מיידעל האט ניט געהאט קיין האפנונג חתונה צו האבען. אבער דאס מוטערליכע געפיהל האט שטארק געפא־דערט זיינס. האט זי זיך געלאזט פערפיהרען פון א צופעליגער בעגעגעניש. דעם יונגעלס טאטע איז אין אמעריקא ; האט דארט חתונה געהאט און קימערט זיך א האר נישט וועגען זיין קינד. די מאמע — שיינט ניט צו האבען קיין גרויסען פער־דרוס אויף איהר קינד'ס טאטען. זי דיענט אין דער פרעמד, דערפאר גיט מען איהר עסען און מען ערלויבט איהר צו האל־טען ביי זיך איהר קינד. אלץ, וואס זי פערדיענט, גיט זי אויס אויף איהר קינד — איהר איינציגער טרייסט אין לעבען. דער־פאר זעהט דער „ממזר" בעסער אויס און איז גאנצער געקליידט פון א סך אנדערע תלמוד־תורה־קינדער.

אינטערעסאנט איז די בעציהונג צו דעם ממזר און צו זיין מוטער פון די שכנים. קיינער ווארפט איהם ניט אויף. קיינער בעליידיגט ניט דאס קינד. דארט, אויפ'ן „דעק" פונ'ם יודישעי תחום סוקט מען אויף דעם ניט ווי אין די אויבערשטע

קלאסעז. דארט, אין נאוואגאראד, איז דאס ניט קיין זעלטענע ערשיינונג. מען געפינט עס פאר גאטירליך און מען האט צו דער פרוי מיטלייד. ניט בלויז די יונגערע, נאר אפילו די עלטערע יודען און ווייבער.

די ביאגראפיעס פון אנדערע יונגלעך זענען ניט ווייניגער אינטערעסאנט. אט האט איהר א האלבע טוץ פון זיי. איך נעהם ווי עס געהט, כסדר, ניט געקליבען.

אט איז ניאמקע — א יונגעל פון 10 יאהר; האט זיין אייגענס א שטיעף־טאטען מיט א שטיעף־מאמען ביי א לעבעדיגען טאטען און מאמען, וועלכע האבען זיך גע'גט. „אז איך קום צום טאטען — קלאגט זיך דער יונגעל — טרייבט מיך די „מומע“; קום איך צו דער מאמען שלאגט מיך דער „פעטער“. האלט איהם דער פעטער — אן אמת'ער פעטער, דער מלמד פון תלמוד־תורה.

ווייטער געהט יודקע, 11 יאהר אלט. דער טאטע איז געשטארבען. געווען א פוהרמאן. די מאמע מאכט פאפיראסען; ציהט דערפון די חיונה, פאר זיך און דאס געזינד. זי איז יעצט קראנק, צייט א האלב יאהר. א פעטער איז דא, גיט ער אמאל אויף דער הוצאה, אמאל ניט. יודקע האט נאך גאר א קליין ברודערעל און א קליין שוועסטעריל. די שוועסטעריל האט א מכה אויפ'ן קאפ. אין דערהיים קאכט מען קיינמאל ניט. אז עס געהט אוועק א פאר טעג ניט געגעסען, האט אמאל א שכנה רחמנות און טראגט אריין א פונט ברויט אויף פיער נפשות. שבת שיקט מען אריין א פאר פישלעך.

נאך איינער — איצקע; זיין טאטע איז א שניידער. פינף יאהר אין אמעריקא, אין ניו־יארק געווען. האט נאך א קליין ברודער'ל, וואס א מומע האט איהם צוגענומען האדעווען. דער טאטע פלעגט אמאל שרייבען בריעף און שיקען געלד. דערנאך איז ער זיך מיישב און שיקט דער מאמען אנשטאט א בריעף — א גט, און אליין האט ער שוין פריהער חתונה געהאט מיט אן אנדערע. די מאמע האט דעם גט ניט געוואלט נעהמען און האט איהם אבגעשיקט צוריק. זי קען מאכען זאקען, נאר זי האט ניט קיין משכון: פינף רובעל אויף באַ־

וועל — ארבייט זי ניט. העלפט ביסלעכווייז אונטער אין א טשיינע — גיט מען איהר עפּעס דערפאר.

וועגען דעם דריטען, טעווקען, דערצעהלען מיר זיינע חברים, אויף זייער שטויגער, א גאנצע געשיכטע, עהנליך צו „חד גדיא": זיין מאמע, (דער טאַטע איז געשטאָרבען), א יודע־נע, וואס געהט מיט׳ן קאַשיק, האָט איהם אָבגעגאסען מיט א שיסעל וואסער. דאָס האָט זיין מיטעלען ברודער אזוי בענומען, אז ער האט געכאַפּט א מעסער און געוואָלט שטעכען דער מאמען! איז געקומען שפּעטער דער עלטערער ברודער (ביידע זענען שוסטער), און געשלאָגען דעם מיטעלען. א חוץ דעם האָט דער מיטעלער ברודער נאָך עפּעס אבגעטאָן, צו וואָס איז נאָוואָגראַד איז מען גאָר ניט געוואוינט. נאָר וואָס געענדיגט זיין טערמין ביים שוסטער און געגומען פערדינען דריי „קאַרבאָנצעס" א וואָך, האָט ער געכאַפּט און חתונה געהאט מיט א קליין מיידעל. „די חופּה איז געווען צווישען אויוען" — בעמערקט א יונגעל פון דער זייט און חברה ארום לאכט. חתן־כלה זענען צוזאמען אלט געווען, בשעת דער חתונה דרייסיג יאָהר. די מאמע האָט ניט געוואָלט געהן צו דער חופּה, פאר חרפּה.

דער פיערטער — מענדקע, א פּיזשיק פון 6 יאָהר האָט זיך געכאַפּט מיט א שטיין צו זיין טאַטען: אלטער שט...קער, ניסט עסען, צי ניט? !... שכנים האָבען אָנגעלערענט, אָדער אפשר די שטיעף־מאמע, וועלכע טיטעלט אָפּט אזוי דעם מאַן.

דער יונגעל הערט די געשיכטע און שווערט, אז ס׳איז א ליגען. די איבעריגע שווערען: „ווי איך בין א יוד!", אז עס איז אן אמת. מענדקע בעהאלט תמימות׳דיג און פערשעמט זיין קעפּעל אונטער אן עלטערען חבר׳ס ארבעל. יענער צערטעלט איהם, גלעט איהם איבער׳ן שטערען. דער גאנצער עולם פער־האלט זיך צום עצם „פאקט" קריטיש. אבער דאָך בלייבט מענד־קע א חבר. „מאלע וואס עם טרעפט אין נאָוואָגראַד ?..."

ביי דעם עלף־יאָהריגען גדליה׳קען איז אויך דער טאַטע (א מאלער) אין אמעריקא. שוין צעהן יאָהר, אז ער האָט זיך מיט דער מאמען גע׳גט. די מאמע דיענט ביי פּרעמדע. קומט — קלאָגט זיך דער יונגעל—פון זיי פּינף רובעל, בעצאָהלט מען ניט.

אז מען וואָלט בעצאָהלט, וואָלט די מאמע איהם געקויפט גאנצע שטיוועלעך. די מאמע פערדיענט א גילדען א טאָג. דירה־געלד צאָהלט מען פאר „א בעט“ 30 קאָפּיקעס א וואָך. עס פער־שטעהט זיך, אז קיין וואַרעמעס און וועטשערעס קאָכט מען נים. דער טאַטע וויל פון זיי גיט וויסען.

פאַלקע (פערצויגען פון רפאל. אלע איינגעלשע נעמען זע־נען פערצויגען אויף „קע“), 10 יאָהר אלט, איז א יתום פון צוויי יאָהר אָן. זיין טאַטע איז געווען א רב, צו א ראש ישיבה אין א קליין שטעדטעל. נאָכ׳ן טאַטענ׳ס טויט איז געבליבען א קאַ־פּיטאַל פון א רובעל דרייסיג... מיט אזא „קאַפּיטאַל“ קען מען נאַטירליך מאכען א בעסערען געשעפט, ווי האנדלען מיט באָב, צו געבראָטענע עפּעל. האָט זיין מאמע גענומען האנדלען מיט אייער. אז פון דער פרנסה האָט מען זיך דורכגעלעבט „נישט קשה“ — בעווייזט דער פאקט, וואָס מען האָט געצאָהלט פאר א דירה 38 רובעל א יאָהר און פערנומען די דירה איינגאנצען, אָהן שכנים. וואָלט געווען גוט. איז די מאמע ניט לאנג קראנק געוואָרען אויף די פיס. א גליק וואָס דריי דערוואקסענע שוועס־טער זענען דאָ. איינע א שניידערין, איינע א זאָקען־מאכערין און איינע א נייטערין. ארבייטען זיי און גיבען אויף דער הוצאה. אָט אזוי „לעבט“ מען אין נאָוואָגראָד...

# לעבעדיגע וואָס לעבען פון טויטע.

אויפ'ן גרונד פון יודישען לעבען איז א „בר־מינן" איינער פון די בעסטע סחורות, ארום יעטוועדער „בר־מינן". אויב ער איז ניט גאָר קיין „מאָגערער", דאָס הייסט, אויב ער בעלאַנגט אליין ניט צו די סאמע אונטערשטע פון „דעק", שפּייזען זיך ביז א צעהנדליג פאמיליען.

אָט די לייט זענען גאָר א בעזונדער סאָרט מענשען, דאָס זענען מענשען פערצווייפעלטע, וואָס האָבען דורכגעמאכט אין לעבען מורא'דיגע מלחמות; זענען פון יוגענד אָן פערהארטע־ וועט אין קאמפף, האָבען פערלאָרען יעדע האָפנונג אויף דעם, וואָס מענשען רופען אָן „גליק", „נחת", און ווען זיי האָבען א אידעאל, איז דאָס נאָר איינער: ניט קרעפּירען פון הונגער, ניט דערפראָרען ווערען פון קעלט; ניט דערשטיקט ווערען פון טשאַד — אין אלגעמיין — צו דערהאלטען די נשמה פון איין תענית צום אנדערען.

די דאָזיגע לייט זענען געבאָרען, ערצויגען און לעבען אויפ'ן גרענעץ צווישען לעבען און טויט. זייער לעבען איז א לאנגזאמע גסיסה. אויב זיי שרעקען זיך איז — פאר'ן שטארבען, ניט פאר'ן טויט, טויט זיין הייסט ביי זיי — רוהיג זיין, זיין אויף אייביג בעפרייט פון הונגער, טשאַד און קעלט. נאָר ערגער פון שטארבען שרעקט זיי דאָס לעבען.

און דעריבער זענען זיי גלייכגילטיג צום טויט.

אין נאָוואָגאראָד קענט איהר זיי טרעפען אָפט — די לעבע־

דינגע, וואָס לעבען פון טויטע. די ערשטע, וואָס באַגעגענען א יודען אויפ'ן גרענעץ צווישען לעבען און טויט — זענען די „בטלנים" און די „זאָגערינס". די זאָגערינס זענען צום טייל אויך רעבעצינס, וואָס לערנען מיט מיידלעך, אמאָל מיט יונג־לעך. „איך האָב שוין געפּרובט לערנען מיט א יונגעל א פּרשה חומש אויך", — האָט זיך איינע פון זיי פאַר מיר בעריהמט. די זאָגערינס זענען דאָס רוב מלמדים'שע ווייבער. אויב זיי זע־נען „וואויל־געלערענטע", העלפען זיי אונטער דעם מאַן קנעלען. אז דער מאַן שטאַרבט, נעמען זיי, ניט זעלטען, איבער זיין „קנעלונג". אלס וואויל־געלערנטע פונ'ם קווארטאל, ברויכט מען זיי צו ודוי־זאָגען מיט א גוסס'ער, זאָגען „מעבר־יבוק" און מתפלל זיין אויף קברים ביי א יאָהר־צייט, און ימים נוראים זאָגען פאַר ווייבער אין שוהל. אַט די ווייבער זענען פון דעם טיפּ „קאַזאַקען". שיטען אָפּט תורה־ווערטלעך און האָבען ליב צו דיספּוטירען מיט מאַנסבילען וועגען א פּסוק. ניט קוקענ־דיג דערויף, וואָס זיי זעהען אָפט דעם טויט פאַר די אויגען — זענען זיי אימער ריהרעוודיג, לעבעדיג, מונטער; און וויפיעל צרות זיי זאָלען ניט האָבען — זיי גיבען זיך ניט אונטער.

די בטלנים — וואָס וואַכען ביי א קראַנקען און זאָגען תהלים נאָך א געשטאָרבענעם — זענען פּונקט דער געגענזאַץ פון די ווייבער — די זאָגערקעס. דאָס זענען מענשען פלעגמאַ־טיקער — קאַלטע נשמות. געבאָרען אין עלענד און אָרימקייט גיבען זיי פּריה אויף דעם קאַמפּף מיט'ן לעבען, ווערען זיי אויף גיך מיעד, לאָזען אראָב די הענד און ווערען פויל. דאָס לעבען האָט זיי קיינמאָל ניט געפּיעסטעט. זיי פערלאַנגען אויך פון איהם גאָר נישט. דער גרעסטער גענוס, צו וועלכען זיי האָבען א „יצר הרע", איז א גלעזעלע בראַנפען. זיי האָבען אפשר א מאָל ליב געהאַט אויך דעם תהלים. נאָר פון פיעל זאָגען זענען זיי געוואָרען טעמפּ צו די טרויעריגע, ריהרענדע קאַפּיטלעך. זייער נגון איז א איינטאָניגער, א הילצערנער, א געקויפּטער. ווען די שטוב־לייט ארום דעם „בר־מינן" וואַכען און רייסען איין „וועלטען". בפרט ווען דער „בר־מינן" איז א „פּעטער" און די בטלנים ערוואַרטען א היבשע מטבע — דאַן ווייזען זיי אויף [illegible]

ארויס מעהר טעמפעראמענט: דער נגון איז קלינגענדיג און ציטערנדיג און כלומרשט וויינענדיג. פיהלען אבער די בטלנים, אז די אבלים זענען ניט גאר פערצווייפעלט, אז דער בר־מינן שטערט זיי ניט צו שלאפען, בעזאנדערס, ווען דער „העכט" איז א מאגערער, דאן לאזען זיי אראב דעם נגון אויף א נידעריגע אקטאווע, הומזען אונטער'ן נאז, פאלשעווען, היפען איבער פסוקים און גאנצע קאפיטלאך, און שלאפען זיך גאנץ געמיטליך נעבען דעם פוילענדען טויטען קערפער.

די דריטע קאטעגאריע זענען — די תכריכים־נייטערקעס. דאס איז א ענג־פערשלאסענער „פראפעסיאנאלער פעראיין". וועלכער האלט דעם „פאך" אין מאנאפאל און ווענדעט אן אלע מיטלען, ניט צו דערלאזען קיין קאנקורענץ. אט די ווייבער לעקען אב דאס בעסטעביינדעל פון דעם „בר־מינן". זיי פליהען אן, ווי די קראהען, אין דעם שרעקליכסטען מאמענט פון דעם מענשענס לעבענס־דראמע, ווען די הארטעסטע הערצער ווערען אביסעל געשמאלצען, און מען בעשטעהט ניט אום א קליינע מטבע. טאמער גיט מען ניט אליין — בעטען זיי, און אויב זיי דענקען, אז ס'איז ווינציג — דינגט מען זיך. אין ווילנא איז אפילו איינגעפיהרט געווארען אויף „בית עולם"־הוצאות א טאקסע מיט „פעסטע פרייזען", און עס איז שטרענג פערבאטען צו בעטלען, אבער ווער וועט זיך נעהן קלאגען אין דעם טרויעריגען מאמענט?

דער עסק פון די תכריכים־נייטארינס איז אייגענטליך ניט קיין שווערער. יעצט, ווען אלץ ווערט געמאשינעוועט, ווערט אויף דעם מענשענס לעצטע גארדעראב גענייט אויף דער מאשין און נעקויפט פארטיגע, אין דער ביורא פון „צדקה־גדולה". די ווייבער בעלאנגט נאר די ראלע פון „צוריכטערינס" און „פוצערינס". בשעת זיי זענען זיך עוסק אין דער „ארבייט", האבען די ווייבער א טיעף ערנסטען פנים, ארבייטען פלינק און פיהרען דערביי צווישען זיך א שמועס וועגען היימישע אינטערעסען. ווען עס פאסט זיך, דערצעהלען זיי „שבחים" פון דעם טויטען און טוען צייטענווייז א זיפץ, ווען זיי זענען זיכער, אז די אבלים וועלען עס הערען.

א וויכטיגע ראָלע אין דעם יודענס „לעצטען מאַרש“ שפּיע־לען די תּלמוד־תּורה־קינדער. איך בין געווען אין תּלמוד־תּורה בשעת א טייל פון די קינדער זענען נאָר וואָס אָנגעקומען פון א לויה. זייערע געוועהנליך בלאַסע, אויסגעווייקטע פּנים׳לעך, זענען געווען פריש און רויט; די אויגלאָך האָבען געבלישצעט, אויף אַלעמענס געזיכטלעך איז קענטיג געווען א צופריעדענ־הייט מיט זיך אליין. די איבעריגע יונגלעך פון תּלמוד־תּורה האָבען אויף זיי געקוקט מיט קנאה. זיי אליין האָבען געהאַט אַן ערנסטע מינע, בעטראַכט זיך ווי מענשען, וואָס האָבען נאָר וואָס אויסגעפיהרט א וויכטיגע אויפגאַבע. דער מלמד האָט מיר דערצעהלט, אז די נייע גבאים פּראָיעקטירען אויסצופיהרען דעם קינדערשען „צדק־לפניו“־כאָר פון תּלמוד־תּורה. די עלטערען פון די קינדער האָבען דאָס דערהערט, איז צווישען זיי געוואָרען א גערודער. דערמיט וועט אָבגענומען ווערען א שטיק פון זייער חיונה. וואָרום, פערשטעהט איהר מיך, יעדער יונגעל, וואָס געהט אין כאָר, בעקומט פינף קאָפּיקעס א וואָך. מאַכט זיך א דריי־פיער לויות און אמאָל מעהר, קומט אריין דער פון א פּאָר גילדען א וואָך אויף דער הוצאה. אין דעם בודזשעט פון ווילנער „דעק־מענשען“ שפּיעלט אזא סומע זעהר א גרויסע ראָלע. נאָך מעהר זענען צופריעדען פון דעם „מאַרש“ די קינדער אליין. צום טויט זענען די נאָוואָגאָראָדער קינדער אזוי גלייכגילטיג, ווי זייערע טאַ־טעס און מאַמעס, און עלטערע שוועסטער און ברידער. פון דער אנדערער זייט אָבער האָט דער „מאַרש“ פּאַר דער קליינער חברה זעהר פיעל אַנציהענדעס. ערשטענס ווערט מען פּטור פון חדר אויף א גאַנצען האַלבען טאָג. צווייטענס געהט מען דורך אזוי פיעל גאַסען און מען זעהט אזוי פיעל נייע מענשען און קרעמלעך מיט גוטע זאַכען. דריטענס גיט מען ביי דעם אבל אין שטוב איידער מען „ריכט אויס“ דעם בר־מנן אזוינע נאַשערייען, וואָס מען זעהט עס זעהר זעלטען ביי זיך אין שטוב, אין נאָ־וואָגאָראָד. א שטויגער, ווי הערינג צו ברויט און זיסע טיי. אמאָל קריגט מען נאָך א בויגעל דערצו. געהענדיג צום „פעלד“ קען מען זיך גוט אָנשמועסען צווישען איין „צדק“ און דעם אנ־דערן, בעהאַלטענערהייט, אז קיינער זעהט ניט, גיט מען א

שטיף אויף. בעזונדערס אבער איז אינטערעסאנט דאָס „פעלד“ אליין, איבערהויפּט זומער־צייט. זומער איז דער לויה־מאַרש ביי נאָוואָגאָראָדער תלמוד־תורה׳ניקעס אנ׳אמת׳ער פּיקניק. ווייל־נער „בית־עולם“ ליעגט אין א שענעם געגענד, צווישען בערג, אין איינעם פון די שענסטע פאַרשטעדט, הינטער די בעריהמטע אנטאָקאָלער דאַטשעס. ביי די אָרעמע קליין־וואַרג קלעקט אויף וואַכענלאנג שטאָף פון דעם, וואָס מען זעהט זיך און מען הערט זיך דאָ אָן.

א חוץ די הערינג מיט זיסע טיי און 5 קאָפּיקעס, וואָס מען גיט די יונגלאָך, אָפּפּערען די אבלים געוועהנליך אויף תלמוד־תורה עטליכע רובל. פון אזעלכע נדבות קלייבט זיך אָן וואָסערע 70—80 רובל א מאָנאָט. דאָס מאַכט אויס דעם גרעסטען טייל פון נאָוואָגאָראָדער תלמוד־תורה׳ס בודזשעט. דעריבער איז א בר־מינן אין שטאָדט אנ׳אמת׳ער יום־טוב אין נאָוואָגראָדער תלמוד־תורה, און די שמשים, וואָס קומען אָנזאָ־גען די בשורה: אז עס איז דאָ א „העכט“, בעקומען „פּעט“ א צוויי־גילדערנע פון „שטיק“...

# „בית־עולם"־טראַגעדיעס.

דער יודישער „בית הקברות" האָט אויך דורכגעמאכט ביי אונז פערשידענע צייטען פאר די לעצטע פאַר צעהנדליג יאָהר. אין די געוועהנליכע יאָהרען פאר דער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג, האָט זיך דאָרטען אויך אָבגעשפּיעלט דאָס געוועהנליכע לעבען פון די יודישע שטעדט. די יודישע גבירים, וועלכע האָבען זיך אַלץ אבגעזונדערט פון די מאסען אין לעבען, האָבען זיך גענומען שטארק אברוקען פון זיי אויך נאָכ'ן טויט. אויפ'ן בית הקברות האָבען זיך געיאָוועט פּאַראַדנע „גאסען" מיט גרויסארטיגע מצבות־פּראַנטען, ארומגעצאמט און אָפּגעצאמט שטארק פון די טויטע ארבייטער־קווארטאלען מיט גרויסארטיגע שטיינערנע און אייזערנע שטאנקעטען, די „גאסען" פארזייהט מיט בלומען, פערבויט מיט בענק, מיט אלע בעקוועמליכקייטען. נאָר פאר דעם טיפערן בעאָבאכטער איז אונמעגליך ניט צו דערקענען די טראַגעדיעס, וואָס שפּילען זיך צייטענווייז אָב דאָ, אונטער די מיט בלומען בעצירטע, מיט גאָלדענעם זאמד בעשאָטענע, מיט גרויסארטיגע מארמאָרנע מצבות פערבויטע קברים. אָט אזוי בעמערקט איהר אויפ'ן װארשעווער „בית עולם" גאנצע „פּאַלאַ־צען", וואָס ליגען דריי פּערטעל וויסט און וועקען טרויריגע גע־דאנקען. אזוי האָט זיך דאָרט ניט איין יודישער גביר פארזאָרגט פאר'ן לעבען מיט א פאמיליען־סקלעפּ, אויסגעבויט זיך שטיי־נערנע ארונות מיט פּראכטפאָלע מארמאָרנע, אָדער גראניטנע מאָנומענטען. קורץ: פערזאָרגט זיך, אז די, אז יענע וועלט מיט

בעקוועמליכקייט און לוקסוס. דער פּאַטער פון דער פּאַמיליע האָט זיך דאָ אוועקגעלעגט אין דער האָפנונג, אַז מיט דער צייט וועט זיך דאָ אַרומקלייבן אַרום איהם די גאַנצע פאַמיליע, קינדער און קינדס־קינדער. און אור־אייניקלעך וועלען אין יאָהרצייט׳ס־טאָג פון זייער „קאַבאַנעם״ זיידען קומען, אויפ׳ן „צמענטאַזש״, זיך זעצען, און פרישע בלומען ברענגען, און מיט זיי די קברים בעשיטען.

די אָרימע־רייכע איינגענטימער פון די טויטע פּאַלאַצען זענען אָבער אָפּט ביטער אָבגענאַרט געוואָרען אין זייערע זיסע האָפנונגען. איינזאַם און פערלאַזען ליגען זיי יאָהרען, יאָהרען לאַנג. אומזיסט וואַרטען זיי, אַז אימיצער זאָל צו זיי קומען, זיך לעגען גלייך מיט זיי אין די פּאַרטיגע שטיינערנע קברים; אומזיסט וואַרטען זיי אויך, אַז אַ לעבעדיגער נפש זאָל קומען צו זיי מיט בלומען, זיי כאָטש אַ גרוס פון די היימישע ברענגען. די היימישע האָבען זיי אויף אייביג פערלאָזען; האָבען זיך נייע „פּאַלאַצען״ אויפ׳ן גוי׳אישען „צמענטאַזש״ געבויט, נאָך רייכערע און שענערע... אָבער אַנשטאָט מיט אַ „מגן דוד״ — מיט אַ צלם פערפּוצט...

אַזוינע בית עולם־טראַגעדיעס בעמערקט איהר גאַנץ אָפּט אויפ׳ן וואַרשאַווער „בית הקברות״, און ניט זעלטען אויך אויף אַנדערע בית עולם׳ס אין רוסישען געטאָ. דער איינציגער אָרט, וואָס האָט אייך געקענט אַז דעם גלייכען יחוס פון אַלע מענשען דערמאָנען, ווערט אַלץ מעהרער און מעהר אין קלאַסען צעטיילט: אין בעגאָלדעטע גראַניט־מאָנומענטען און עלענדע נידריגע זאַמד־שטיינער. רייכע פאַמיליען־סקלעפּעס און אָרימע ברעטלאַך, אויף מיט מאָך בעוואַקסענע קברים בערגלעך, וואָס דרייקען זיך איינער צו דעם אַנדערן, קריכען, דאַכט זיך, איינער אויף דעם אַנדערן, אַזוי ווי זיי וואָלטען זיך מיהען אָברייסען ביי יענעם אַ הויפען ערד. פּונקט ווי ביים לעבען האָבען זיי געזוכט אָבצורייסען ביין שכן אַ גראָשען פרנסה.

דעם „בית עולם״ פלעגען אמאָל, אין בעשטימטע טעג, נאָר עלטערע יודען און ווייבער בעזוכען. צוויי טעג אין יאָהר, „ל״ג בעומר״ און „תשעה באב״, פלעגען איהם אויך — קליינע

קינדער, יונגלאַך מיט הילצערנע שווערדלאַך און מיט פייל און בויגען בעזוכען. די דערוואַקסענע יוגענד, האָט געזוכט לעבען און האָט אַז דעם „בית הקברות", אַז די וואָס האָבען אמאָל אויך געקעמפּפט און געליטען, אויף זייער שטויגער לעבען גע־זוכט — פאַרגעסען. אזוי איז עס געגאַנגען, ביז עס איז געקומען די רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג. דעמאָלט האָט מען זיך אַז די טויטע דערמאָנט. די לופט איז פול געווען מיט סודות, מ'האָט געזוכט קאָנספּיראַטיווע קוואַרטירען פאַר מיטינגען, פאַר אגי־טאַציע, פאַר בעהאַלטען געוועהר צום זעלבסטשוץ; פאַר סתם „קבלת פנים." אין פאַרטיינע אנגעלעגענהייטען. דאַן האָט מען זיך ארומגעזעהן, אז די מתים זענען די בעסטע קאָנספּיראַ־טאָרס און דער „בית הקברות" קען פערבייטען דעם בעסטען מיטינג־זאַל.

און די מתים האָבען די סודות, וואָס זיי האָבען אונטער־געהערט בעהאַלטען, און די אַלטע געשטאָרבענע האָבען די יונגע, לעבעדיגע ניט ארויסגעגעבען. דער „בית הקברות" האָט עהר־ליך און געוויסענהאפט זיין ראָלע דערפילט; זיין טייל געהאַט אין דער רעוואָלוציע. צייטענווייז פלעגען זיך דאָרט, אויפ'ן פּלאַץ פון אייביגער רוה, שטימען און געשרייען פון אייביגער אונרוה דערהערען. דאָס זענען געווען לידער און רעדען אויף דעם קבר פון א געשטאָרבענעם חבר און קעמפּפער. די אַלטע קברים האָבען די לידער און געשרייען געהערט, און דאָס בית־עולם־פאָלק האָט די יונגע שכנים מיט שטאָלץ און ליבע צוגענומען, און זיי לעבען זיך א בכבוד'יגען אָרט געגעבען.

עס זענען געקומען די פּאָגראָמען און די ערשטע טעג פון דער רעאַקציע. די בית עלמינ'ס זענען אימער געדיכטער פאַר־זייהט געוואָרען מיט די נייע שכנים, און די קברים־שורות האָבען אין זיך פיעל מעהר טראַגעדיעס בעהאַלטען, ווי די מיט בלוט פערגאָסענע שטיינער פון די לעבעדיגע קוואַרטאַלען. עס איז, דאַכט זיך, איינגאַנצען אָבגעווישט געוואָרען דער גרענעץ צווי־שען גאַס און בית עולם. די קברים, דאַכט זיך, האָבען מיט האַס און מיט ליבע און מיט צאָרן געשטורמט. די מויערלאַך און דעכ־לאַך פון אויביגער רוה האָבען געהילכט מיט לעבען און קאַמפּף.

דער „בית הקברות“ האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער רעוואָלוציע. ער איז געוואָרען אַ שטיק פון דער יודישער גאַס. די יוגענד האָט איהם מיט עהרפאַרכטיגקייט, מיט אַ רעליגיע־זען געפיהל, אויף איהר שטויגער, גאַטירליך, בעזוכט; מיט מעהר געפיהל, ווי זייערע פרומע טאַטעס און מאַמעס. דורך די „ברי־דער־קברים“ איז דער יודישער „בית עולם“ נאָך פעסטער פאַר־בונדען געוואָרען מיט דער רעוואָלוציע, און פון אַ פּלאַץ פון טויט איז ער פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ פּלאַץ פון קאַמפּף...

עס איז אַוועק אַ פּאָר יאָהר, שרעקליכע מרה שחורה׳דיגע יאָהר, און די יודישע מאַסע האָט פערגעסען אָן די טויטע קעמפּ־פער, צוזאַמען מיט די לעבעדיגע. אויפ׳ן בית עולם“ האָט ווי־דער געהערשט אַ שטילקייט און רוה, וועלכער, ווי אַמאָל, ווערט נאָר איבערגעריסען, אין בעשטימטע טעג, פון טראַדיציאָנאַלען יודישען פאָלקס־טרויער, אָדער אין געוועהנליכע טעג פון אונ־געוועהנליכע צרות: ווען אַ יודישע מוטער איילט אין אַ האַרץ־פערצווייפלונג אַנצוגעבען איהר אַפּעלאַציע צו דער לעצטער דיסטאַנץ — אויף קבר אבות...

און ווי איבעררראַשט בין איך געוואָרען הייינטיגען תשעה באב*), ווען איך בין צופעליג געקומען אויפ׳ן אַלטען ווילנער בית עולם, און האָב דאָרט געטראָפען ניט בלויז עלטערע יודען און ווייבער, נאָר אויך יונגע לייט פון דער מאַסע, און האַלב־אינטעליגענטען אין שוואַרצע און בלויע העמדלאַך: „פּועלי ציון“, בונדיסטען און אפילו בונדיסטקעס. אויפ׳ן אַלטען וויל־נער „בית עולם“, אין סניפּישאָק, איז ניטאָ קיין „ברודער־קברים“. שוין העכער פון נייינציג יאָהר, ווי ער איז צוגעמאַכט געוואָרען. דער גרעסטער טייל מצבות זענען טיף אין די קברים איינגעזונקען. און נאָר עטליכע קברים פון די, וואָס האָבען אַמאָל געשפּיעלט אַ ראָליע אין דער יודישער וועלט, ווערען פון די גבאים אויפגעהאַלטען און פון צייט צו צייט אָבגעפרישט.

און צו די מצבות, וועלכע זענען ניט פון מאַרמאָר, נאָר פון ציגעל געבויט, זענען די יונגע צוזאַמען מיט די אַלטע געקומען.

---

*) געשריבען אין יאָהר 1910.

זיי זענען געקומען צו די קברים פון די אמאָליגע מענשען, וועל־כע זענען שטאַרק אין גייסט און מוט געווען; וועלכע האָבען אַ ברייטע און טיפע נשמה געהאַט און געליבט האָבען זיי דעם אמת, געזוכט איהם און געאָפּפערט זייער לעבען פאַר איהם. און כאָטש זיי האָבען פאַר זייער ליבע און שטרעבען אַנדערע ווערטער געהאַט, אבער דער עיקר איז ניט דאָס וואָרט, נאָר דאָס וואָס ליגט אונטער איהם בעהאַלטען. און דאָס איז איינס אין אַלע דורות, אין פערגאַנגענהייט און אין צוקונפט.

אַט דאָס האָט איצט אַ טייל פון דער יודישער יוגענד אָנ־געהויבען צו פערשטעהן און צו פיהלען. די יסורים פון דער רע־אַקציע, האָבען אויך זייער גוטע זייט געהאַט: דער יוגענד'ס בליק איז ברייטער און טיפער געוואָרען. זי האָט זיך אויסגע־לערנט פערבינדען די צוקונפט מיט דער פערגאַנגענהייט.

און אַט געהען צו די שוואַרצע און בלויע העמדלעך צו דעם קבר פון ר' משה קרעמער, דעם ווילנער גאון'ס זיידע, און האָר־כען אויפמערקזאַם צו זיין לעגענדע. אַן אָרימער קרעמער איז ער געווען אין אַ פערוואָרפענעם געסעל. קיינער האָט פון איהם ניט געוואוסט, נאָר אַט איז געשטאָרבען דער ווילנער רב און די „פּני" פון שטאָדט, האָבען זיך אַ לאָז געטאָן אַהין אין געסעל און האָבען איהם אויפ'ן רבנות־שטוהל געזעצט.

אין עטליכע טעג אַרום בעמערקט ער, ר' משה קרעמער,— איצט דער ווילנער רב, ווי דער וואָרמעס איז עפּעס גרעסער גע־וואָרען: נאָך אַ געריכט צוגעקומען. פרעגט ער דער ווייב: וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשה? זאָגט זי, אַז איצטער קען זי זיך פער־גינען אַ בעסערען וואָרמעס, ווי פריהער, ווייל: אַי זי לעזט דאָך אין קראָם, אַי מ'ברענגט עטליכע גילדען שכירות. האָט ר' משה זיך אָבגעזאָגט פון די שכירות.

דער וואָרמעס איז אָבער נאָך אַלץ אַ בעסערער געווען, ווי אַמאָל. האָט ר' משה קרעמער דערגאַנגען, אַז די קונים זענען געוואָרען מעהר ווי פריהער, ווייל די קרעמערין איז דאָך איצ־טער אַ רבצין געוואָרען.

האָט זיך דער רב שטאַרק מצער געווען דערפון, וואָס ער נעהמט אָב די פרנסה פון אַנדערע יודען, און אַז ער האָט זיך

דערוואוסט, אז אין איין זונטאָג לעזט די רבצין אַזוי פיעל, וויפיעל זי האָט פריהער געלעזט די גאַנצע וואָך, האָט ער גע־הייסען, אז זי זאָל האַלטען אָפּען די קראָם, נאָר איין טאָג אין וואָך, כדי זי זאָל ביי אַנדערע יודען פּרנסה ניט אָבנעהמען.

אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפען. ווארום די קונים האָבען זיך געסטאַרעט דעם טאָג געבען אַזוי פיעל צו לעזען, וויפיעל די רביצין האָט פריהער געלעזט די גאַנצע וואָך.

און אַזוי איז געבליבען, אז ניט דער רב, נאָר די שטאָדט האָט אויסגעפיהרט אין דעם מערקווירדיגען קאַמפּף. אָבער סוף כל סוף האָט דאָך געזיגט דער צדיק. ווארום ער האָט דאָס איבריגע געלד פון דעם, וואָס ער האָט געלעזט — אויף צדקה אַוועקגע־געבען.

און אָט געהען מיר צו צו נאָך אַ קבר, אַ פערוואָרפענעם קבר פון אַ יודענע „שרה בת נחום". אַן אָרימע, און פּראָסטע יודענע און אַן עלענדע איז זי געווען. אָבער אַ האַרץ פול מיט ליבע צו די ליידען פון איהרע שוועסטער האָט זי געהאַט. פון אָרימקייט און נויט האָט זי פאַר'ן לעבען גאָר נישט געקענט טאָן צו פערלייכטערן די וועהטאָגען פון אַנדערע. און אַז עס איז געקומען די שעה פון איהר פּטירה, האָט זי בעשלאָסען, אַז אַזוי ווי „דאָרטען", אויף יענעם עולם, וועט זי פאַר זיך שוין גאָר נישט דאַרפען, וועט זי נאָר טאָן און מתפּלל זיין צום „רבונו של עולם" פאַר אַלעמען, ווער עס וועט נאָר אַ „מליץ" צום „כסא הכבוד" בעדאַרפען. און זי האָט אָנגעזאָגט אין איהר צוואה, אַז אַלע ווייבער, ווער עס האָט נאָר אַ צעבראָכען האַרץ און אַ שווערען געמיט זאָלען אויף איהר קבר געהן און זייער קלאָג איהר דערצעהלען, וועט זי שוין פאַר זיי אַ גוטע בעטערין זיין.

און די ווייבער געהן... שוין מעהר ווי הונדערט יאָהר... אויף איהר קבר איז קיין שטיין און קיין ברעטעל אפילו ניטאָ. נאָר אַ שווער האַרץ טרעפט דעם וועג אַהן אַ מצבה.

מיר קומען צו צום גאון אליין — אַ ברייטערער איינפאַ־כער ציגעלנער מויעריל. מיט אַן איינפאַכער אויפשריפט פון אוי־בען: „הגאון ר' אליהו ז"ל". ער ליגט אין איין שורה מיט די

נאָהענטסטע פון זיין משפחה, מיט די בעסטע פון זיינע תלמידים. אלעמענס קברים פערמויערט מיט איין ציגעלנע פּליטע, וועלכע איז פערשאָטען מיט צעטעלאַך פון שווערע הערצער און צעבראָכענע געמיטער. א מאַסע בליישטיפט־אויפשריפטען אויף די ווענד פון דרויסען. א טייל בקשות זענען וועגען געזונד, וועגען פּרנסה. אבער דאָס רוב בעטען כח צום לערנען און א גייסט פון פארשטאַנדיגקייט צו בעגרייפען די הייליגע תורה און א שטאַרקען ווילען צו מקיים זיין דעם אויבערשטענס געבאָט.

גאָר אין איין ווינקעל אָן א זייט, וואַקסט א מערקווירדיגע ווערבע. זי וואַקסט ניט אין דער הויך, נאָר אין דער ברייט, און זעהט אויס, ווי צוויי הענד און צוויי פיס. דער בוים מיט דעם מיטען פון זיין דיקען שטאַם דריקט אריין אין דער ערד א מצבה־שטיין, אויף וועלכען עס איז שוין לאַנג אבגעריבען יעדע אויפשריפט, און פיליכט איז דאָ קיינמאָל קיין אויפשריפט ניט געוועזן. דאָס איז דעם „גר צדק׳ס“ קבר און דעם „גר צדק׳ס“ בוים, זאָגט די לעגענדע. נאָכדעם, ווי מען האָט איהם אויפ׳ן גרויסען פּלאַץ פון דער ברייטער גאַס אויף א שייטער־הויפען פערברענט, האָט זיך א יוד ר׳ ליב צינקעס, — די ווילנער יודען געדענקען נאָך זיין נאָמען — פאַרנאַכט פאַר א פויער פארשטעלט, צום שייטער הויפען צוגע׳גנב׳עט זיך און א הויפען אַש פון דעם פערברענטען מאַרטירער געכאַפּט. די אַש האָט מען שטיל, אין געהיים, דאָרט, וואו יענער בוים שטעהט, מקבר געווען.

נאָר די לעגענדע האָט שפּעטער אויסגעזאָגט דעם סוד. און יודען און קריסטען — דורכרייזענדע, אָדער פון גראַף פּאָטאָצקי׳ס דעם "גר צדק׳ס פאַמיליע—קומען אהער אָפּט אויפ׳ן קבר, בלייבען דאָ שטעהן אָדער קניהען, און פערטראַכטען זיך.

איינגעוויקעלטע אין גראָז, מיט שטיינער פון אויבען, האָב איך דאָ אויך צעטעלאַך געפונען. נאָר אויף זיי איז קיין שום בקשה ניטאָ. בלויז דער נאָמען און דעם טאַטענס נאָמען פון בעזוכער. אזוי ווי מ׳וואָלט מורא האָבען ארויסצוגעבען דעם סוד.

א סך פון די קליינע צווייגעלעך, זענען ארומגעבונדען מיט שטענגעלאך פון אלערליי פארבען. דאס זענען שטומע „ברי־וועלעך" דעם „גר צדק" פון ווייבער, וואס קענען ניט שרייבען.

נאר איין מצבה, א שטאלצע, א הויכע פון מארמאר, איז דא אויפ'ן אלטען ווילנער „בית הקברות". די מצבה פונ'ם ערשטען יודישען דאקטאר אין ליטא. ער האט געשטודירט אין פאדוא — איטאליען — און געוועזן ניט פרום. ווילנער יודען האבען איהם ניט האלד געהאט. די מצבה האבען איהם שוין זיי־נע גע'שמד'טע זיהן געשטעלט. אור־אור־אייניקלאך פון זעל־בען דאקטאר, קינדס־קינדער פון זיינע געטויפטע זיהן, לעבען, נאך איצט אין ווילנא און זענען רייכע באנקירען. ווענען דער מצבה געהט אום נאך איצט אן אנעקדאט אין ווילנא. די יורשים פונ'ם דאקטאר האבען דוקא פערלאנגט פאר איהם א קבר לעבען דעם גאון און דעם „חיי אדם". דאס האט שטאדט ניט געוואלט. מ'האט איהם געגעבען אן אנדער ארט, ווייטער אביסעל. די קינדער האבען אראבגעבראכט דעם פאליצמייסטער און געקלאגט זיך פאר איהם. די פרנסים פון שטאדט האבען זיך אבער פארענטפערט פאר דער פאליציי, אז זיי האבען געטאן על פי דין: אזוי ווי דער דאקטאר איז געווען א כהן און א כהן טאר, על פי דין, ניט צוקומען נאהענט צו א פרעמדען קבר אויף א שטרעקע פון פיער איילען, האבען זיי איהם, פארקעהרט, כבוד אבגעגעבען, אברוקענדיג איהם ווייטער. די זיהן און דער פאלי־ציי איז דער תירוץ געפעלען געווארען און עס איז אראב גלאט.

גוט איינגעהיט זענען די מצבות אויף די קברים פון די „קברות לייט" אויפ'ן אלטען ווילנער בית עולם. אבער וועגען דעם זארגט ניט די שטאדט, נאר די קברות לייט אליין. זעקס דורות „מקברים" מיט זייערע ווייבער ליגען דא. דער זיבעטער קברן איז דער איצטיגער, דער לעבעדיגער, צו וועמען דער „בית עולם" איז איבערגעגאנגען „בירושה" פון זיינע זיידעס. נאר עס זעהט אויס, אז ער, דער זיבעטער „קברן", וועט שוין זיין דער לעצטער. זיינע קינדער האבען אן אנדער וועג גענומען.

דער אלטער ווילנער „בית עולם" איז דער בעריהמטעס־

טער אין ליטא און אויך אין גאנץ רוסלאנד. א סך מעשיות ווייס דער קברות־מאַן צו דערצעהלען, וואָס זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס האָבען זיך אנגעהערט און אַנגעזעהן, און איהם בירושה, צוזאמען מיט'ן „פעלד", איבערגעגעבען. און ער, דער זיבעטער קברן פון זיין משפחה, אויפ'ן אלטען יודישען בית עולם, איז אויך דער לעצטער היטער פון דער יודישער לעגענדע.

## צווישען „יודישע קריסטען".

ווילנא איז איינער פון די ווינציגע פונקטען אין יודישען תהום, וואו די מיסיאָן האָט, אזוי צו זאָגען, א שטענדיגע קוואַר־טיר. א חוץ ווילנא און נאָך פריהער ווי דאָ, האָט די מיסיאָן ענטוויקעלט א שטארקע טעטיגקייט אין ווארשא און אין אַדעס. אין ווארשא איז די מיסיאָן זעהר לאנג. דאָרט האָט זי אויף דעם גרעסטען ערפאָלג, א דאנק דעם פאנאַטיזם פון דער פוילישע־יודישער בעפעלקערונג. דער גרעסטער טייל מיסיאָנערען, ווי מיר שיינט, זענען פוילישע יודען.

אינטערעסאַנט איז, אז אין ווילנא איז די מיסיאָן, אלס שטענדיגע אָפיציעלע אינסטיטוציע, געקומען אין איין צייט מיט דער רעוואָלוציע. דאָך, טיילווייז, אזוי צו זאָגען — פּריוואַט, עקזיסטירט זי שוין דאָ צעהנדליגע יאָהרען. איהר טעטיגקייט פּראקטיקירט זי אויף צוויי וועגען: דורך פּריוואַט־אגיטאַציע און עפענטליכע שבת'דיגע דרשות.

די פּריוואַט־אגיטאַציע קומט פאָר אין בוכהאנדלונג פון דער מיסיאָן, וואָס געפינט זיך אין רעכטען צענטער פון שטאָדט. אָבער דאָך אין א שטילען ווינקעל: דער לאָדען בעשטעהט פון צוויי צימערן. אין איינעם שטעהט א שאַף מיט ביכער און פאַר איהם א לאנגער טיש. דערצו א טישעל מיט א פּאָר שטר־לען. אין צווייטען — אויך א טיש מיט עטליכע שטולען. דער דאָזיגער צימער דינט אָפיציעל אלס לעזע־זאַל. דער פאָדערשטער איז, אזוי צו זאָגען, דער דיספּוט־צימער. אין די פענסטער זע־נען ארויסגעשטעלט מוסטערן פון דער מיסיאָנערן־ליטעראַ־

טור, אלטע און נייע, ביכער און בראשורען. די שויבען זענען פערקלעבט מיט א דינעם קאלירטען פאפיר, כדי דער פארביי־געהענדיגער עולם זאל ניט זעהן, ווער עס קומט אריין.

די ליטעראטור פון דער מיסיאן איז ניט קיין רייכע. אין שאף קריגט איהר חרשות פון פערשידענע מיסיאנערן און פאס־טארען. דער מאנאטליכער זשורנאל אין יודיש „ברית עם", וואס געהט ארוים אין בוקארעסט, צו אין יאסי (רומעניען). עטליכע גרעסערע ווערק פון א פאר מיסיאנערען און — דער „נייער טעס־טאמענט" אין עטליכע שפראכען.

די מיסיאנערען ברויכען אויך וועניג ליטעראטור פאר זייע־רע דיספוטען. דער „ברית החדשה" און די ביבעל, זאגען זיי, איז פאר זיי גאנץ גענוג. איבריגענס איז צווישען די נייערע ווערק פון די מיסיאנערען פאראן עטליכע ביכער פון א געוויסען מי־סיאנער לעווערטאוו, — אין העברעאיש — וואס מאכען א שטארקען איינדרוק מיט דער פייערדיגער שפראך און טיפער אויפריכטיגקייט פונ׳ם אויטאר. דאס זענען, דאכט מיר, די איינציגע ערנסטע מיסיאנערישע ווערק, נאך דעם אלטען בע־ריהמטען „נתיבות עולם", וואס האבען ארויסגערופען א הייסע פאלעמיק אין די העברעאישע זשורנאלען, און, בכלל, א גאנ־צע רייהע ארטיקלען פון די ערנסטע יודישע שרייבער איבער יודענטום און קריסטענטום. לעווערטאוו׳ס ווערק „תולדות פאוולוס", „בן אדם" און, איבערהויפט, דאס ווערק „ישראל, אמונתו ותעודתו" (ישראל, זיין גלויבען און בערופונג) ווייזען אין דעם שרייבער א שטארקען טאלאנט. זיין אנשויאונג איז נא־איוו. דאך, אין דער בעלייכטונג פונ׳ם עקאנאמישען, פאליטישען און סאציאלען לעבען פון דער ביבלישער עפאכע, און פון דער צייט פונ׳ם צווייטען „בית המקדש", איז דא א סך אמת, אפילו ווען איהר שטעהט אויפ׳ן ריין וויסענשאפטליכען, קולטור־היס־טארישען שטאנדפונקט — בנוגע צו יודענטום און קריסטענ־טום. איבערהויפט ווירקט אויף אייך זיין הייסע ליעבע צום יודישען פאלק, צו דער ביבעל און צו מענשען בכלל.

א חוץ די דאזיגע ווערק איז אין דער גאנצער מיסיאנערי־שער ביבליאטעק כמעט גיטא קיין ביכער, וואס זאלען פער־

אינטערעסירעזן און אינטעליגענטען מענשען. דער זשורנאל (דינע העפטליך) „ברית־עם“ בעשטעהט, אהן אן אויסנאהם, פון מיסיאָנערן־ביאָגראַפיעס, שירים—אויסשליסליך פון די צוויי מיסיאָנערען־פּאָעטען רעזניק און גאָרדאָן, און דרשות מיט פּסוקים. די מיסיאָנערן־ביאגראפיעס זענען צייטענוויין אינטער־רעסאַנט פונ׳ם קולטור־היסטאָרישען שטאנדפונקט. זיי קענען דינען אלס מאַטעריאַל (כאָטש זעהר א קאַרגער) ווען מיר וועלען בעקאַנט ווערען מיט די בעדינגונגען, וואָס טרייבען יודישע יונ־גע לייט צום קריסטענטום.

נאָר די ליטעראַטור, ווי געזאָגט, שפּילט ניט קיין וויכטיגע ראָלע אין דער טעטיגקייט פון די מיסיאָנערען. דער עיקר איז די איינצעל־פּראָפּאַגאַנדע אין לאָנדאָן פון דער מיסיאָן. דערצו זענען פאַראַן ספּעציעל צוויי אנגעשטעלטע מיסיאָנערען. א דריטער איז דער שבת׳דיגער פּרעדיגער. אַלע דריי זענען יונגע לייט, כמעט אין איינע יאָהרען (ארום און עפּעס אריבער דריי־סיג). איינער פון זיי — א מענש מיט א הייסען טעמפּעראַ־מענט און א תמימות׳דיגער נשמה—לאָזט זיך זעהר גערן אין וכוחים מיט די איינגעהער, צעקאָכט זיך בשעת׳ן שטרייט מיט׳ן געגנער, ווערט אונגעדולדיג, שרייט, איז אבער אנשטענדיג. דער צווייטער איז סאָלידער, רוהיגער, רעדט שטילער און מיהט זיך איינצוהאַלטען דעם חבר, ווען יענער שיינט איהם צופיעל פּולווער צו פערלירען. דער שבת׳דיגער זאָגער, קומט אריין זעל־טען אנדערהוואָכען אין לאָדען און נעהמט א קנאַפּען איינטייל אין די איינצעל־וכוחים, דערפאַר העלפט ער ארוים די קאָלע־גען, שבת, ווען עס קלייבט זיך אָן א גרעסערער עולם און די צוויי געוועהנליכע אגיטאַטאָרען זענען ווינציג.

די קונדען פון דער מיסיאָן זענען א פאַרשיידענער, כאָטש ניט זעהר פיעל פאַרביגער עולם. אָט געהט אריין א געלער יוד, א הענדלער, מיט צוויי קאַשיקעס עפּעל און אַפּעלסינען. ער געהט אריין אהער שוין נישט דעם ערשטען מאָל. דער מעהר רעדעוודיגער מיסיאָנער (אין לאָדען זענען זעלטען ביידע מי־סיאָנערן מיט אמאָל: זיי בייטען זיך). מאַטערט זיך איהם צו איבערציינגען, אז די ביבעל דאַרף מען פערשטעהן פּראָסט, לויט

דעם פשוט'ען טייטש פון די ווערטער. דער געלער הענדלער, פערקעהרט, מיהט זיך איהם צו בעווייזען, אז מ'קען ניט אלע מאל טייטשען פראסט. אין א סך ערטער דארף מען קענען אנ־טאפען וואס ס'ליגט בעהאלטען אונטער דעם „פראסטען טייטש" וואס האט אין פלוג קיין שום זין ניט. דערויף איז דא „רמז" א טייטש „אויפ'ן וואונק". סטייטש, זאגט ער, ווי קען מען דאס אויסקומען מיט הוילען „טייטש", און זיפצט זיך אב, ווי איי־נער, וואס האט פערלארען אומזיסט צייט און טראגט זיך אב שטיל מיט ביידע קאשיקעס אויף ביידע הענד, קלערענדיג בשעת מעשה, געווים ניט דעם ערשטען מאל: וואס ב..ז מען ניט אויסהערן צוליב פרנסה?

און אט געהט אריין נאך איהם א יונגער מאן אין א „קורטקע", ס'זעהט זיך אן אן ארבייטער. דער איז געקומען פרע־גען אן עצה. ער איז, זאגט ער, א וועבער פון ביאליסטאק. געבליבען אהן ארבייט, פאהרט אין ריגא צו א שוועסטער, וואס האט איהם געשריבען, ער זאל קומען. דער צונג פלאנטערט זיך: ווייס אייגענטליך ניט, וואס ער וויל: צי אן עצה, צי גלאט מ'זאל איהם ארויסהעלפען. די מיסיאנערן זענען אפנים גע־וועהנט צו אזעלכע בעזוכער און ערקלערען, אז דרויף זענען דא ספעציעל פילאנטראפישע אנשטאלטען, און אז צו זיי קומט מען ניט מיט ערדישע אינטערעסען.

---

אט לויפט אריין א יונגעל פון א יאהר 14—15 אין די מיסיאנערען־קלייזעל. ער פערלאנגט א „ברית־עם". דער מיסיא־נער דערלאנגט עם איהם, אהן חשק. „א „נתיבות" עולם" גיט מיר!" פאדערט ער.—דאס גיבען מיר נישט אומזיסט,—מעלדעט מען איהם. דער אינגעל שטעהט צו עזות'דיג: פאר וואס ניט אומ־זיסט? דער מיסיאנער איז אפנים אויך צו אזוינע קונדען גע־וואוינט. ער ערקלערט איהם, אז ערשטענס, קאסט עס געלד; און צווייטענס, נוצט דאך איהם דאס בוך ניט, ווייל ער פער־שטעהט עס ניט. דער יונגעל זאגט, אז אן עלטערער ארבייטער, א חבר, האט איהם געשיקט. ער ווערט אין כעס, גיט א ווארף דעם „ברית־עם" צו דער ערד און געהט אוועק. דער מיסיאנער

איז שטאַרק בעליידיגט, ווערט רויט, איז אָבער אַפּנים אויך צו אַזאַ בעציהונג פון דעם „עם קשה עורף“, דעם האַרטנעקיגען פאָלק, געוואוינט, און זיין פּנים בעקומט וויעדער זיין רוהיגע פריינדליך־שמייכעלדיגע מינע.

שבת בייט זיך אָביסעל די דעקאָראַציע. דער שבת׳דיגער עולם בעשטעהט פון שטענדיגע איינגעהער, מעהרסטענטיילס אַזעלכע, וואָס קומען האַלטען ויכוחים. אַט לאָזט זיך אריין אַ גאַנצע קאָמפּאַניע: דריי בחורים מיט צוויי מיידלעך. מ׳גריסט זיך מיט די מיסיאָנערען פאַר די הענד. די מיידעל דערצעהלט, אַז זי געהט ערשט פון אַן אַרבייטער־פערזאַמלונג. מ׳האָט דיס־קוטירט וועגען „חדר“, „פאָלקס־שוהל“ און „אידיש“ — די טעמאַ וואָס איז, אַזוי צו זאָגען, די ברענענדע טעמע פון טאָג. זי פרעגט די מיינונג פון׳ם מיסיאָנער וועגען יודיש און פאָלקס־שוהל. דער מיסיאָנער ענטפערט, נאַטירליך, אַז זשאַרגאָן, אַזוי ווי העברעאיש מוזען אונטערגעהען. יודען מוזען אַננעהמען די שפּראַך פון לאַנד, וואו זיי לעבען. אַן דער זייט ביין טישעל פיהרט זיך שוין אַ הייסער ויכוח צווישען איינעם פון דער קאָמ־פּאַניע מיט׳ן „קאַטאָליק“ וועגען „דריי־איינינקייט“. עס געהט אריין אַ יונג ווייבעל, אויך אַ בעקאַנטע, און פרעגט ביי די מיסיאָנערען אַן עצה: וואָס זאָל זי געבען איהרם אַ קינד לע־זען־עפּעס דערצעהלונגען פון אַ רעליגיעזען אינהאַלט. אַזוינע ערצעהלונגען זענען ביי די מיסיאָנערען ניטאָ און ער רעקאָ־מענדירט איהר פּשוט דעם תנ״ך.

דער היציגער מיסיאָנער נעהמט זיך צו די בחורים. עס צו־פּלאַקערט זיך אַ דיספּוט וועגען יעזוס אַלס גאָט׳ס זוהן, די „פּרושים“, געווים צום צוואַנציגסטען מאָל. די בחורים ריידען האַלב איראָניש, האַלב ערנסט. דער ויכוח שיינט צו זיין ביי די בחורים אַ מין ספּאָרט. דאָס זענען אַפּנים ציוניסטען, אָדער העבראַאיסטען. זיי קומען אָהער ניט בעקעהרט צו זיין און ניט צו בעקעהרען, נאָר גלאַט עפּעס פון שפּאַס וועגען, צו פערברייג־גען די צייט. פונדעסטוועגען ענטוויקעלט זיך אַ מין נאָהענטע בעקאַנטשאַפט צווישען זיי און די מיסיאָנערען. זיי דערעסען די מיסיאָנערען שוין יאָהרען לאַנג. פון דעסטוועגען נעהמט מען

זיי דאַ צו, ווי גוטע געסט. דער סאָלידער מיסיאָנער האָט זיך מיר, נאָך זייער אוועקגעהן, אויף זיי בעקלאָגט: זיי האַלטען זיך ניט אין אנשטענדיגע גרענעצען ווי קולטורעלע מענשען, בשעת זיי שטרייטען. פונדעסטוועגען פערלירט ער ניט די האָפנונג אויף זיי אין גאַנצען. ער איז זיכער, אז ביסלעכווייז, ביסלעכווייז וועט און מוז ווירקען אויף זיי „קריסטוס' וואָרט". ער גלויבט אויך, אז סוף כל סוף וועט זיך דאָס גאַנצע יודישע פאָלק אומקעהרען צו דעם, וועמען זיי האָבען פערוואָרפען.

שבת 4 אזייגער ביי טאָג קומט פאָר די דרשה פון'ם פרע־דיגער. אבער שוין ניט דאָרט, אין „קרעמעל", נאָר אין א פריוואטער קוואַרטיר פון א דאָקטאָר־האָמעפּאַט, א דייטש, פראַ־ווינץ. איך האָב די דרשות אויך בעזוכט א פּאָר מאָל. די דרשה האָט שטענדיג איין נוסח. עס ווערען געטייטשט פּסוקים פון דער ביבעל און אויפגעוויזען „בעשיינפערליך", אז זיי בעציהען זיך אַלע אויף יעזוס קריסטוס. דאָס אוידיטאָריום בעשטעהט געוועהנליך פון א מנין, אנדערהאַלבען מנינים יודען, עלטערע און יונגערע, מעהרסטענס פונ'ם אָרימען פשוט'ען המון. עס קומען אויך אמאָל א פּאָר יונגעלייט. א טייל הערען מיט כונה, מיט אראָבגעלאָזענע קעפּ. איינער הערט צו וואָרט אין וואָרט, האַלטענדיג דערביי א „ברית החדשה". ער איז אין איהם אָפּנים שטאַרק בעהאווענט. ווארום בשעת דער פרעדיגער ברענגט א פּסוק פון „מתתיהו", פון „לוקוס" אָדער פון „מארקוס" מישט ער איהם מאָמענטאַל אויף און ווייזט איהם די איבעריגע צוהע־רער. איינער דרעמעלט זיך גאַנץ געמיטליך אין א ווינקעל. ס'איז קענטיג, אז ער איז געקומען אהער מעהר צוליעב דעם ווארימען אויוועז ווי צוליעב דער דרשה.

נאָך דער דרשה פרעגט געוועהנליך דער פרעדיגער: פּי־לייכט האָט ווער עפּעס צו פרעגען? נאָר קיין דעבאַטע ווערט דאַ ניט דערלאָזען.

איינער א יונגער מאַן מעלדעט, אז ער האָט עפּעס צו פרע־גען. נאָר מ'האקט איהם גלייך אָב: „פון פראגען איז נאָך ניע־מאַנד געהאָלפען געוואָרען." „געהאָלפען ווערען קען מען דורך גלויבען".

שפּאַרט זיך אימעצער איין, לאַדט מען אין קרעמיל אַריין: „דיספּוטירט ווערט נאָר דאָרטען.“

א חוץ די דאָזיגע האַלסייל־רעדעס האַלט דער זעלבער פּרעדיגער איינצעלנע־דרשות דעם גאַנצען שבת׳דיגען פריה־מאָרגען פאַר די יודישע פּאַציענטען פון׳ם דאָקטאָר. אָרימע פּאַציענטען זענען תמיד דאָ גענוג. ווייל דער דאָקטאָר נעהמט צו אומזיסט. ע ר היילט דעם קערפּער און דער פּרעדיגער „היילט“ דעם גייסט. די פּאַציענטען לאָזען זיך „היילען די נשמה“, כדי בעסער צו בעקומען אַ היילונג פאַר׳ן קערפּער. זיי פערשטעהען שוין, אַז דאָס איז איינס מיט דעם אַנדערען פער־בונדען.

— איהר בעזוכט שוין לאַנג די דרשות דאָ? פרעג איך, אַרויס־געהענדיג, אַן עלטערען יודען פון אַ יאָהר 50, דעם זעלבער, וואָס האָט געהאַלטען דעם „ברית החדשה“.

— שוין ניין יאָהר.

— נו, און די דרשות שטעלען אייך צופריעדען?

— איהר זעהט דאָך. ס׳איז טאַקע אמת, אַז די תלמודיסטען האָבען אונז דעם קאָפּ פערדרעהט.

— זייט איהר געטויפט?

— ניין, איך בין אַ יוד און לעב צווישען יודען.

— ווייסען אייערע יודישע בעקאַנטע און שכנים וועגען אייערע קריסטליכע איבערצייגונגען? און שטערט אייך ניט די קריסטליכע רעליגיאָן אין אייערע בעציהונגען מיט יודען, ד. ה. האָט איהר ניט צוליעב דעם קיין אונאַנגענעהמליכקייטען?

— ניין. פאַר וואָס זאָלען זיי האָבען צו מיר, אַז איך פערנעהם קיינעמס ניט, און זינט איך בין געקומען צו די נייע געדאַנקען, לעב איך בעסער מיט מענשען. אחוץ דעם, האָבען מיר אונזער קליינעם קרייז יודישע קריסטען, וואָס לעבען צוזאַ־מען בעפריינדעט.

איך האָב זיך געווענדעט צו אַ צווייטען, אַ בחור:

— וויפיעל צייט בעזוכט איהר די מיסיאָן?

— דריי יאָהר.

— האָט איהר עפּעס אַ אינטערעס?

— גאַר נישט. דאָס איז אַלץ אַ שווינדעל. צוליעב פּרנסה טוען זיי דאָס.

— וואָס־זשע געהט איהר?

— אַט גלאַט אַזוי. ס'איז ניטאָ שבת וואוהין אריינצוגעהן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די מיסיאָנערען אין אַ ווילנא דאַרפען זיך פיהלען איינזאַם, לעבעדיג איינגעשלאָסען, אַדער ריכטיגער אויסגעשלאָסען פון דער יודישער געזעלשאַפט און ניט זיינענדיג געוויס אין שטאַנד צו צופּאַסען זיך צו דער רוסישער און פּוילישער געזעלשאַפט, פון וועלכע עס טיילט זיי אָב זייער ריין יעוואַנגעלישער (פּראָטעסטאַנטישער) גלויבען.

עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות.

— מיר לעבען דאָ גאַנץ געזעלשאַפטליך, האָט מיר ער־קלערט דער סאַלידער מיסיאָנער. ערשטענס, איז דאָ אַ קרייזעל פון יודישע קריסטען, וואוהין מיר געהען אָפט אריין. צווייטענס, זענען אי פון רוסען אי פון פּאָליאַקען און דייטשען דאָ אַ גאַנץ היבשע געזעלשאַפט אונזערע יעוואַנגעליסטען, וואָס קלייבען זיך צוזאַמען אַלע זונטאָג אויף אַ רעליגיעזען שמועס. אָפט קומען צו אונז געסט פון אַנדערע שטעדט און לענדער. אַט ווי היינט צ. ב. האָט איהר געזעהן ביי אונז דעם ענגלענדער און דער רוס, וועלכע האָבען גערעדט פאַר דער פערזאַמלונג.

דער מיסיאָנער האָט מיר אויך ערקלערט, אַז די לעצטע יאָהרען פיהלען זיי זיך בכלל אַ סך בעסער. יודען טייטלען ניט אויף זיי מיט די פינגער ווי אַמאָל; זענען געוואָרען מעהר טאָ־לעראַנט. אגב, האָט מען זיך אָנגעהויבען אין דער יודישער ליטעראַטור צו אינטערעסירען מעהר מיט'ן קריסטענטום, ארויסצואווייזען צו איהם מעהר רעספּעקט. דערין זעהען זיי קענטיגע סמנים, אַז דאָס יודישע פאָלק איז נאָהענט צו זיין „אמת'ער ערלייזונג."

די נאַאיווע מענשען פערשטעהען ניט, אַז פון האָבען מעהר רעספּעקט צו זייער רעליגיאָנס־גרינדער אלס אַ מענש, און צווישען דעם רעליגיעזען קריסטליכען גלויבען אויף זייער, דעם מיסיאָנערישען שטויגער, איז אַזוי ווייט ווי פון הימעל צו דר'ערד.

# ניט דאָס האָט ער געמיינט...*)

ווען איהר געהט אריין אין ראָמ'ס דרוקעריי, אין ווילנא, פיהלט איהר עפּעס ניט ווי אין א געוועהנליכע דרוקעריי. דאָרט שוועבט עפּעס א גראָהער, א היסטאָרישער יודישער גייסט.

ראָמ'ס דרוקעריי איז די ערשטע, די עלטסטע אין רוסלאנד. זי איז געגרינדעט געוואָרען מיט הונדערט און צוואנציג יאָהר צוריק, ווען א דרוק איז געווען א מאָנאָפּאָל, פאר וועלכע מען האָט געדארפט צאָהלען דער קרוין פינף טויזענד רובל — לויט יענער צייט — אַנ'אונגעהויער גרויסע סומע. אין א קורצע צייט ארום נאָך דער עפנונג פון ראָמ'ס דרוקעריי האָט זיך געעפענט א דרוקעריי אין זשיטאָמיר. אָט דיביידע יודישע דרוקערייען זענען געווען די איינציגע ביז דעם פּוילישען אויפשטאנד אין יאָהר 1863. דאַן איז אראָב די מאָנאָפּאָל, און, כאָטש עס האָט נאָך אימער געקאָסט א סך שוועריגקייטען און געלד, האָט זיך דאָך בעוויזען א גאנצע רייהע דרוקערייען אין ליטא, זיד־רוסלאנד און פּוילען. אין פּוילען זענען שוין פאר דעם געווען דרוקערייען, נאָר פון דאָרט אין רוסלאנד האָט מען ניט געטאָרט אריינפיהרען קיין דרוק־זאכען, אזוי ווי פון אויסלאַנד. נאָך דער אונטערדריקונג פונ'ם לעצטען פּוילישען אויפשטאנד, אין 1863, איז אראָב אָט דער פערבאָט. פון דעמאָלט אָן האָבען די יודישע דרוקערייען אין פּוילען בעקומען אין ליטא און זיד־רוס־

*) געשריבען אין יאָהר 1912.

לאנד א גרויסען אבזאץ און פון יענער צייט אן ווערט ווארשא, צוזאמען מיט ווילנא, דער צענטער פון יודישע דרוקערייען.

די ערשטע צייט האבען די יודישע דרוקערייען גערינגט בלויז צום דרוקען פרומע ספרים. אז עס האט זיך אנגעהויבען די השכלה־בעוועגונג, האט מען די ערשטע השכלה־ספרים, ווי צום ביישפיל: קראכמאל'ס, ערטערס, ווייזעלס און מענדעל־סאן'ס ווערק, געמוזט ברענגען פון אויסלאנד אונלעגאל, און מען האט זיי געדארפט בעהאלטען אין שטאלען און אויף בוידעמער, אזוי ווי פאר דער רוסישער רעוואלוציע די פערבאטענע סאָ־ציאליסטישע ליטעראטור. די ערשטע יודישע משכילים אין רוסלאנד: מרדכי אהרן גינזבורג, מאפו, יצחק בער לעווינזאן, אדם הכהן — האבען פאר זייערע ווערק ניט געקענט קריגען קיין יודישע דרוקעריי, וואס זאל וועלען דרוקען זייערע „אפיקורסי־שע" ביכלאך.

ראם'ס דרוקעריי איז דאן געווען די ערשטע, וואס האט געוואגט צו דרוקען השכלה־ספרים. און ניט בלויז דרוקען, נאר אויך קויפען די „אפיקורסישע" חבורים, צאהלען פאר זיי געלד. שפעטער אביסעל, ווען עס האט זיך אנגעהויבען ענטוויקלען דער „זשארגאן", זענען די ראם'ס אויך געווען די ערשטע, וואס האבען ארויסגעגעבען זשארגאנישע ביכלאך און געצאהלט פאר זיי געלד. אייזיק מאיר דיק האט געדרוקט ביי זיי און געשרי־בען פאר זיי. שמ"ר, בלאשטיין, דינענזאן, ספעקטאר, אבראמאָ־וויטש — דער גרעסטער טייל פון די יודישע שרייבער — זענען בעוואוסט געווארען דעם ברייטען פובליקום דורך ראם'ס דרו־קעריי. די ראם'ס זענען געווען די אינטעליגענטסטע צווישען די דרוקער, און זענען אויך געווען די פעהיגסטע געשעפטס־לייט. זיי האבען מעהר פון אלעמען געוואוסט דעם גייסט פון דער צייט און האבען געשטרעבט צו פיהרען זייער געשעפט נאך דעם דאזיגען גייסט. דאך האבען זיי אימער געזוכט צו האבען די בעסטע ארטיקלען. א ש"ס מיט הונדערט פירושים, אן „אלפס" מיט פופציג פירושים, פון די סאמע אלטע כתב יד'ען, האט מען געקראגען נאר ביי זיי. ז י י האבען ארויסגעגעבען אי א תחינה אויף עברי טייטש, אי שמ"ר'ן, אי אבראמאוויטשען.

דאַך, בשעת זיי האָבן שמר'ן געצאָהלט צעהן רובל א בויגען, האָט אבראַמאָוויטש ביי זיי בעקומען פאַר דער „קליאַטשע" פערציג רובעל דעם בויגען. אַז שמר'ן האָבן זיי פערדינט בע־סער, ווי אַן אבראַמאָוויטשען. נאָר זיי האָבן פערשטאַנען קונסט און געשעצט הויך די רעפּוטאַציע פון א פערלעגער.

די לעצטע צייט האָבן די ראַם'ס כמעט אויפגעהערט צו זיין פאַרלעגער. זיי פלעגען דרוקען נאָר בעשטעלונגען: דרוקען אַלעם אַהן אנ'אויסנאַהמע און האנדלען בלויז מיט די פאַר־טיגע ארטיקלען פון די טויזענטער פלאַטען, וואָס ביי זיי האָט זיך אַנגעקליבען זינט די דרוקעריי עקזיסטירט.

איינציגע יאָהר פאַר דער מלחמה האָבען די ראַם'ס אינ־טענצען אויפגעגעבען זייער דרוקעריי. צום גליק אָבער איז זי ניט בטל געוואָרען. אַט די אַלטע היסטאָרישע יודישע דרוקעריי איז איבערגעגאַנגען צום פערשטאָרבענעם באַראָן גינזבורג, וועלכער האָט זי געקויפט ניט צוליב געשעפט, נאָר צוליב איהר בעריהמטען, היסטאָרישען עבר.

די איבריגע דרוקער אין ווילנא זענען כמעט אַלע — ראַם'ס געוועזענע זעצער. ראַם'ס א זעצער איז שוין אליין פאַר זיך א יחסן. איבערהויפּט איז דאָס געווען פריהערדיגע צייטען. נאָר ראַם'ס א זעצער איז טאַקע געווען א ספּעציאַליסט אין זיין פאַך. ראַם'ס א „בעל־מגיה" (קאָרעקטאָר) איז געווען א למדן און א משכיל; ראַם'ס א פערוואַלטער האָט געמוזט זיין א לי־טעראַט. ביי ראַם'ן האָט בכלל ניט געדינט קיין פּראָסטער מענש.

ביי ראַם'ען זענען אַבגעווען מענשען צעהנדליגע יאָהרען. די מענשען, צוזאַמען מיט דער דרוקעריי פלעגען איבערגעהן בירושה פון די אַלטע ראַם'ס צו די יונגע, פון די יונגע צו די יונגסטע.

דעריבער איז ראַם'ס אַנ'ארבייטער א ספּעציאַליסט אין זיין פאַך. דעריבער זענען די ראַם'ס אליין שטאָלץ געווען מיט זייער פירמע, און, כאָטש זיי זענען ניט קיין פאַנאַטיקער, און —געשיקטע געשעפטס־ליט, פלעגען זיי פיהרען זייער געשעפט אויפ'ן אַלטען שטייגער. אז די כוואַליע פון דער ארבייטער־בע־וועגונג, ערב דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע, איז צוגעקומען

צו זייער דרוקעריי, זענען זיי, די ראָם׳ס, זעהר ניט געווען צו־פרידען פון „היינטיגע „פּאַראַנדקעס", און פּלעגען רופען די יונגע אַרבייטער „פּויליאַקעס" און כוליגאַנעס.

אין אמת׳ן האָבען די ראָם׳ס געהאַט אויף וואָס צו זיין ברוגז. אמת, מענשען האָבען ביי זיי אָבגעדינט צעהנדליגע יאָהרען: צעהנדליגע יאָהרען ביי זיי „ברויט געגעסען". אָבער דערפאר — וואָס פאַר א קאַטאָרזשנע האָראָוואַניע איז ביי זיי געווען! פערצעהן שטונדען אַרבייט — דאָס איז געווען „על פּי דין". נאָר אויפ׳ן „דין" האָט מען ניט געקוקט. דאָס רוב האָט מען געאַרבייט „על פּי יושר". און דער „יושר" איז געווען, אַז אַנ׳אַרבייט האָט מען ניט געקענט לאָזען ניט געענדיגט. איז געקומען, צום ביישפּיעל, צעהן אַזייגער אָוועגד און מען האָט געדאַרפט געהן אַהיים, האָט זיך גראָד אונטערגערוקט אַנ׳אַרבייט צו ענדיגען און מען האָט אָוועקגעאַרבייט ביז דרייצעהן אַזייגער אין דער נאַכט. דאָנערשטאָג ביי נאַכט, אַזוי ווי אין קלויז אויפ׳ן „משמר", איז שוין געווען דער מנהג ניט צו שלאָפען און אַרבייטען די גאַנצע נאַכט. קורץ: גאָר ניט זעלטען, לויט דעם אויסדרוק פון דעם פערוואַלטער, האָט מען געאַרבייט דריי־סיג שעה אין מעת לעת...

דערפאר זענען ראָם׳ס אַרבייטער געווען „מענשען"! זיי זענען דורכגעגאַנגען, ווי מ׳זאָגט „דורך פייער און וואַסער און קופּערנע טרויבען". איבערהויפּט איז געווען א שטרענגער באַ־לעבאָס דער אַלטער פערשטאַרבענער ראָם, ראובן יוסף, דער אַלמנה׳ס מאַן. מיט איהם איז ניט אַנגעגאַנגען קיין קאַטאָוועס. פאַר זיין קוק האָט מען געציטערט, ווי פאַר פייער.

ראָם׳ס דרוקעריי, אַזוי ווי ניקאָלאַי דעם ערשטענס דיענסט, איז געווען א שולע פון אייזערנער דיסציפּלין. זייערער א מענש איז געווען פערהאַרטעוועט, ווי שטאָל און קיזעל־שטיין. דעם „מלאך המות" אליין איז, דאַכט זיך, געווען ניט לייכט איהם בייצוקומען.

ווי בעוואוסט, איז די זעצער־אַרבייט איינע פון די שעד־ליכסטע און גיפטיגסטע. ביי ראָם׳ען איז אָבגעשטאַנען א זע־צער ביי דעם קאַסטען פופציג, זעכציג און זיבעציג יאָהר. בשעת

אַט די שורות ווערן געשריבען, איז נאָך דאַ אין דער דרוקעריי אַ זעצער, הירש גלאַז, וואָס האָט אַבגעאַרבייט אויף די ראָם'ס ניט ווייניגער פון פופציג יאָהר. מיט איינעגע יאָהר צוריק איז געשטאָרבען ביי זיי אַ זעצער, ישראל הערש יאַבעלסאָן, וואָס האָט אַבגעאַרבייט אין ראָם'ס דרוקעריי נאָהענט פון זיעבעציג יאָהר. „בשעת איך בין געבאָרען געוואָרען — דערצעהלט מיר דער עלטערער פון די ברידער ראָם, אַ גראָהער יוד פון עטליכע און זעכציג יאָהר, — איז שוין דעמאָלט ישראל הערש געווען ביי אונז."

אַט דער ישראל הערש איז געווען, ווי מען דערצעהלט, זעהר אַ טיפּישער יוד. „געגאַנגען איז ער — דערצעהלען מיר די איבּריגע זעצער — זינט מיר געדענקען, אין דערזעלבער „בלעכענער" קאַפּאָטע, אַ מין „טשאַרטאָווע קאַזשע", וואָס האָט זיך ניט געקנייטשט, נאָר געבויגען און געבראָכען, ווי בלעך. אין די זיבעציג יאָהר פון זיין דינסט, האָט ער כמעט ניט פערפעהלט איין טאָג. געגאַנגען און גערעדט האָט ער געלאַסען: האָט ליעב געהאַט אריינצושטעלען אַ פּסוק, אַ ווערטעל פון דער „גמרא". האָט איהם אויסגעפעהלט שטאָף, ווארום קיין גרויסער למדן איז ער ניט געווען, פלעגט ער געוועהנליך אַנטלייהען אַ גמרא־וואָרט, צי אַ פּסוק ביי אַנ'אַנדערן, אבי עס זאָל אויסקומען גוט. זיין העכסטער געהאַלט, אויף וועלכען ער האָט זיך ארויפגעאַרבייט אין אַ צייט פון זעכציג יאָהר דיענסט, איז געווען זיעבען רובל אַ וואָך. דאָס איז געווען די גרעסטע שכירות, וואָס אַ זעצער האָט געקענט בעקומען. אנגעהויבען האָט מען פון צוויי קאַרבען און ביי זיעבען איז מען געבליבען, מען האָט געמאָגט אַבאַרבייטען מתושלח'ס יאָהרען.

פונדעסטוועגען האָט ישראל הערש'ן געלעבט זיך ניט שלעכט. ווארום די עלטערע זעצער האָבען געהאַט אַ הכנסה נאָך אַ פּאָר רובל די וואָך פון לערניונגלעך. ער האָט געהאַלטען אליין אַ דירה, און, נאַטירליך, געהאַט שכנים ביי זיך אין דירה. ער האָט חתונה געהאַט, געהאַט קינדער. אז די ערשטע ווייב איז געשטאָרבען — און ישראל הערש איז שוין דאַן געווען אַ יוד פון זיעבעציג יאָהר — האָט ער חתונה געהאַט אַ צווייטען מאָל

און דוקא מיט א מיידעל. דערפאר האט איהם די צווייטע ווייב געשאנקען דריי מיידלאך. די מיידלאך האבען געמוזט דאווגען דריי מאל א טאג. אז ניט, האט ישראל הערש געשמיסען, אוועקגעלעגט א מויד פון פערצעהן יאהר אויפ'ן בענקעל און גע־שמיסען.

די לעצטע יאהרען אבער האבען די מיידלאך געקראגען „אמביציע". אמאל האט ישראל הערש, ווי זיין מנהג, אוועק־געלעגט די עלטערע מיידעל אויפ'ן בענקעל און גענומען צעה־לען: „אחת ואחת"... נאך דער עלטערער מיידעל האט ערוואַרט דערזעלבער פסק דער מיטעלער — א מיידעל פון א יאהר צוועלף. זי האט אבער ניט געהאט קיין געדולד... איז ארויסגעלאפען אויפ'ן הויף און געמאכט א געוואלד: קאראול! גאראדאוואי!.. עס איז אנגעלאפען פאליציי, עס האבען זיך אויפגעלאפען שכנים...

דאן האט ישראל הערש פערשטאנען, אז עס זענען אנ־געשטאנען נייע צייטען און — האט אויפגעהערט צו שמייסען זיינע מיידלאך.

אז עס האט זיך אנגעהויבען די רעוואלוציאנערע בעווע־גונג, איז ישראל הערש גאר א צוטומעלטער געווארען. פון איין זייט איז איהם גאר ניט געפעלען געווען, וואס די יונגע „שקצים" האבען אויפגעהויבען דעם קאפ, בעקומען חוצפה און פערלארען דעם „דרך ארץ" פאר'ן באלעבאס. פון דער אנדערער זייט האט איהם ניט געקענט ניט הנאה טאן די מעשה, וואס נאך ארייהע סטרייקען, אין וועלכע מען האט איהם געדארפט ארונטערנעה־מען מיט געוואלד, האט ער דאך אנגעהויבען צו ארבייטען אנ־שטאט אכטצעהן שעה — ניין שעה אין מעת לעת, און אנשטאט זיעבען רובל, האט ער בעקומען, גאר ניט בעטענדיג — צוועלף רובל א וואך. אזא געהאלט, וואס זינט זעצער זענען זעצער, איז דאס ניט געהערט געווארען. צו די „שקצים" האט ער פערזענ־ליך, אייגענטליך גאר נישט געהאט. „חברה" — ווידער — חאטש ער איז געווען א פאנאטיקער, האט געהאלטען מיט'ן באלעבאס, האבען זיי דאך געהאט פאר איהם דרך ארץ, פאר זיינע זעקס און זעכציג יאהר ארבייט.

פון דער גאַנצער אַרבייטער־בעוועגונג, פון די שמועסען און דעבאַטען, וואָס ישראל הערש האָט תמיד געהערט אַרום זיך, האָט ער אָבער דאָך פאַרשטאַנען איינס: אַז „אַרבייט“ איז אַ בכבוד׳יגע זאַך, און אַז דער אַרבייטער איז טאַקע עפּעס אַ שטיקעל יחסן. ישראל הערש האָט אָנגעהויבן ענדליך אַליין צו האָבען דרך־ארץ פאַר זיינע זעקס און זעכציג יאָהר אַרבייט. איינער, אַ לץ, פון די יונגע אַרבייטער, האָט איהם איינגע־שמועסט, אַז איהם קומט „פּאַטאָמסטווע,“*) אמאָל וואָלט דאָס ישראל הערש ניט געגלויבט. איצט האָט ער געגלויבט. ער האָט געזעהן, אַז אין דער דרוקעריי זענען געוואָרען נייע אָרדנונגען. עס קומט אַריין אָפט דער אינספּעקטאָר. עס זענען אַרויסגע־האַנגען „תקנות“ פאַר די אַרבייטער. דער אינספּעקטאָר רעדט מיט איהם מיט רעספּעקט.

אמאָל איז געקומען דערזעלבער בחור, דער לץ, צו איהם פּערסאָפּעט:

— רבי ישראל הערש! אויבען, ביי ראָס׳ען איז דער אינספּעקטאָר. ער טיילט די אַלטע אַרבייטער „פּאַטאָמסטווע“. שווייגט ניט! געהט אַרויף! מאָהנט! ווען קומט דען מעהר ווי אייך? אַז איהר׳ט איצט ניט פאָדערן, וועט זיין פאַרפאַלען...“

ישראל הערש האָט אַנגעטאָן די בלעכענע אויבער־קאַפּאָטע, די היטעל, האָט זיך אַרומגעשטויבט, אַ שמעק געטאָן טאַבאַק פון דער פּושקע, אַריינגעלעגט די רויטע פאַטשיילקע אין קעשענע, אויסגעשנייצט דעם נאָז און אָבגעווישט מיט דער רויטער פאַ־טשיילקע, און, ניט רעדענדיג אַ וואָרט, איז ער אַרויף אויבען אין קאַנטאָר.

— וואָס פערלאַנגט איהר, רבי ישראל הערש? — האָט זיך צו איהם געווענדעט מאַקסים, דער יונגערער פון די ברידער ראָס. בשעת ישראל הערש איז אַנגעקומען אין דרוק, האָט

*) פערקירצט פון „פּאַטאָמסטווענני פּאַטשאָטני גראַזשדאַנין“, דאָס הייסט דער טיטעל „עהרענבירגער“ פאַר זיך, קינדער און קינדס־קינדער. אָט דער טיטעל גיט פערשידענע רעכט און פּריווילעגיעס און פלעגט אויך בעפרייען קינדער פון מיליטער־דיענסט.

מען איהם גערופען „ישראל הערשקע“. אין צעהן־פופצעהן יאהר ארום, אז ער האט שוין גענומען ד ר י י קארבען א וואך, האט מען איהם גערופען „ישראל הערשיל“. אין דרייסיג יאהר ארום, ווען ער האט שוין בעקומען שכ רות פ י נ ף קארבען א וואך, האט מען איהם גערופען האלב מיט דרך ארץ „ישראל הערש“. אין זעכציג יאהר ארום האבען איהם די אייניקלאך פון זיינע ערשטע באלעבאטים שוין גערופען אינגאנצען מיט דרך ארץ „רבי“ ישראל הערש.

נאר דער אלטער זעצער האט זיך הפנים יעצט מיט'ן „רבי“ ניט בענוגענט.

— וואס וויל איך ? — האט ער א בענטש געטאן, ניט ווי־סענדיג אליין וואס ער רעדט, — איך וויל „פאטאמסטווע“, וויל איך !...

ראם, אלע, אין קאנטאר, האבען איהם אנגעקוקט מיט ערשטוינען, ניט פערשטעהענדיג, אייגענטליך, וואס דא פאר־סירט. זיי האבען נאך קיינמאל ניט געזעהען זייער אלטען, זייער עלטעסטען זעצער אין אזא פאזע. דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען און אין ז י י ע ר לעבען איז ער אזוי געשטאנען פאר זיי: פעסט, שטאלץ, די אויגען קוקען גלייך אין זייערע אויגען מיט א בייזען, פערקלעמטען ערנסט און פייערליכקייט. דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען האט ער ניט געבעטען, נאר גע־מאהנט...

— וואס פערלאנגט איהר, רבי ישראל הערש, — האט איהם דער יונגערער ראם איבערגעפרעגט, נאך אלץ איבער־ראשט און ניט בעגרייפענדיג וואס מיט דעם אלטען האט פאר־ם רט, — וואסער „פאטאמסטווע“ ? איך פערשטעה ניט...

דער אלטער האט געמוזט אראב פון זינען, איז גלייך ביי אלעמען אין קאנטאר דורכגעלאפען דורכ'ן מוח.

נאר ישראל הערש האט ווידער אויסגעשאסען מיט דער זעלבער פייערליך־בייזער מינע:

— מיר קומט פאטאמסטווע ! זעקס און זעכציג יאהר ביי אייך געהארעוועט !... קומט מיר פאטאמסטווע...

מ'האט איהם גאר ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. אלע

זענען געווען זיכער, אז מיט דעם אלטען האָט געטראָפען אַנ־אומגליק. און מ'האָט גענומען זוכען מיטלען, ווי אַזוי אַרויסצומאַכען זיך פון איהם. נאָך דער אינספּעקטאָר, א דייטש, האָט זיך ענדליך אַנגעשטויסען, וואָס דאָ איז. ער האָט איהם א קלאַפּ געטאָן איבער'ן פּלייצע און געזאָגט פריינדליך:

— געהען זי נאָך הויז, ליעבער אלטער, זי ווערדען שאָן בעקאָמען „פּאַטאַמסטווע".

אז דער אלטער ישראל הערש איז ארונטער אין דרוק, האָבען איהם די יונגע זעצער ארומגערינגעלט כלומר'שט מיט נייגיריגקייט און אונגעדולד:

— נו, וואָס הערט זיך, רבי ישראל הערש?

— ער האָט צוגעזאָגט... צוגעזאָגט, — האָט ער געענטפערט מיט נצחון, א שמעק געטאָן פייערליך־רוהיג פון דער טאַבאַקערקע און גענומען זיך אָנטאָן דעם אויבער־בגד.

— וואוהין? רבי ישראל הערש? — האָבען איהם די זעצער געפרעגט.

—א היים. ע ר האָט צוגעזאָגט, אז מ'וועט מיר אריינשיקען. מלוכה וועט האלטען וואָרט... מען מוז מיר אריינשיקען..

און ישראל הערש איז אוועק אהיים. די זעצער האָבען זיך געקאַטשעט פון געלעכטער. אנדערע האָבען שוין באלד חרטה געהאַט אויף די לצנות.

נאָך ישראל הערש האָט צוגענומען די זאַך זעהר ערנסט. געהענדיג אהיים איז ער אלץ געוואָרען פעסטער איבערצייגט, אז איהם קומט... זעקס און זעכציג יאָהר ארבייט... ער האָט געשיינט ערשט יעצט צו בענעהמען, וואָס ער האָט אָבגעטאָן פאר די זעקס און זעכציג יאָהר ביי דער קאַסע... וויפיעל בלעטער, וויפיעל ספרים, וויפיעל שורות... וויפיעל תורה און אמונה און השכלה האָט ער פערשפּרייט...

ישראל הערש האָט פערשטאַנען, אז זיינע „תביעות" זענען שטארקע. איהם קומט... אָבער, מערקווירדיג! פונ'ם באלעבאָס האָט ער גאָר נישט געמאָנט, מיט'ן באלעבאָס האָט ער גאָר נישט צו טון. זיין ארבייט איז א מלוכה־זאַך... ער פערשפּרייט תורה, אמונה און השכלה... איהם קומט פון דער

מלוכה, פון דער קרויז, און קומען קומט איהם טאקע ניט אנ־
דערש ווי „פאטאמסטווע..."

אז ישראל הערש איז אוועק, האט דער אינספעקטאר גע־
זאגט ערנסט צו ראם'ן:

דער אלטער האט געארבייט געגוג. ער מעג יעצט אברו־
הען און בעקומען זיין פענסיע, איך האף — דאס וועט געשעהן.

אויף מארגען האט מען דעם אלטען געבראכט געהאלט,
און איבערגעגעבען אין דעם נאמען פון ראם'ען און דעם אינס־
פעקטאר, אז ער מעג זיצען אין דער היים, מ'וועט איהם ארייג־
שיקען זיינע וועכענטליכע שכירות.

דער אלטער האט אויסגעשטעלט א פאר אויגען.

— איך וועל — זאגט ער — עסען „נמיא דכסופא",
„הולטייסקען" ברויט?! איך קען נאך, דאנקען גאט, ארביי־
טען... איך דארף ניט קיין נדבות!...

און איז א ברוגז'ער אוועק אין דרוק.

ער איז געגאנגען אין דרוק ווי פריהער. געגאנגען נאך
עטליכע יאהר, ביז ער האט אנגעהויבען צו שפירען, אז די פיס
זאגען זיך אב לחלוטין.

דאן האט ער זיך אוועקגעלעגט אין בעט און אין עטליכע
טעג ארום איז ער געשטארבען.

געשטארבען איז ישראל הערש ערב דער ערשטער רוסי־
שער רעוואלוציע, ערב דעם מאמענט, ווען עס האט געהאלטען
אזוי נאהענט, אז ער און זיינע קינדער זאלען ווירקליך בעקומען
„פאטאמסטווע"...

ווען דאס זיינע אייניקלאך דערווארטען?...

# זעכציג יאהר געדיענט.

אין איינעם פון מיינע בעזוכען אין מינסק, האב איך איהם בעגעגענט אין גאס, און בין געווען איבערראשט. איך האב געלייענט ערגיץ אין א צייטונג, אז ער איז געשטארבען, און יעצט האט ער זיך בעוויזען א לעבעדיגער פאר מיינע אויגען. ס'פערשטעהט זיך, אז איך האב זיך באלד אנגעשטויסען, אז עמיצער א וויכטיגער חברה־ניק. האט זיך געאיילט צו מאכען איהם א הספד, מיט דעם איינציגען צוועק צו זעהן זיין נאמען געדרוקט.

איך בין געווען צופרידען צו זעהן איהם א לעבעדיגען. מיין ערשטען לעהרער פון רוסיש. און וועמעם לעהרער אין מינסק איז ער ניט געווען? וואו איז געווען אין מינסק אנ'ארי־מער, צי א באלעבאטישער יונגעל, וואס איז ניט געגאנגען צו לעדער'ן אין קלאס?

זעכציג יאהר האט ער אבגעדיענט „דער השכלה“, געדינט טריי מינסקער ארימע לייט און באלעבטים — צוויי מאל „ני־קאלאיעווסקע סלוזשבע“ און נאך מיט צעהן יאהר מעהר. זיין דינסט האט ער אנגעהויבען צו אכצעהן יאהר, א בן שמונה עשרה, און האט זי געענדיגט א זקן פון אכט און זיבעציג.

ווער האט אין מינסק ניט געקענט לעדער'ן? אויף וועמען האט ניט געמאכט א שטארקען איינדרוק זיין שווארצער, דאכט זיך, העסליכער, און דאך שטרענג טיפישער און זעהר סימפא־

טישער פנים? ווער עס האָט איהם איינמאָל געזעהן, האָט איהם ניט געקאָנט פערגעסען.

זעכציג יאָהר איז ער געווען א שול־לעהרער ביי יודען. זינט עס האָט — אויסדריקענדיג זיך אויפ'ן מליצה־שטייגער — אנגעהויבען צו בלאָזען א ווינטעל פון „השכלה", ביז עס האָט אנגעהויבען צו רייסען דער שטורם פון דער רעוואָלוציע. אין זיין שול זענען געזעסען די ערשטע פויגעלעך פון דער אויפ־וואכענדיגער השכלה, און אויף דיזעלביגע בענק, אפשר — וואָרום די בענק זענען געווען זעהר, זעהר אַלטע, — זענען גע־זעסען זייערע אייניקלאַך אין ארבייטער־בלוזעס, און געהערט אַלע אווענד לעקציעס פון גריגאָרי אַנדרייעוויטש גרשוני.

יאָהרען זענען פערגאַנגען און יאָהרען זענען געקומען. נייע אידעען, נייע וועלט־אנשויאונגען זענען געבאָרען געוואָרען און אבגעלעבט, און אנדערע — אי מענשען, אי בעוועגונגען, האָ־בען פערנומען זייער פּלאַץ, באהערשט די וועלט און ווידער פערשוואונדען, אום צו לאָזען זייער פּלאַץ נאָך נייערע דורות און שטרעבונגען, — און ער, לעדער, צופאַסענדיג זיך צו יעדען דור און זיינע פאָדערונגען, שטעהט כסדר אויף זיין פּאָסטען און לעהרנט יודישע קינדער דאָס, וואָס געהט קיינמאָל ניט ארויס פון דער מאָדע. ער לערנט זיי שרייבען יודיש און רוסיש, גרייט זיי צו צום לעבענס־קאמפף און מאכט זיי דעם קאמפף גרינגער, אויף וויפיעל ער פערמאָגט.

מעהר ווי לייענען און שרייבען, אויף וויפיעל דאָס איז נוי־טיג צום אלטעגליכען לעבען, האָט לעדער ניט אויסגעלערנט זיי־נע קינדער. ער אליין איז געווען ניט פיעל געבילדעט: האָט וויניציג געלעזען: אמאָל האָט ער אפילו געפּרובט שרייבען א קאָרעספּאָנדענץ אין א צייטונג — האָט ער מיר דערצעהלט — נאָר מ'האָט זי ניט געדרוקט. ער האָט מיר אמאָל פערטרויט, אַז ער שרייבט א טאָג־בוך, נאָר איך בין זיכער, אז דער טאָג־בוך איז שוין לאנג ביי איהם פערפאַלען געוואָרען, און ער האָט זיך לאנג אָן איהם פערגעסען. בכלל איז לעדער ניט געווען פון די משכילים, וואָס האָבען אנ'אונרוהיגע נשמה, וואָס זוכען עפּעס. זיין שול איז געווען אי זיין פּראָפעסיע, אי זיין איינצי־

נער אידעאַל. צעהנדליגער יאָהרען לאַנג איז ער געשטאַנען פאַר זיין לעהרער־טישעל און איינגעטענה'ט מיט גאַנצע דורות שילער דיזעלבע כללים פון גראַמאַטיק, דיזעלבע אויפגאַבען פון אריפמאַטיק, געלאַסען, ווייך, פריינדליך. קיינמאָל איז לעדער ניט געוועזען אויפגערעגט, האָט קיינמאָל ניט געשריען, ניט גע־בייזערט זיך אויף א תלמיד. זיין פּנים האָט קיינמאָל ניט פער־לאָרען זיין נאַטירליכע רוהיגקייט און גלייכגילטיג־פריינדליכען שמייכעל. און דעריבער האָבען איהם די תלמידים שטענדיג ליעב געהאַט.

נייע שולען, מיט נייע לעהרער, וואָס האָבען אריינגעבראַכט נייע סיסטעמען אין לערנען, זענען אויפגעקומען אין מינסק, ווי אומעטום אין יודישען תחום און — אונטערגעגאַנגען. לע־דער'ס שולע האָט קיין מורא ניט געהאַט פאַר קאָנקורענץ: זי איז געשטאַנען פעסט. לעדער האָט שטענדיג געהאַט זיינע באַלעבאַטים און קבצנים מיט זייערע קינדער, וואָס זענען איהם איבערגעגאַנגען בירושה פון דור צו דור. א סך פון זיינע תלמידים זענען געוועזען האַלב אָדער גאַנץ אומזיסטע, וואָס פאַר זיי האָט שטאָדטישע „מעשטשאַנסקע אופּראַווע“ איהם גע־צאָהלט עטליכע צעהנדליג רובל א יאָהר. און די, וואָס האָבען אליין געצאָהלט, האָבען געצאָהלט זעהר ווינציג און גאַנץ אָפט — ניט צו דער צייט, אָדער גאָר ניט געצאָהלט. לעדער האָט מיט זיי „מטיב“ געוועזען, ניט געדריקט שטאַרק און דעריבער האָבען די, וואָס זענען ניט געוועזען אין שטאַנד צו צאָהלען, בעסער אָב־געגעבען זייערע קינדער צו לעדער'ן, כאָטש אַלעמען איז געוועזען בעקאַנט, אז זיין שול איז א ביסעל צו אַלט־פרענקיש.

דאָס רוב פון זיינע תלמידים, קינדער פון דער מאַסע, האָ־בען אפילו ניט געענדיגט די שול. קוים האָבען זיי זיך אויסגע־לערנט אביסעל רעכענען, אביסעל לעזען, שרייבען יודיש און רוסיש, זענען זיי אוועק „זוכען א תכלית“: די אין א קראָם, די צו א מלאכה, די אין דער האַנדווערקשול. דאָך זענען ניט ווענינ פון זיינע תלמידים, בעקומענדיג ביי איהם דעם ערשטען שטויס צו בילדונג, אוועק שטודירען אין מיטעלע און העכערע שולען,

און לעדער האָט צווישען זיינע געוועזענע תלמידים א סך דאָק־טוירים, יוריסטען, אינזשענערן, טעכניקער א. אז. וו.

מיט לעדער'ס שול איז ענג פערבונדען גרשוני'ס קולטור־רעלע טעטיגקייט אין מינסק. גרשוני איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט מיט פיעל מיה איינגעפיהרט אָווענד־קורסען פאַר דערוואקסענע יונגע לייט אין דעם יודישען תחום פון רוסלאַנד. מ'האָט דאָס געמוזט מאכען אין לעדערס שול, ווייל ער איז גע־שטאנען ביי דער נאַטשאַלסטוואָ העכער, פון יעדען פּאָליטי־שען חשד. די קורסען זענען געווען כלומר'שט ספּעציעל פאַר ישיבה־לייט, אָבער דאָך האָבען זיך דאָרט געפונען ניט ווייניג בחורים אין שווארצע און רויטע העמדלאָך.

געשלאָסען געוואָרען איז לעדער'ס שול ערשט ביים סאַמע איינבראָך פון דער רוסישער רעוואָלוציע. ער האָט שוין קיין כוח ניט געהאַט צו פיהרען זי זעלבסשטענדיג. דאָך האָט ער געהאַט געלערנט עטליכע שעה אין טאָג. א בעל הוצאה איז לע־דער געווען תמיד א קליינער. מען האָט אויף איהם קיינמאָל ניט געזעהן קיין נייעם בגד. זינט איך קען איהם, דוכט מיר, איז ער געגאנגען אין דעמזעלבען פערשמאָלצעוועטען אלטען הוט און אל־טען ראָק, האלב א הייננטמאָדישער סורדוט, האלב אַן'אלטמאָדישע קאַפּאָטע. געלעבט און געפיהרט האָט ער זיך, ווי אַן'אָרימער באַ־לעבאָס, און אויף זיין פּנים איז שטענדיג געלעגען א צופרידע־נער שמייכעל פון „א שמח בחלקו" !

דעמאָלט, בשעת איך האָב איהם בעגעגענט אין גאַס, זי־צענדיג אויף א בענקעלע נעבען א טויער, איז ער געווען שטאַרק אראָבגערוקט, זעהר געעלטערט און שוואַך. ער האָט אויסגע־זעהן ווי א חורבה, וואָס האלט אָט אָט ביים איינפאַלען. מיט זעקס, זיבען יאָהר צוריק פלעגט ער זיך מיט מיר גרוסען, בע־געגענדיג זיך אין גאַס. יעצט האָט ער מיך ניט דערקענט. ערשט, אז איך האָב איהם געזאָגט אייניגע סימנים, האָט ער זיך דער־מאָנט, און האָט אויסגעוויזען זעהר צופרידען. עס האָט איהם דעם לעצטען יאָהר כמעט ניט געטראָפען, אז עמיצער פון זיינע געוועזענע תלמידים זאָל איהם אבשטעלען און פרעגען : ווי איהם געהט ?

ביז פאר א יאָהרען — האָט ער נאָך געאַרבייט — גענעבען אוראָקען אין תלמוד־תורה. דעם לעצטען יאָהר אָבער האָבען זיך אי די פיס, אי דער מוח גענומען אָבזאָגען צו פאָלגען. פון שטוב קען ער, אין א גוטען וועטער, ארויסגעהן און געהן בלויז א שטיקעל גאַס, עטליכע הייזער ארום שטוב. אי דאָס מוז ער זיך אָפּט צווען אויפ'ן בענקעלע.

— וואו זייט איהר? און פון וואנען לעבט איהר? — האָב איך איהם געפרעגט.

— איך בין ביי א טאָכטער, — האָט ער מיר געענטפערט, — אָבער איך פערנעהם איהרע ניט; איך פערנעהם קיינעמס ניט. — דאנקען גאָט — האָט ער ווידער געזאָגט, און זיין האלב אויסגעלאָשענע אויגען האָבען א בלישטשע געטאָן, און אויף די ליפּען האָט זיך אויסגעגאָסען א צופרידענער, כמעט גליקליכער שמייכעל, — דאנקען גאָט: איך האָב אָבגעלעבט אכט און זיבעציג יאָהר און ביי קיינעם ניט פערנומען, קיינעמס ניט אָנגעריהרט, מיט קיינעם א וואָרט אויף א וואָרט ניט פער־ביטען. אלע זענען מ״ר גוטע פריינד, און איך אלעמען. מיין גאַנצען לעבען האָב איך כשר פערדינט מיין ברויט...

— נו, און ווער גיט אייך יעצט צום לעבען? — האָב איך געפרעגט. — העלפען אייך די גוטע פריינד צו די עלטערע יאָהרען?

— דער קיסר גיט מיר! — האָט ער מיר געענטפערט מיט א שטאָלץ. — איך דארף קיינעמ'ס ניט. איך האָב מיין פּענ־סיע, צוועלף רובל א חודש, איז מיר גענוג. וויפיעל דאַרף איך?

עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז זינט ער האָט געהאלטען די שול — 40 צי 50 יאָהר, האָט מען ביי איהם אראָבגענומען יעהרליך פון זיין געהאלט און דערפון געהט דאָס צוועלף רובל א חודש, וואָס „דער קיסר גיט איהם".

— נו, און די שטאָדט? — האָב איך געפרעגט, — איהר האָט דאָך געדינט זעכציג יאָהר נאָכאַנאַנד: איך גלויב, אז האלב מינסק זענען אייערע תלמידים, — העלפט אייך עפּעס די שטאָדט? שטיצען אייך די גבאים פון תלמוד־תורה, וואו איהר האָט יאהרענלאנג געדינט?

— ניין, די שטאָדט גיט גאָרנישט, תלמוד־תורה אויך ניט.

— אונדאַנקבאַרע מענשען! זעכציג יאָהר האָט דער אַלטער אינוואַליד אַבגעדינט מינסקער באַלעבאַטים, און קיינעם אַרט ניט: פון וואַנען ער לעבט און ווי אַזוי ער דערלעבט זיינע לעצטע טעג.

איך האָב אויסגעדריקט מיין פּעררדרוס איבער דעם פאַר דעם אַלטען. אָבער ער האָט מיר בעמערקט מיט דער זעלבער גלייכגילטיג־צופרידענער מינע.

— ניין, ניין... איך האָב צו קיינעם גאָרנישט. אַ דאַנק גאָט אָבגעלעבט כשר מיין לעבען, ביי קיינעם ניט פערנומען, קיינעם ניט אַנגעטראָטען... איך בין צופרידען. נאָר... נאָר, עפּעס... אַמאָל וואָלט זיך וועלען עפּעס... אַ זויערס, צי געזאַל־צענס, זאָל זיין עפּעס צום הארצען... עסען ווילט זיך גאָר ניט... גאָר ניט... גאָר ניט...

די איינציגע זאַך, וואָס דער אַלטער האָט פערלאַנגט...

# דער סוף פון אַ רעדאַקטאָר.

ער שטעהט מיר פאר די אויגען אַ לעבעדיגער: אַ דינער, אַ נידעריגער אין וואוקס, אין אַ שוואַרצער פעלערינע מיט געלע און גרינע פלעקען פון אַלטקייט, אין אַ קיילעכדיגען, שוואַרצען, ווייכען, נידעריגען קאַפעליוש, נאָך עלטער און מיט מעהר שטויב און פלעקען, ווי דער אויבערשטער בגד זיינער. ביידע מלבושים ניט זעהר פיעל יונגער פון איהם אַליין. פלעגט אומגעהן ווי אַ שאָטען איבער די גאַסען, איינגעבויגען אַביסעל, מיט זיין שטעקעל, אבער נאָך גאַנץ ריהרעוודיג.

שוין לאַנג, אַז וואָהלמאַן, דער בעריהמטער מינסקער העבּראיסט, משכיל און רעדאַקטאָר, איז געווען „אַרויס פון דער מאָדע". ער פלעגט אומגעהן, ווי אַ לעבעדיגע מצבה. שטענדיג אונטער'ן האַנד מיט אַ וועלכען ס'איז חקירה־ספר גאָר פון די אַלטע. פון די נייע האָט ער ניט געהאַלטען. אפילו אין ביאַליק'ן האָט ער קיין טעם ניט געפיהלט, און האָט ניט געקענט פערשטעהן, וואָס מאַכט מען דאָ פון איהם אַזאַ וועזען.

פונדעסטוועגען איז דער אַלטער וואָהלמאַן אַמאָל אַ קעמפּפער געווען. אַ רעוואָלוציאָנער פון דער השכלה. האָט אַ ראָלע געשפּיעלט אין דער יוד׳שער ליטעראַטור. פאַר זיין נאָמען אַליין האָט מען דורך אַרץ געהאַט. נאָך איצט דערצעהלט דער גרייזגראָהער משה פּאַליאַק, דער מינסקער מיליאָנער, וואָהלמאַנ'ס געוועזענער תלמיד, אַז ווען זיין טאַטע האָט געקראָגען פאַר איהם וואָהלמאַנען פאַר אַ לעהרער, איז דאָס געווען אַ גרויסע זכית.

---

ניט אלע גבירים האבען אזא זכיה געהאט: וואהלמאנען פאר א לעהרער צו האבען.

נאר וואהלמאן איז געווען איינער פון די משכילים, פיי־לייכט דער איינציגער, וואס איז געשטאנען וועהר נאהענט צום פאלק. ער האט מיט זיין השכלה און מליצה געשוועבט צווישען די באלעבאטישע און גבירישע קרייזען, און מיט זיין לעבען האט ער געשטעקט אין פאלק, געלעבט שטענדיג אין אן ארימער כאלופקע, צווישען די ארימסטע מאסען. דעריבער האט ער גע־קענט אויסגעצייכענט זייער לעבען. האט, ניט ווילענדיג, גע־שריבען אויף שירים אין יודיש און הומאריסטישע סצענען פונ׳ם פאלקס־לעבען. זיינע „ווייבערשע קניפלאך" זענען געווען דאס ליעבלינג־ביכעל פון אלע פשוט׳ע ווייבלאך און מיידלאך.

וואהלמאן איז אויך געווען א רעדאקטאר. נאר אויף א „שעה". ער האט ארויסגעגעבען א זשורנאל „הכוכבים" (די שטערען). אין זשורנאל האבען אנטייל גענומען די בעסטע העברעאיש־ליטערארישע קרעפטען פון יענער צייט. און אבא־גענטען האט ער געהאט פון אלע עקען וועלט. נאר א פייער האט פערברענט די עקזעמפליארען פון דעם ערשטען העפט, צוזאמען מיט דעם אבאנאמענט־געלד, מ״ט דעם גאנצען פערמעגען וואהל־מאנס. פון דעמאלט אן האט ער שוין ניט געקענט קומען צו זיך.

איך האב געזאגט, אז וואהלמאן איז שוין לאנג געווען „ארויס פון דער מאדע." דאך האט ער געגעבען „אוראקען" כמעט ביז דעם לעצטען יאהר פון זיין לאנגען לעבען. ביי די קלויזניקעס, ביי ארימע באלעבאטים איז ער נאך אלץ געווען שטארק אנגענומען. דערצו א״ז ער געווען אן אמת׳ער קענער פון דער שפראך; האט אויך געקענט דייטש און געווען א גרויסער תלמודיסט. לעקציעס האט ער געהאט, נאטירליך, גראשענע. נאר, לעבענדיג זעהר ארים, ווי א מענש פון דער מאסע, האט ער ניט געדארפט אנקומען צו פרעמדע.

אזוי איז דאס געגאנגען ביז צום ענדע פון זיין 79טען יאהר. אויפ׳ן 80־טען יאהר האט שוין דער אלטער מעהר קיין קרעפטען ניט געהאט צו געבען אוראקען. פאר די לאנגע, לאנגע

יאָהרען פון זיין לעהרער־דינסט האָט ער געוויס טויזענדער שי־לער איבער דער גאַנצער וועלט געהאַט. אַ סך פון זיי זענען געבילדעטע און רייך. אין מינסק אַליין איז די צאָהל פון וואַהלמאַנס תלמידים אין די הונדערטער. נאָר קיינער פון די אונדאַנקבאַרע הארטע מענשען האָבען אַן זייער לעהרער ניט געדאַכט.

נאָר בשעת אַ פּאָר פון זיינע בעקאַנטע, זעהענדיג דעם עלענד און די גרויסע נויט פון דעם קראַנקען זקן, האָבען אַ ליאַרם געמאַכט אין שטאָדט, האָבען זיך מינסקער גבירים „דער־באַרמט“ אַן דעם אַלטען וואַהלמאַן און האָבען בעשלאָסען איהם צו געבען צוויי רובל אַ חודש פונ׳ם „חונן דלים“, דעם בעטלער־קאָמיטעט.

אין די גרויסע פרעסט האָט דער אַלטער, פערלאָזענער און שוואַכער וואַהלמאַן געדאַרפט געהן אַלע וואָך נאָך זיינע פופציג קאָפּיקעס, שטעהן אין דער לענג פון אַ גאַנצער שורה בעטלער און וואַרטען שטונדען־לאַנג ביז עס וועט אָנקומען זיין רייה. איינמאָל — דערצעהלט מיר אַ בעקאַנטער מינסקער יודישער בוכהענדלער — האָט מען וואַהלמאַנען אַ האַלב דערפראָרענעם און גע׳חלש׳טען אריינגעטראָגען צו איהם אין קראָם. מ׳האָט דעם אַלטען קוים אָבגעמינטערט און צו זיך געבראַכט.

דאַן האָט מען נאָך אַמאָל אַ ליאַרם געמאַכט. און מינס־קער בעלי־צדקות־אינטעליגענטען זענען נאָך מעהר „ווייכ־הערציג“ געוואָרען, דאָס מאָל האָט מען שוין דעם קראַנקען צוויי און ניינציג יעהריגען העברעאישען שריפטשטעלער אין „באַגאַדיעל“ אַ בעטעל געגעבען. דאַרויף האָט זיך דער מינס־קער עולם פּאָלקאָם בערוהיגט, און מ׳האָט איהם אפילו אויפ־געהערט צו געבען די צוויי רובל אַ חודש פון „חונן דלים“. אַ יאָהר צייט האָט דער אַלטער געצאַנקט אין דער „באַגאַדיעל“, און קיינער, קיינער פון זיינע הונדערטער תלמידים, פון די גע־וועזענע מינסקער משכילים און איצטיגע אינטעליגענטען האָבען ניט אריינגעקוקט אין באַגאַדיעל, ניט געקומען געוואָר ווערען דעם אַלטען וואַהלמאַן.

אַן איינציקעל — זאָגט מען — איז דאָ זיינער אין פּאַריז—

א בעריהמטער געלעהרטער (צוויי טעכטער וואהלמאנס זענען אַרים). האָט דער בעריהמטער געלעהרטער, אַ פּנים, אויך גע־רעכענט צו נידריג פאר זיין געלעהרזאמקייט־ווירדע צו דערמאָהנען זיך אמאָל אַן דעם אַלטען זיידען.

נאָר די פּעטערבורגער יודישע געלעהרטע „מיסטאַריש־עט־נאָגראַפישע געזעלשאַפט" האָט זיך יאָ דערמאָנט, אַז פאר דער יודישער געשיכטע און קולטור־געשיכטע איז וואָהלמאַן אַן אמת'ער אוצר, און זי האָט איהם פאָרגעשלאָגען, אַ קורצע צייט פאר זיין טויט, ער זאָל שרייבען פאר איהר זיינע „ערינע־רונגען".

דערביי האָט זי אבער פערגעסען, אז אזא אלטער מאן דאַרף האָבען כח אין די פינגער, אום ער זאָל קענען שרייבען „זכרונות" און אום צו האָבען כח אין די פינגער, דאַרף אפילו א דריי און ניינציג יעהריגער זקן האָבען וואָס צו עסען...

די פּעטערבורגער געלעהרטע יודען האָבען איהם אויף ברויט ניט געשיקט.

איז געקומען דער טויט, און האָט אויסגעלייזט דעם אַלטען וואָהלמאַן פון די פּעטערבורגער געלעהרטע יודענ'ס כבוד און פון די מינסקער בארמהערציגע חסדים...

# ר׳ גרשון תנחום און ראָטשילד.

ר׳ גרשון תנחום איז געווען איינער פון די מערקווירדיגס־טע מינסקער רבנים מיט פופציג יאָהר צוריק. דאָס איז געווען א בייזער יוד, אבער א גרויסער למדן און האָט אָנגעשריבען — דערצעהלט שמחה דער שוסטער, זיין געוועזענער לייב־שמש — דריי און דרייסיג חבורים. ער איז געווען זיין גאנצען לעבען א „חלוש", און כמעט דער ערשטער פון די רוסישע רבנים, וואָס פלעגט שוין דעמאָלט, פאָהרען אלע זומער קיין אויסלאנד.

דער עיקר אָבער, וואָס האָט געוועקט גרוים „דרך ארץ" צו רבי גרשון תנחום׳ען פון די מינסקער באַלעבאַטים און גבירים, איז געווען זיין נאָהענטע בעקאנטשאפט מיט דעם פראנקפורטער ראָטשילד, וועלכער האָט ליעב געהאַט דעם מינסקער רב און פלעגט איהם שטארק אונטערשטיצען, וועגען ר׳ גרשון תנחום׳ס נאָהענטע מחותנ׳שאפט מיט „רויצילט׳ען" (ראָטשילד אויפ׳ן לשון פון מינסקער ווייבער) געהען אום אין מינסק גאנ־צע לעגענדעס און איך וועל דאָ ברענגען א פּאָר פון זיי.

אמאָל האָט „רויצילט" פארבעטען ר׳ גרשון תנחום׳ן, שבת נאָכ׳ן דאווענען, צו זיך אויף „לעקאך און בראנפען." דאָס איז געווען נאָך דער ערשטער בעקאנטשאפט צווישען דעם מינסקער רב און דעם פראנקפורטער יודישען מיליאָנער. ר׳ גרשון תנחום איז דורכגעגאנגען מיט „רויצילט׳ען" א גאנצע רייהע „שאַליעס"

און זיין אויג האָט זיך ניט געקענט אָנקוקען זאַט אויף די „פּלאַי־פּלאַים“, וואָס ער האָט דאַרטען, אין די שאַליעס, געזעהן.

„נו, — קלערט ר׳ גרשון תנחום — „מיר׳ן שוין זעהן, וואָס מ׳גיט ביי „רויטצילט׳ן“ צו קידוש פאַר א לעקאַך און בראָנ־פען. ניט גלייך, מסתמא, צו אונזערע גבירים. איך וועל שוין האָ־בען אין מינסק צו דערצעהלען און דערצעהלען.“

אריינגעקומען אין דעם קידוש־זאַל. דער זאַל איז נאָך מעהר חדושים׳דיג, ווי אלע פריהערדיגע שאַליעס. אבער דער טיש אליין, אין מיטען זאַל, איז א גאַנץ געוועהנליכער. אויפ׳ן טיש שטעהט א פלאַש וויין. ביי די זייטען טיש ארום און ארום פאַר אלע שענע יודען, וואָס זענען צוזאַמען מיט איהם געקומען צו „רויטצילט׳ען“ אויף קידוש, שטעהען פשוט׳ע כוסות מיט וויין, אונטער יעדען כוס א טעלער ניט קיין וויסער פּאָרצעלאַיענער, נאָר א פשוט׳ער, א ליימענער. קיין צובייסען איז גאָר ניט געווען.

ר׳ גרשון תנחום חדושט זיך און קוקט: וואָס דאָ וועט זיין.

„רויטצילט“ זעצט זיך צום טיש. זיין גאַנצע געזינד אנטקעגען איהם. די שענע יודען ביי די זייטען. און איהם, ר׳ גרשון תנחום׳ען, זעצט ער, „רויטצילט“, נעבען זיך, ביי דער רעכטער האַנד.

דער בעל הבית מאַכט קידוש. אלע שענע יודען און זיינע זיהן נאָך איהם. ר׳ גרשון תנחום — אויך, און קלערט: מסתמא וועט׳ן באַלד ברענגען מזונות. „רויטצילט“ און אלע נאָך איהם טרינקען שוין דעם וויין. ר׳ גרשון תנחום האָט פרום, מיט גרויס כונה, אָבגעמאַכט קידוש; גיט א זופּ פונ׳ם כוס און קלערט: מסתמא איז ביי „רויטצילט׳ען אַזאַ מנהג: קידוש אָהן „מזונות“.

פּלוצלונג זעהט ער, ווי „רויטצילט“ און דער גאַנצער עולם מאַכען א ברכה „מזונות“ נעהמען די ליימענע טעלער אין די הענד און צוברעכען.

— שבת! שבת! — האָט דער פאַרציטערטער רב געוואַלט געבען א געשריי. נאָר ווי ערשט ער איז ער געוואָרען, ווען ער האָט א קוק געטאָן, ווי דער גאַנצער עולם, מיט „רויטצילט׳ן“

בראש, האבען זיך א נעהם געטאַן שפּאַרען די צעבראָכענע שטי־
קער טעלער אין מויל אריין.

— נעהמט אויך, רבי, נישט קשה, אויף מיינע אחריות...
ס׳וועט אייך גאָר נישט שאַדען, האָט זיך צו איהם „רויצילט“
געווענדעט צעברעכענדיג זיין טעלער און מכבד זייענדיג איהם.
רבי גרשון תנחום׳ען, מיט א צעבראָכען שטיק. „אייערע באַ־
ריסעווער איינגעמאכטס, זאָגט ראָטשילד, האָט א שם אין דער
וועלט, נאָר מיט מיינע „לעקאַך“ האָב איך זיך אויך ניט וואָס
צו שעמען.

ר׳ גרשון תנחום האָט געמאכט א ברכה „מזונות“ און האָט
זיך טאקע באַלד איבערצייגט, אז דער טעם פון באַריסעווער
איינגעמאכטס איז גאָר „כלא“ אנטקעגען דעם טעם פון „רוי־
צילט׳ס“ „ליימענע טעלער“...

---

עס איז ידוע, אז מינסק ברענט אַלע יאָהר. מינסקער יודען
ווייסען פון וואַנען דאָס קומט. דאָס קומט פון דעם „שאגת
אריה“. ווען מינסקער קהל האָט דעם „שאגת אריה“ אויף אַק־
סען ארויסגעפיהרט פון שטאָדט האָט ער, דער רב, פערשלאָ־
גען מינסק, אז זי זאָל אַלע יאָהר ברענען.

די מינסקער פּאָליציי אבער האָט ניט געגלויבט אין דעם
„שאגת אריה׳ס“ קללה. זי האָט גע׳טענה׳ט, אז יודען אליין
צינדען אונטער.

האָט איינמאָל אויסגעבראָכען א פייער אויף טורעצקער
בארג. אין דעמזעלבען הויז האָט געוואוינט איין אָרימער מלמד.
דער מלמד האָט גאָר נישט געהאט וואָס אַנצואווערען, האָט ער
געכאַפּט אַ עמער וואַסער און — געלאָפען לעשען.

ס׳זענען אַנגעלאָפען פּאָליציי און פייערלייט און מ׳האָט
געפּאַקט דעם מלמד אויפ׳ן בוידים, שיער ניט א פאַרברענטען.

דעם מלמד׳ס טענה, אז ער איז געלאָפען לעשען, האָט ניט
געהאָלפען. זעקס גויים און, צווישען זיי דער פּאָליצמייסטער
אליין, האָבען געשוואוירען, אז דער יודישער מלמד האָט אונ־
טערגעצונדען.

די פּאָליציי איז געווען זעהר בייז, און יענע צייט איז

בכלל געווען א שטרענגע. האט מען דעם מלמד פער׳משפט: „ראזסטרעל״, ד. ה. שיסען.

אזוי וועניגסטענס דערצעהלט שמחה דער שוסטער.

אין שטאדט איז געווארען א גרויסע מהומה. ר׳ גרשון תנחום האט דאס דערהערט: ס׳טייטש! א יודען שיסען! אויף ראזסטרעל! דאס האבען די „אבות אבותינו״ ניט געהערט! „זיי״ זאלען איינפיהרען אזא מאדע איז כלל ישראל אין סכנה.

ר׳ גרשון תנחום האט קיינעם גאר נישט געזאגט, געכאפט „פאטשט״ און איז געלאפען צו ראטשילדען.

דארף זיך מאכען, אז גראד, אין יענער צייט, איז דער קיסר ניקאלאי געווען אין פראנקפורט־אם־מאין. און דער שטויגער איז געווען, אז וואס פאר א גרויסער לייט, אפילו דער מלך אליין, וואס איז געקומען אין פראנקפורט־אם־מאין, פלעגט ער זיך אבשטעלען אין ראטשילד׳ס פאלאץ. ווארום קיין שענערע פאלאצען זענען דארט ניטא. און אז דער קיסר איז פערפאהרען צו ראטשילד׳ען, פלעגט ער דאך, מסתמא, אומגעהן מיט איהם שפאצירען אונטער׳ן האנד. אט אזוי ווי צוויי גלייכע מענשען.

נו, האט מסתמא ראטשילד דערצעהלט ניקאלאיען: אזוי און אזוי, אדוני מלך! אין מינסק האט מען אן אומשולדיגען יודען פער׳משפט צום „ראזסטרעל.״

האט דער קיסר גלייך געהייסען קלאפען א דעפעש אין מינסק. פרעגען: וואס איז פאר א מעשה מיט דעם יודען.

ענטפערט מען איהם: אזוי און אזוי, אדוני מלך! זעקס קריסטען און דער פאליצמייסטער אליין האבען געשוואוירען.

איז געווארען שפל ניקאלאיען. ראטשילדען אבזאגען קען ער ניט. ער וויים, אז דער ארימער מלמד איז געווים אונשולדיג. אבער זעקס קריסטען, די געהויבענע פון שטאדט, האבען געשוואוירען. פאסט דאך ניט: דעם רב יע צו גלויבען און זיי ניט.

האט דער קיסר געהייסען, מ׳זאל דעם מלמד פארבייטען דעם „ראזסטרעל״ אויף סיביר.

---

אין צוויי יאָהר אַרום איז אָנגעקומען ר׳ גרשון תנחום׳ען אַ בריעף מיט פיינע רגל־געלד פון סיביר. דאָס איז געווען פונ׳ם מלמד. ער האָט געשריבען דעם רב, אַז סיביר איז פאַר איהם אַ גליק געווען. ער האָט דאָרט געוואָרפען די מלמדות, איז גע־וואָרען אַ סוחר, און איז, ברוך השם, אַ נגיד. הלואי, אויף אַלע יודען געזאָגט געוואָרען...

# די טראַגעדיע פון אַ העברעאישען „מארק טוויין".*

צום גליק האָב איך נאָך א י ה ם געכאַפּט א לעבעדיגען. ער איז שוין אויף א זקן פון א יאָהר אכציג; האָט אויך געשפּילט אמאָל א ראָלע אין דער העברעאישער ליטעראַטור, נאָך מעהר פון וואָהלמאַנען. ער האָט פערנומען אזא פּלאַץ, אויף וועלכען ער האָט קיין קאָנקורענטען ניט געהאַט. ער איז געוועזען און געבליבען ביז היינטיגען טאָג דער איינציגער העברעאישער „מארק טוויין." זיין סאַטירע האָט ער אבער געשריבען ניט אין דער פאָרם פון ערצעהלונגען, ניט אין דער געשטאַלט פון פעליעטאָנען. ער האָט פאר זיין שארפער בייסענדער פעדער געשאַפען א נייעם סטיל, דעם סטיל פון*„מדרש" און „גמרא". זיינע סאַטירען זענען געדרוקט געווען אונטער דעם אלגעמיינעם טיטעל „מדרש סופרים", ד. ה. שרייבערשער מדרש. דאָס איז געווען א העכסט קינסטלערישע וואונדערליכע נאכמאכונג דעם נאַאיווען „גמרא לשון". פאר די אמאָליגע משכילים די לעזער פון פרץ סמאָלענסקין'ס „השחר" איז ממש געווען א יום טוב, ווען זיי האָבען דאָרט געפונען בריל'ס „מדרש סופרים", בריל'ס סאַטירען זענען געווען אונגעהויער גאַלליק און זעהר בייסיג. ער האָט קיינעם ניט געשוינט. אונטער זיין סאַטירישען מעסער איז ניט גאַנץ געבליבען קיין איין דונקעלע זייט פון יודישען לעבען. פונדעסטוועגען האָבען אפילו די „קרבנות" פון זיין סאַטירע געלעקט די פינגער פון זיין „מדרשים". ווייל ווי בייז ער האָט ניט אָנגעגריפען זיינע אָפּפער, איז דאָך דורך דעם

תמימות׳דיגען, ווייכען מדרש־סטיל, פערלאָרען געגאַנגען דער גיפט פון דער סאַטירע. אמאָל — דערצעהלט מיר דער אַלטער — האָט מיך דער טייוועל געטריבען אנשרייבען א „מדרש" אויפ׳ן רעדאַקטאָר ד. ה. אויף סמאָלענסקינען אליין. איך האָב אוועקגע־שיקט דעם „מדרש". דערנאָך האָט עס מיר מורא׳דיג פערדראָ־סען. נו, קלער איך, דאָ וועט שוין זיין א סוף צו מיין שרייבען אין „השחר". מיט א ציטערדיג הארץ ווארט איך אויפ׳ן נאָ־ענטסטען ביכעל „השחר". ס׳קומט אָן דאָס ביכעל. איך נעהם בלעטערען. עס טרייסלען מיר די הענד. איך טו א קוק: מיין „מדרש" איז דאָ! דערנאָך האָב איך זיך בעגעגענט מיט סמאָ־לענסקין אויף זיין רייזע איבער רוסלאַנד. „סטייטש!" פרעג איך איהם, ווי טוט איהר דאָס?" אויף זיך אליין! — ס׳איז אבער געווען, ענטפערט סמאָלענסקין, „הפלא", אויסגעצייכענט געשריבען. דער עיקר אבער: ס׳איז געווען אמת.

דער אַלטער בריל האָט ניט פארלאָרען זיין סאַטירישע שטי־מונג, אפילו איצט ביי זיינע אכציג יאָהר. ער האָט מיר דערלאַנגט א ביכעל „קצור שלחן ערוך" פאר קאַפּיטאַליסטען, וואָס ער האָט ניט לאַנג צוריק געדרוקט. דאָס ביכעל איז גע־שריבען אין דעמזעלבען סטיל, ווי זיינע אמאָליגע מדרשים, און לעזט זיך מיט דעמזעלבען אינטערעס. א פּאָר דינים פונ׳ם בי־כעל גיב איך דאָ איבער אין יודיש, און דער לעזער וועט זעהען, אז אפילו אין יודישער איבערזעצונג, פארלירט בריל׳ס סאַטי־רע ניט איהר זאַלץ.

(פונקט 13 צו דינים פאר אָנזעצער). אָנזעצער מאַכען א ברכה „שהחיינו". ווארום ניט אַלע טאָג טרעפט זיך א נס צו מאַכען אָן אָנזעץ. אין דער „מסיבתא שטרות" („וועקסלען") איז אפילו דאָ א קלער, אַז מ׳דארף מאַכען צוויי ברכות — פריהער „על נטילת ידים"*) און דערנאָך „שהחיינו". נאָר מיר פסקענען, ווי דער לעצ־טער תנא הייסט, אַז מ׳מאַכט אַ ברכה נאָר „שהחיינו".

---

*) „על נטילת ידים", הייסט בוכשטעבליך צונעהמען מיט די הענד. דערפון מאַכט דאָס פאָלק א ווערטעל: „צוציהען", צו׳גנב׳ע־נען, אוועקנעהמען יענעמ׳ס.

(פונקט 26. דינים פאר רייכע דאטשניקעס). אַ גאַנצען זו־מער זענען דאַטשניקעס פּטור פון אַלע שטאָדטיגע צדקות און מיט־גליד־אָבצאָהלונגען אין חברות. און די קינדער זייערע זענען פּטור פון לערנען, פון דאַוונען און פון אַלע מצוות און מנהגים; און די טאַטעס צאָהלען די לעהרער און מלמדים קיין גראָשען ניט.

דער אלטער בריל איז שוין אויך ארויס פון דער מאָדע, ווייל עס זענען אַנגעשטאַנען נייע לעהרער מיט נייע מעטאָדעס. כאָטש די נייע לעהרער זענען קעגען דעם אלטען בריל פּשוטע „עם הארצים". פונדעסטוועגען האָט בריל ביז דעם לעצטען יאָהר געהארעוועט, געגעבען אוראקען. אמת, בלויז אין די הייזער פון אלטע באלעבאטים, וואָס געדענקען נאָך זיין אמאָליגען יחוס. די לעצטע צייט איז אבער דער אלטער שוואך און קראנק. שלעפּט זיך קוים ארום מיט אנגעשוואָלענע פיס. האָט מען ווע־גען איהם אויך געמאכט א טומעל אין דער פרעסע, פאר דער גרויזאמער גלייכגילטיגקייט פון דער געזעלשאפט צום שיקזאל פון דעם אמאָל בעריהמטען העברעאישען סאטיריקער. עס האָט זיך אבגערופען קוים, קוים, די פּעטערבורגער בילדונגס־געזעל־שאפט מיט הונדערט רובל אין איהר מינסקער אבטיילונג מיט פינף און צוואנציג.

פון מיין געשפּרעך מיט'ן אלטען בריל האָט זיך ארויסגעווי־זען, אז ער האָט ניט אוועקגעלעגט די פעדער ביז דער סאמע לעצטער צייט. און אפילו איצט שרייבט ער אויך. ער האָט פער־פאסט א תלמודישען לעקסיקאָן אין זעקס בענדער און אויב די „פּעטערבורגער בילדונגס־געזעלשאפט" וועט איהם קומען צו הילף מיט'ן דרוקען, האָפט ער פון דעם דאָזיגען ווערק צו האָבען זיין חיונה ביז'ן סוף פון זיין לעבען, און ניט דארפען אָנקומען צו לייטען.

— און וואָס שרייבט איהר איצט? — האָב איך געפרעגט דעם אלטען.

— איצט שרייב איך א „מענה לשון".

— וואָס הייסט א „מענה לשון"? — האָב איך געפרעגט שטארק פערוואונדערט.

איך האָב געמיינט, אין פלוג, אז דער אלטער סאטיריקער שרייבט א סאטירע אויפ'ן „מענה לשון". נאָר בריל האָט, פער־הוסטענדיג זיך שטארק, מיר ערקלערט גאנץ ערנסט:

— פשוט א „מענה לשון". א נייעם „מענה לשון". דער אלטער „מענה לשון" טויג ניט. איהר האָט איהם ווען געזעהן? הילצערנע ווערטער! א בעקאנטער מיינער איז געווען אויפ'ן „בית עולם", האָט זיך געוואָלט, ווי דער מנהג איז אויפ'ן „הייליגען אָרט", אויסוויינען ביי טאטען־מאמען אויף די קברים. האָט ער גענומען אין האנד דעם „מענה לשון". „גאָר קיין ווערטער ניט", — זאָגט ער צו מיר: פאניע בריל! פארוואָס זאָלט איהר ניט מאכען א „מענה לשון" מיט פשוט'ע ווערטער! ס'זאָל פאר'ן הארצען נעהמען... האָב איך טאקע גענומען און געמאכט... חברה קדישא האָט צוגעזאָגט עס צו דרוקען... איהר וועט איהם באלד קענען זעהן... פון מיין „מענה לשון" וועט מען וויינען...

דער אלטער סאטיריקער האָט זיך פערקייכט, און טרערען זענען איהם ארויס פון די שטארע, האלב אויסגעלאָשענע אויגען.

דער שיקזאל האָט מיט דעם העברעאישען „מארק טווין" א ביטערן שפאס געמאכט. ער, וועלכער האָט דעם גאנצען לעבען מיט זיינע שריפטען צו לאכען געמאכט, שאפט זיין לעצט ווערק — א „מענה לשון", וואָס דארף מאכען וויינען.

איבריגענס: ווער ווייס, וויפיעל מאָל איהם אליין האָבען טרערען געשטיקט, בשעת די לעזער האָבען פון זיינע סאטירישע „מדרשים" געלאכט?...

# שמחה דער שוסטער.

שמחה דעם שוסטער האָט געקענט גאַנץ מינסק. דאָס איז געווען דער איינציגער פּראָלעטאַרישער משכיל. אייגענטליך איז ער ניט געווען קיין מענש פון דער מאַסע. דאָס איז געווען א זוהן פון א געפאַלענעם בעל הבית. זיין טאַטע האָט הויפען גע־האַלטען, איז רייך געווען, דערנאָך אָבגעברענט און אָרים געוואָ־רען.

דער יונגעל שמחה האָט זיך אוועקגעלאָזען אין מינסק און איז דאָ א שוסטער געוואָרען.

די שוסטעריי האָט ער אייגענטליך ביי קיינעם ניט גע־געלערנט. פון זיך אליין איז ער די מלאכה דערגאַנגען. פּונקט ווי ער איז שפּעטער פון זיך אליין א משכיל געוואָרען.

דעם אמת זאָגענדיג, איז שמחה דער שוסטער ניט געווען קיין גרויסער ספּעציאַליסט אין שוסטעריי. ניט דערפאַר וואָס זיין קאָפּ האָט די מלאכה ניט בענומען. זיין קאָפּ איז, פּער־קעהרט, געווען צו גוט פאַר דעם אָל און דער דראַטווע. און טאַקע דערפאַר איז ער שטענדיג געווען אויף צרות. זיין קאָפּ האָט איהם, בשעת ער האָט געשלאָגען אין קאַפּיל, זיצענדיג שוין אויפ'ן נידריגען דרייפוס־בענקעל, געטראָגען אין די הויכע „עולמות" פון דער השכלה. ביי דער ערשטער, בעסטער געלע־גענהייט, האָט ער געוואָרפען דעם פאַרטוך מיט'ן דרייפוס־בענ־קעל און געלאָפען מיט א פּעקעל ספרים און בלעטער אין גאַס הערען עפּעס נייעס, דרייען זיך אַרום די משכילים. מיט אלע

שרייבער איז ער געווען א מחותן. „זאסניצען", — האָט זיך פאר מיר בעריהמט דער אלטער שמחה, — האָב איך „פרישוועס" געניייהט; „מייזאח'ן", האָב איך ניט איין מאָל „פאדנאָסקעס" (אונטערזוילען) געמאכט. מ׳ט „טשארנע דעם רייזענדער" בין איך געווען אזוי נאָהענט, אָט ווי איצט מיט אייך. מיט בערע באמפי, ר׳ זיסעלע ראפאפאָרט (אמאָליגע מינסקער גבירים— משכילים), געווען ווי א ברודער; ביי לונץ דעם דאָקטאָר — אן אייגענער מענש."

איז געקומען אין מינסק עפּעס אן אורח — א משכיל, צו א שרייבער, איז שוין שמחה דער שוסטער ביי איהם געווען. און יענער האָט אויך שמחה דעם שוסטער בעזוכט, קומענדיג צו איהם מיט צוריסענע און אוועקגעהענדיג פון איהם מיט גאנצע זוילען. געלד האָט דער שוסטער־משכיל ניט גענומען. ביי איהם איז דאָס געווען א כבוד און ער האָט אמת הנאה געהאט, ווען א שרייבער איז פון זיין שטוב מיט נייע זוילען אוועק.

אליין איז שמחה דער שוסטער זעהר זעלטען געגאנגען אין גאנצע, ניט פערלאטעוועטע־ שיך, און אין א ניט־פערלאטעטען מלבוש. אין שטוב איז ביי איהם אויך כמעט קיין מאָל ניט געווען קיין גאנצער בענקעל און גאנצע, ניט פערלאטעטע שוי־בען. ניט אלע טאָג האָט די ווייב שמחה'ס אויך בעקומען אויף ברויט מיט קרופניק. דערפאר האָט שמחה דער שוסטער געהאט איינע פון די שענסטע ביבליאָטעקען אין מינסק. און הונדערטער קלויזניקעס און גלאט אָרימע בחורים אין מינסק האָבען געהאט צו פערדאנקען זייער השכלה שמחה דעם שוסטער'ס ביבליאָטעק. ווי עס איז נאָר ארויסגעגאנגען עפּעס א גוטער בוך, האָט עס שמחה דער שוסטער געמוזט בעקומען. עס האָט געמעגט קאָסטען ווער ווייסט וויפיעל. ניט זעלטען האָט שמחה אליין און זיין ווייב און קינדער, צוליעב דער ביבליאָטעק, געמוזט הונגערן. נאָר איהם, שמחה'ן, האָט דער לייב און מאָגען גאָר ניט געקימערט. ניט אזוי גלייכגילטיג צו די מאָגען־פראגען איז געווען זיין ווייב, וועלכע האָט ניט געקענט שטילען דעם הונגער מיט דעם מאַן'ס השכלה און געמאָהנט „מזונות" אויפ'ן הויכען שטויגער.

שמחה דער שוסטער האָט אין זיך פעראייניגט אי השכלה,

אי „יראת שמים“. ער האָט ליעב געהאַט די אפּקורסישע העבּ־רעאישע שרייבער, ווי דעם לעבען. האָט אבער אויך ליעב גע־האַט פרומע יודען און רבנים. ביי ר' גרשון תנחום, דעם בע־ריהמטען אַלטען מינסקער רב, איז ער געווען דעם גאַנצען לעבען — א לייב־שמש. ער האָט געוואוינט מיט איהם איבער א ווענ־טעל, און אַזוי ווי ביי איהם איז גראָד געווען א וואַרימע „לע־זשאַנקע“ און ביי ר' גרשון תנחום'ען א קאַלטע, פלעגט דער רב געהן צו א הם אָפּט וואַרימען זיך, פלעגט אָנקלאַפּען צו איהם ניט זעלטען שפּעט נאָך האַלבע נאַכט, איהם לייענען זיינע חבורים און שמחה פלעגט איהם לייענען זיינע נייעסטע השכלה־ספרים. בשעת ר' גרשון תנחום איז ביים ענד פון זיין לעבען, יאָהרען־לאַנג געווען צוגעשמידט צום בעט, איז שמחה דער שוסטער פון איהם ניט אָבגעטראָטען, און דעם קראַנקען רב גאָר אין גאַנצען פאַר א משכּיל געמאַכט, לייענענדיג איהם, גאַנ־צענע טעג און נעכט זיינע השכלה־ספרים.

אַזוי איז עס געגאַנגען ביז דער רוסישער רעוואָלוציע, ביי וועלכע שמחה דער שוסטער איז שוין געווען א גראָהער יוד, נאָהענט פון 70. דאַן, ווען אַלץ האָט געשטורמט אין יודישען תחום, ווען די גאַנצע יודישע יוגענד האָט געהאַלטען אין איין טרעמפּעווען, איז אין שמחה'ס נשמה אויך עפּעס פאַרגעקומען א קריזיס. שמחה האָט זיך געזאָגט: האָדזע צו זיין א שוסטער! דאָס לעבען האָט א הם גערופען, ווי טויזענדער יונגע לייט, און ער האָט זיך געלאָזען וואַנדערעווען, זוכען דאָס לעבען.

אמעריקא איז פאַר איהם געווען צו ווייט. אמת, א טייל פון זיינע קינדער האָט די נייע וועלט שוין לאַנג צוגענומען. ער אַליין האָט זיך אבער געלאָזען, צו פוס, ווי די אַמאָליגע יודישע וואַנדראָוושטשיקעס, קיין דרום־רוסלאַנד.

„איך קום, — דערצעהלט ער מיר, — קיין יעקאַטערינאָס־לאַוו, געה אריין אין א שוהל מנחה דאַווענען. נאָכ'ן דאַווענען, די שוהל בלייבט פוסט, — דער עולם צוגעהט, אַנדערע צוזעצען זיך אויפ'ן שוהלהויף, אויף די בענק, פּראַווען „לצנות“, גראָבע ווערטער... איז דאָס מיר מאָדנע פריקרע געוואָרען. קען איך זיך ניט איינהאַלטען. געה איך צו צו א פּאָר יודען און זאָג: וואָס

איז דאָס פאַר אַ שטאָדט יעקאַטערינאָסלאַוו! ביי אונז אין דער ליטאַ, נאָכ'ן דאַוונען, לערנט מען. ד י — משניות, די „עין־יעקב“, מדרש, און ביי אייך...

— ביי אונז — ענטפערט מען מיר, מיט אַ געלעכטער, — איז ניטאָ קיין למדנים. אדרבא, גו, אפשר זייט איהר אַ בעלן עפּעס צו זאָגען.

— פאַר וואָס ניט, — האָב איך געענטפערט, — קומט יו־דען, ווער עס וויל, אין שוהל אריין, וועלען מיר עפּעס לערנען.

דער עולם האָט געלאַכט. עטליכע יודען־אבער האָבען זיך אויפגעהויבען פון די בענק און געגאַנגען נאָך מיר אין שוהל.

אַט איז ביסלאַכווייז געוואָרען אַ חברה „עין יעקב“. „תנך“ האָב איך מיט זיי אויך געלערנט, אַלע טאָג, בין מנחה למעריב.

קורץ, שמחה דער שוסטער איז געוואָרען אַ זאַגער אין יעקאַטערינאָסלאַוו. אין גיכען איז ער שטאַרק מפורסם געוואָרען. אַ פּאָר פרומע גבירים האָבען איהם גענומען פאַר אַ מלמד צו זייערע קינדער. ביי איינעם האָט ער גענומען 4 רובל אַ חודש מיט וואַרמעסען. אַזעלכע וואַרמעסען, זאָגט ער, האָב איך אויף מיין לעבען ניט געגעסען. אַן אנדערער האָט איהם געגעבען אכט רובל אַ חודש, אָהן וואַרמעסען. הקצור: שמחה איז פון אַ שוס־טער געוואָרען אַ זאָגער און אַ מלמד, איז געווען דעם ערשטען מאָל אויף זיין לעבען זאַט און בעקליידט און האָט נאָך געהאַט אַן אבגעשפּאָרטען גראָשען אין קעשענע.

שמחה האָט שוין געקלערט אראָבערענגען אין יעקאַטערינאָס־לאַוו זיין „זקנה“ און דערלעבען דאָ רוהיג זיינע יאָהרען.

פּלוצלונג זענען אָנגעקומען די פּאָגראָמען. שמחה האָט געלאָזען „הכל“ „בכל“ און איז קוים אַ לעבעדיגער אַ היים גע־קומען. דאָ האָט ער געטראָפען אַ נייעם חורבן. פון זיין ביבליאָ־טעק, וואָס ער האָט געווים 50 יאָהר נאָכאַנאַנד אַ בוך צו אַ בוך געקליבען, האָט בוכשטעבליך טויזענדער נעכט אויף איהר ניט דערשלאָפען. טויזענדער טעג ניט דערעסען, איז קיין זכר ניט געבליבען. זיין ווייב האָט זיך אַן דער ביבליאָטעק נוקם גע־ווען, פאַר דעם גאַנצען לעבען, וואָס זי האָט פון איהר און צו־ליעב איהר געליטען, זי האָט פערקויפט ביז איין בוך.

שמחה האָט זיך פון דעמאָלט אָן שטאַרק אָראָבגערוקט. ער לעבט איצט מיט זיין אַלטער אין גרויסע דחקות. ביידע זענען קראַנק. כאָטש זיי שלעפּען זיך אַרום, ווי עס איז. און ער, שמחה אַליין, האָט זיך ווידער גענומען צו זיין אַלטען בענקעל, דראַט־ווע און אָל. ער קען, זאָגט ער, נאָך איצט אויך מאַכען אַ נייע פּאָר קאַמאַשען, מיט אַלע צאַצקעס, ווי די יונגע שוסטער, נאָר מ'גלויבט איהם ניט, און אפילו אַ „פּאַטשינקע" טראָגט מען איהם זעהר זעלטען אַריין.

— כאָטש צוויי רובל אַ חודש, — קלאָגט זיך די אַלטע, ווען מיר האָבען זיכער, וואָלטען מיר ווי עס איז די נשמה דער־האַלטען.

# דער „ראַבין" פון „אוטשאַסטאַק".

גערופען האָט מען איהם אייגענטליך: וועלוויל חיים לייי־מע׳ס, נאָר אין פאָלק האָט מען זיין נאָמען פערקירצט אויף „חלומות". אַנשטאָט צו זאָגען: געהן צו ו ו ע ל ו ו י ל ח י י ם ל י י מ ע ׳ס, פלעגט מען זאָגען קירצער: צו וועלוויל חלומות, אָדער פשוט: געהן צו „חלומעס׳ן".

דער דריי גאָרנדיגער נאָמען בעווייזט, אז „חלומות" האָט געשטאַמט פון באלעבאטים־יחסנים, און ווירקליך: אין מינסקער פנקס טרעפט איהר זיין זיידען ר׳ ליימען צווישען די נעמען פון די גבאים פון גרויסען מינסקער בית המדרש, אויף איין צעטעל מיט גבירים און שענע יודען.

וועלוויל „חלומות" (אין די אויגען האָט מען איהם גערופען ר׳ וואָלף) איז אַליין אויך געווען א שענער יוד. פלעגט געהן אין א לאנגע ראַצעמאָרענע זופּעצע, אין שיך, אין א לאנגען טלית־קטון; די הויזען אין די זאָקען. די ציצית פלעגען זיך שלעפּען, אזש ביז די אונטערשטע קנעכלאך. די אויגען תמיד פערגלאָצט. זיין גאנצע פיזיאָנאָמיע עפּעס ווי פער׳דבק׳עט און שמן זית׳דיג.

וועלוויל „חלומות" איז ניט געווען, ניט קיין „גוטער יוד", ניט קיין רב, אפילו ניט קיין „ראש ישיבה". פונדעסטוועגען פלעגט געהן צו איהם גאנץ מינסק אויף עצות, כמעט נאָך מעהר ווי צו ר׳ יעקב מאיר׳ן.

דעם אמת זאָגענדיג פלעגען א סך פרומע יודען און פרומע

ווייבער, אין שווערע מינוטען פונ׳ם לעבען, פריהער בעזוכטע „חלומות׳ן“ און דערנאָך ר׳ יעקב מאיר׳ן.

ווארום אויב ר׳ יעקב מאיר איז דער פערמיטלער צווישען מינסקער יודען און גאָט, איז „חלומות“ געווען דער פערמיטלער צווישען מינסקער יודען און דעם „אוטשאסטאָק“. און פאר דעם אוטשאַסטאָק, ד. ה. פאר דעם „מעשענעם קנאָפּ“, האָבען מינסקער יודען א סך מעהר מורא, ווי פאר גאָט.

„חלומות“, פּשוט גערעדט, איז געווען א כאַדאַטאַי, א „פּאַפּירען־שרייבער“, א „זאַקאָניק“, א „מורה הוראה“ פאר „כשר“ און „טריף“ ניט אין קאָדעקס פונ׳ם „שולחן ערוך“, נאָר אין קאָדעקס פון דעם רוסישען אוטשאַסטאָק.

און אזוי ווי אין מינסק, פּונקט ווי אין אַלע געבענשטע שטעדט פונ׳ם יודישען תחום, איז דער יוד, שוין פון געבאָרען טאָג אָן, א זינדיגער געגען דעם „שולחן ערוך“ פון „אוטשאַסטאָק“, איז לייכט צו פערשטעהן, אז „חלומות“ האָט געהאט א סך מעהר בעזוכער, ווי ר׳ יעקב מאיר.

און אזוי ווי עס איז ניטאָ קיין איין יוד, וואָס זאָל ניט האָבען אויפ׳ן לעבען צו טאָן מיט׳ן אוטשאַסטאָק, פערשטעהט זיך, אליין, אז אין מינסק אויפ׳ן בלאָטע, אין יאטקע־גאס, אין שלאָס־גאַס, אין פּערעספּע, אין קאַמאַראָווקע, אויפ׳ן וואַל, אויפ׳ן פּ ש־מאַרק איז ניט געווען קיין איין יוד און קיין איין יודענע, און קיין איין בחור, און קיין איין מיידעל, וואָס האָבען ניט געהאט צו טון מיט „ווערלוויל חיים לייִמעס.“

וואָס פאר א גזרה, חלילה וחס, עס איז אויף יודען ניט נגזר געוואָרען פון דעם „מעשענעם קנאָפּ“: א פּריזיוו, א פּראָטאָקאָל פאר טרייפע בראַנפען, פאר ניט קעהרען די גאסען, פאר ניט ארויסשטעלען די „פּאַהן“ אין טאַבעל־טאָג; א געשלעג, א ירושה, א סכסוך צווישען בעלי בתים און שכנים; ווען קעשענע־ און שלעסער־ספּעציאַליסטען האָבען זיך ניט געקענט פּעראיינען, — אלץ איז געגאנגען זוכען רעכט און גערעכטיגקייט צו ווערלוויל „חלומות“.

עס איז איבריג צו זאָגען, אז „חלומות“ איז אויך געווען

דער איינציגער פערמיטלער צווישען דעם יודען און דעם „מע־שענעם קנאָפּ“ אין די ביזנעס פון כאבאַר.

און דערפאר איז טאַקע „חלומות“ געווען א תקיף אין „אוטשאסטאַק“. מיט יעדען טשין, דעם קלענסטען און דעם גרעס־טען, איז ער געווען פער „דו“. כאָטש מ׳האָט דאָרט אפּט חוזק געמאכט פון זיין לאנגע „דעליע“ מיט די זאָקען און שיך, און מ׳האָט זיך ערלויבט אָבטאָן איהם פערשיידענע שפּיצלאך, דאָך איז דער „ראבין“ געווען אן אייגענער מענש און דער „ראַב ן“ האָט געקאָנט יעדען גרעסטען און קלענסטען קנעפּעל; האָט גע־וואוסט יעדענס זיטען, געוואוינהייטען און קאפּריזען; האָט גע־וואוסט, וואָס פאר מטבע דעם און יענעם צו געבען, פון דעם העכסטען ביז דעם נידריגסטען „טשין“.

אָבער נאָך בעסער, ווי דעם „אוטשאסטאָק“ האָט „חלומות“ געקענט די יודישע גאַס. יעדען יודענס און יעדער יודענעס ב אָ־גראפיע איז ביי איהם געווען אויף די פינגער. אז פּאָצט האָט ניט געקענט אויסגעפינען א יודען נאָכ׳ן אדרעס, איז מען געקומען צו „חלומות׳ן“; אז אין „אוטשאסטאָק“ איז פּלוצלונג פערפאלען געוואָרען א יודישער נפש און מ׳האָט איהם בשום אופן ניט גע־קענט אויסגעפינען, איז מען געגאנגען צו חלומות׳ן; אז איינער האָט פערלאָרען, צו איינער האָט געפונען פּאַפּירען, איז מען געלאָפען צו „חלומות׳ן“. א מינסקער ווייבעל האָט מיר דער־צעהלט, אז זי האָט פערלאָרען פּאַפּירען, וואו עס איז ניט געווען קיין שום סימן פון א נאָמען, צו וועמען זיי בעלאנגען. נאָר צוויי־שען זיי איז געווען א בריעף — איהר פאָטער׳ס האנדשריפט. האָט „חלומות“ דערקענט, און, אז דער וואָס האָט געפונען, האָט געבראכט צו איהם די פּאַפּירען, האָט ער זיי אבגעשיקט גלייך צו איהר פאָטער.

חלומות האָט קיינמאָל ניט חתונה געהאט. ער האָט גע־וואוינט מיט א שוועסטער, וואָס איז אויך פערבליבען א מייד־על און א פלימעניק ליימע, אויך אן אלטער בחור. אָט די אלע נפשות האָבען פארגעשטעלט א מערקווירדיגע דעקאָראציע אין חלומות׳עס דירה. יעדער פון די דריי האָט זיך געלעבט אין זיין בעזונדער וועלט. ביי חלומות׳ן איז שטענדיג געווען געפּאקט,

ווי אויף א בערזע. נאר בשעת ער איז געווען פערטראגען מיט זיינע לייט אין „הלכות אומשאסטאק“, איז זיין פלימעניק לייר מע, א תם׳עוואטער און פערטראכטער לערנער, אומגעלאפען הין און צוריק און געזוכט רעכט צו מאכען זיך א פשט׳יל אין דער גמרא. אין דערזעלבער צייט וועלענדיג פלייסען זיך פאר׳ן עולם, אז דא איז פאראן א באלעבאסטע, האט די שוועסטער „חלומות׳עס“ זיך געיאגט נאך די היהנער, וואס זענען אומגע־פלויגען מיט א געפילדער פון די טירען, אויף וועלכע זיי זענען געזעסען, איבער די בעזוכער׳ס קעפ; אדער פלעגט זיך לאזען לויפען מיט א בעזים נאך דער קאץ, וואס איז געשפרונגען אי־בער׳ן טיש און בענקלעך מיט א היהנערשער פיסעל, וואס זי האט גע׳גנב׳עט פונ׳ם זאלצברעטעל. חלומות׳ן אליין האט דאס וועניג געארט. יעדער פון די דריי האט געהאט דאס פולע רעכט צו לעבען אויף זיין שטויגער. נאר בשעת די היהנער, צו די קאץ האבען זיך שוין צופיעל צולאזען און איהם ארויפגעשפרונ־גען אויפ׳ן קאפ, האט ער גענעבען א מאך מיט דער האנד, ניט אבקעהרענדיג זיך פון דער פאפיר, און ווי פאר זיך א האש געטאן: שא! וואס איז דארט?...

„צו מיין גרויסען בעדויערן האב איך „חלומות׳ן“, ביי מיין לעצטען וויזיט אין מינסק, פערשפעטיגט. ער איז מיט אייניגע יאהר צוריק געשטארבען. זיין שוועסטער איז נאך פריהער גע־שטארבען. נאר דער פלימעניק ליימע איז געבליבען, זיין יורש. זיין פלאץ אבער איז געבליבען וואקאנט. און איך קען מיר פאר קיין פאל ניט פארשטעלען: ווי קען אויסקומען מינסק אהן וועל־וויל „חלומות“?

# דער „בעל עגלה".

אז איהר לאזט זיך פאהרען איבער יודישע שטעדט און שטעדטלאך מיט'ן אקס, איז די ערשטע פערזאן, אויף וועמען עס פאלט אייער אויפמערקזאמקייט — דער יודישער „בעל עגלה". כאטש די יודישע שרייבער האבען אט דעם טיפ אפט געשילדערט אין זייערע ביכער, דאך, א חוץ די הומאריסטישע זייט, האבען מיר וועגען דעם „בעל עגלה" קיין אמת'ן פארשטעלונג ניט. ניט וועגען דער עקאנאמישער, ניט פון דער קולטורעלער בעדייטונג וואס אט דער פאך האט אין יודישען לעבען פון תחום. ניט ווייניגער פון 100 טויזענד יודען אין יודישען תחום ציהען פון אט דער פרנסה — זייער חיונה. א חוץ דעם, איז די קולטורעלע בעדייטונג פונ'ם בעל עגלה אונגעהייער גרויס פאר דער שטעדטעל. עס איז גענוג צו זאגען, אז די בויד איז דער איינציגער קאמוניקאציאנס־מיטעל מיט דער שטעדטעל, וועניגסטענס פאר דעם מיטעלן־קלאס און פאר דער מאסע. אהן דעם בעל עגלה, וואלט זיך אבגעשטעלט דאס לעבען אין שטעדטעל. ער איז דער לעבענס־נערוו, וואס פערבינדט דאס שטעדטעל מיט דער אויסערליכער וועלט, איבערהויפט מיט דער קולטור־פון דער גרויסער שטאדט. אהן דעם בעל עגלה וואלט אלזא אי דאס שטעדטעל, אי דער דארף אבגעריסען געווען פון דער וועלט, וואלט געווען פער'משפט, אויב ניט צום טויט, איז צום האלב ווילדען בארבארישען צושטאנד.

דער בעל עגלה, איז אזוי צו זאגען, דער „קולטור־פיה־

דער" פונ׳ם שטעדטעל. לויט זיין בערוף האט ער אייגענטליך געדארפט זיין דער סאמע קולטורער מענש פונ׳ם יודישען קליין שטעדטעל. ווער איז, אזוי ווי ער, שטענדיג אין בעוועגונג? ווער זעהט זיך אן אזוי פיעל מענשען, אזוי פיעל טיפען, אזוי פיעל זיטען, געשעהעניסען. ווי ער? ווען דער בעל עגלה וואלט בע־זעסען א פען, ווער וואלט קענען מעהר פון איהם און בעסער פון איהם שילדערן די נאטור, די פערשיידענסטע מענשליכע טיפען?

פון דעסטוועגען איז אט דער גרעסטער „קולטור־פיהרער" פונ׳ם שטעדטעל אקיין כמעט דער טעמפסטער מענש פון דער יודישער מאסע. האלטענדיג נאכאנאנד אין איין פיהרען „קול־טור", בלייבט ער אליין אויף דער נידריגסטער שטופע פון ענטוויקלונג. אלעס בייט זיך ארום איהם. נאר ער אליין בלייבט אונפערענדערט. דער יודישער בעל עגלה איז פונקט דערזעלבער, ווי ער איז געוועזען מיט הונדערט יאהר צוריק — ניט געביטען א האר!

פאר וואס האט אויפ׳ן „בעל עגלה" קיין זאך ניט גע־ווירקט? פאר וואס בלייבט ער אונבעוועגליך כאטש ער האלט אין איין בעוועגען זיך און טויזענדער אנדערע ארום זיך?

דאס איז ניט שווער זיך צו ערקלערען. אין אמת׳ן איז ער פונקט, ווי דער פערד, וואס דרעהט זיך אין „קאלאוורא". ער האלט זיך אין איין בעוועגען און שטעהט אויף איין ארט. צו זיין שטרעקע, פון עטליכע ווערסט, צי פון עטליכע מייל, וואס ער מאכט טאג איין טאג אויס, ווערט ער צוגעוועהנט. אויף דער נאטור, אויף די מענשען ארום איהם, קוקט ער מעכא־ניש. ער ווערט צו זיי גלייכגילטיג, ווייל זיי חזר׳ן זיך טאג־טעגליך איבער אין זיינע אויגען. די מענשען האט ער שטענדיג פון הינטען, וואלד און פעלד ביי די זייטען און נאר די פערד אליין — פאר זיך. מיט זיי, מיט זיינע סוסים פערברענגט ער דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען. דערפאר איז קיינער אין דער וועלט ניט אזא פערדישער־פסיכאלאג־ספעציאליסט, ווי דער יודישער בעל עגלה. און וואהרשיינליך זענען אויך די פערד די גרעסטע קענער אויף דעם בעל עגלה׳ס פסיכאלאגיע. דאס

קען זיך לייכט יעדערער איבערצייגען, ווער עס פאָהרט מיט'ן אקס איבער יודישע שטעדט און שטעדטלאך. איהר איילט זיך אין שטעדטעל; איהר גיט דעם בעל עגלה אין יעדער קרעטשים א שנאפּס; איהר חנפ'עט איהם ער זאָל אונטערטרייבען זיינע סוסים, זאָל פאָהרען גיכער, און ער סטאַרעט זיך דאכט זיך אויך. נו־קעט אלע ווייל מיט'ן אמת'ן לשון, ווארמט אונטער זיינע „לייבען" אויף בייטש־לשון. די לייבען גיבען כלומרשט א שפּרינג־אונטער לוסטיג־לעבעדיג, גיבען א ריס דעם וואָגען און — געהען זיך זייער געמאָסטענעם פוילען טריט אייך אויף צופוקענעס.

איהר ווילט מאכען מיט'ן בעל עגלה א געשפּרעך. ער האָט דאך אזוי פיעל געזעהן און געהערט. איבערהויפּט פון זיין שטעדטעל. ווער קען נאָך אזוי גוט אלע שטעדטעלדיגע פּאַר־שוינען, ווי ער, דער בעל עגלה. אבער אומזיסט שטעלט איהר איהם פראַגען, ווילט איהם פארנאַנדערשאַקלען. איהר בעקומט צוריק אָבגעריסענע פראַזען: המ... יע... ניין... עט... און מעהר קענט איהר גאָר נישט ארויסציהען.

פּרובט אבער מיט איהם א שמועס טאָן מכוח זיינע סוסים, דעם „גניעדען" מיט דעם „ווייסען". אָט דאָ געפינט זיך ביי איהם לשון. עס בליצען זיינע אויגען. ער קוקט מיט איין אויג אויפ'ן גניעדען, מיט'ן צווייטען אויף אייך און עס גיסט זיך א שפּראך... ביאָגראַפיע, הומאָר, פּאָעזיע... א כפּרה אלע ביכער און אלע פּאָעטען.

דער בעל עגלה איז, איבריגענס, ניט בלויז א פערדישער פּסיכאָלאָג. ער איז אויך א טיעפער מענשישער פּסיכאָלאָג און פילאָזאָף צוזאמען. ער ווערט פון קיין זאך ניט נתפּעל. פּער־האַלט זיך צו אלץ מיט דער עפּישער רוהיגקייט פון א שעקס־פּיר. איהר קענט איהם מיט קיין זאך ניט איבערראשען, ווארום ער האָט שוין אלץ איבערגעלעבט, זיצענדיג אויף זיין קעלניע. זיין ריידען איז געלאסען, געמאָסטען, קוים, וואָס איהר קריגט ביי איהם ארויס א וואָרט. כאָטש ער איז נאאיוו ווי א קינד, פון דעסטוועגען קען ער אייער פּסיכאָלאָגיע ווי איהר שטעהט

און געהט. בלויז פון אייער איין קעהר און ריהר, פון א פּאָר ווערטער, וואָס איהר רעדט מיט איהם.

אָן אלטען בעל־עגלה טרעפט איהר זעלטען. מעהרסטענ־טיילס — יונגע, העכסטענס 45 — 50 יאָהר. וואו קומען אהין די גראָהע, די אלטע בעלי עגלות? פרעגט: וואו קומען אהין די אויסגעמאטערטע, אלטגעוואָרענע פערד? ווער ווייס: ווי די און יענע ענדיגען זייער לעבען? איך מיין, אז דער שיקזאל פון די אלטע בעלי עגלות איז ניט פיעל בעסער פון די פּאָר סוסים, וואָס שלעפּען די בויד אין היץ, קעלט, בלאָטעס און שנייען. דעם בעל עגלה׳ס לעבען איז אייגענטליך א קאטארגע. די הארעוואַ־ניע ארום די פארשוינען און ארום די פערד איז זעהר א שווערע; ער ווייס ניט קיין רוהע ביי טאָג און ביי נאכט, אין די גרעסטע היצען און גרעסטע פרעסט. רעגענס, שנייען, זאווערוכעס — מוז ער זיצען אויפ׳ן קעלניע. דאָס קען מען אויסהאלטען נאָר ווען מען איז יונג און שטארק. עפּעס א האר די מאשין „געכיב־ניעט", ווערט דער בעל עגלה אויסגעשפּילט. טאקע ממש, ווי עס זינגט זיך אין דער בעוואוסטער בעל עגלה׳שער פאָלקס־לי־דעל:

איך בין א „בעל עגלה",
איך ארבייט אָהן אן עק;
איך שפּיל מיר אָב מיין קליינע ראָלע
און איך פאָהר אוועק...

---

דער „פּראָגרעס" רייסט זיך אריין האסטיג אין דער קליין שטעדטעל. עס ענטוויקעלט זיך באהן, שאָסיי, אויטאָמאָבילען, אָמניבוסען. עס בלייבט נאָך אבער געננוג „שליאך" — אונגע־באהנטער וועג מיט גריבער, קאליזשעס, הרעבלעס און בלאָ־טעס. די בויד־מלוכה וועט נאָך האלטען לאנג. נאָך לאנג וועט אין יודישען תחום זיין דער יודישער בעל עגלה דער איינציגער קולטור־פיהרער, לעבענדיג אליין אין אָרימקייט און פינסטער־ניס.

אלץ אין יודישען לעבען איז אריבער פארביי דעם בעל עגלה: השכלה, ציוניזם, סאָציאליזם... דאָס אלץ האָט פאַר די

לעצטע 50 יאָהר אויפגעטרייסעלט דעם יודישען תחום. צו איהם, צום בעל עגלה, איז דאָס ניט געווען שייך... ער איז געבליבען אין אלע צייטען דערזעלבער.

נאָר איין זאך האָט איהם ניט געמידען — די עמיגראַציע. זי האָט איהם אליין ביז די סאַמע לעצטע יאהרען ניט גערירט. האָט אבער צעשטערט די דור־דורות־דיגע טראַדיציעס פון זיין פאך, פון זיין פאמיליע. זי האָט ביי איהם צוגענומען די קינדער, און איך האָב מורא, אז מיר פאהרען יעצט מיט'ן לעצטען בעל עגלה.

ווי אזוי די עמיגראציע האָט געווירקט אויפ'ן בעל עגלה,— דאָס קענט איהר זעהן בעשיינפערליך טאקע פון מיין בעל עגלה, מיט וועלכען איך בין געפאָהרען פון קליין־ און גרויס־נאַוואַגרודאָק.

אזוי ווי אלע בעלי עגלות האָט ער אויך בעקומען די בויד מיט די סוסים בירושה פון עלטער־עלטער־זיידעס. נאָר א ברודער זיינער האָט אין סאָלדאַטען געמוזט געהן, איז ער אין ענגלאנד אוועק און דאָס האָט געמאכט א רעוואָלוציע אין דעם בעל עגלה'ס לעבען.

דער ברודער איז געווען דאָ א גוטער סטאָליער. אין ענגלאנד איז ער ביסלעכווייז געוואָרען א מאנופעקטשורער פון פיאַנאָס. איז רייך. האָט איינער נאך דער אנדערער אראָבגעבראכט אהין זיינע שוועסטער־מיידלאך. האָט זיי פריהער געלערנט אין סקוהל. דערנאך צוגענומען צו די ביזנעס. דערנאָך חתונה געמאכט. גע'פטר'ט די שוועסטער, האָט ער זיך גענומען אריבערפעקלען זיין ברודערס קינדער איינס נאך ס'אנדערע. יעצט זעגען, ביי מיין „בעל עגלה" מעהר ניט געבליבען, ווי צוויי יונגערע מיידלאך. זיי ארבייטען דאָ ביי גילזעס און פאַפּיראָסען. נאָר באלד דארפען אָנקומען שיפקארטעס פון ברודער פאר זיי אויך, און ער וועט בלייבען „דזעד דא באבא".

איבריגענס איז ער נאך אין די בעסטע מיטעלע יאָהרען. ווען ער בלייבט „דזעד דא באבא" פערקויפט ער דעם „וויסען" מיט דעם „ברוינעם", שפּאַן און בויד און פּאַקט זיך צום ברודער אין ענגלאנד. ביים ברודער וועט ער זיין דער גאנצער אויפ־

זעחער. דער קאסירער און וועט מאכען א פיינעם לעבען, האבען
ארום זיך זיין גאנצע געזינד.

— באט, זאגט מיין בעל עגלה, אי דאנ׳ קער פאר דחי
דזשאב, (נאר מיך ארט ניט די שטעלע). איך וועל שוין מיין
שטערטעל קענען באשטעהן. פאר מיין שטוב און גארטען מיט די
איבריגע בעל הבתישקייט וועל איך האבען א פאר טויזענד רובל.

פון מיין „בעל עגלה׳ס“ ענגליש שטויסט איהר זיך אן, אז ער
אליין איז שוין אויך געווען איבער׳ן ים. דאס איז פיליייכט דער
איינציגער בעל עגלה, וואס האט געוואגט צו שיידען זיך מיט זיין
קעלניע אויף א לענגערע צייט. געפאהרען איז ער ניט צום ברו־
דער. נאר דוקא אין אמעריקא. די געשיכטע פון זיין עמיגראנ־
טען־לעבען איז גאנץ אינטערעסאנט.

געקומען אין ניו יארק איז ער געווארען א מאלער. האט
זיך געפלאגט א יאהר צייט פאר דריי דאליארעס א וואך. דער־
פון האט ער נאך גערארפט שיקען דער ווייב. ענדליך האט ער
געקראגען א „דזשאב“ אין די בראנקס. (העכערער און ריינערער
טייל שטאדט אין ניו־יארק) ביי א וואליגער בילדונגס־פיינ־
טער. (מאלער ביי געביידעס). האט זיך צוגעלערנט די אר־
בייט, געווארען א פארמאן (אויפזעהער) און געמאכט זיינע
17 דאל. א וואך. דאן איז ער פון זעליק געווארען „דזשייק“, האט
אראבגענומען די וויסקע. (באָרד). אויסגעפראנטעוועט זיך אין א
פיינעם סוט, (קאסטיום) און א דריי דאלערדיגען העט, (הוט)
און גלאָווס (הענטשיקעס) און איז געווארען א גאנצער „דענ־
די.“ (פראנט). ער פלעגט געהן מיט׳ן באס שבת שפאצירען.
דער באס מיט דער פרוי געארמט און ער מיט זייער טאכטער.
ער איז געווען ביי זיי באָרד (טיש און קווארטיר). „איהר קענט
זיך פארשטעלען, ווי גוט מיר איז געווען, — דערצעהלט ער מיר,
— אז מ׳פלעגט מיר צוטראגען די קאווע אין דער פריה, ווען איך
פלעג נאך ליגען אין בעט.“

פון דעסטוועגען האט ער זיך פארבענקט נאך זיין בויד.
עפעס איז דארטען אויף דער קעלניע רוהיגער און זיכערער, ווי

אויף די סקעפאלדס, (ריסטעוואניע,) צעהן פלאר (שטאָק) די הויך. אין איין שעהנעם פריהמאָרגען קומט ער צום באָס.

— מיסטער באָס, אי וואָנט טו גאו טו דהי אָלד קאָונטרי. (איך וויל פאָהרען א היים.)

יענער איז. געוואָרען איבערראשט.

— ווהאט ד׳ העל אָלד קאונטרי?! (וואָס צום טייוועל, אהיים!) שטעלט ער אוים א פּאָר אויגען, — ברינג היר יור פעמילי, יו׳ל בי אָלרייט, יו׳ל מייק ע ניים ליווינג. (ברענגט אהער אייער פאמיליע, אייך וועט זיין גוט, איהר וועט מאכען א פיין לעבען).

נאָר „דזשייק“ האָט ניט געהערט. איינגעקויפט דזשולערי (צירונג) און פרעזענטען פאר ווייב און קינדער, פערלאָזען די וו׳סקע און געקומען א היים. געבראכט קעש (מזומן) 13 הונ־דערט דאָלער. געקויפט א פּלאץ, געשטעלט א הויז, פערשאפט זיך א פּאָר פיינע סוסים און — ווידער אויף דער קעלניע.

דזשייק דער בעל עגלה דערמאהנט פון דעסטוועגען אמע־ריקא מיט רעספּעקט. נאָר מעהר ליעב האָט ער זיינע סוסים.

— איהר זעהט, זאָגט ער, אָט דעם גניעדען! וויפיעל מיינט איהר קאָסט ער?

איך האָב זיך פערקלערט, ווי זוכענדיג א סומע, וואָס זאָל זיין פאסענד פאר ברוינעם׳ס כבוד, און האָב ענדליך געמעלדעט, אז איך בין ניט שטארק בע׳הבנ׳ט אין „הלכות סוסים“.

— מיט דרייסיג! — האָט ער טרומפירענדיג אויסגע־שריען.

דאָס האָט געהייסען, אז איך האָב געדארפט צולעגען הונ־דערט צו די דרייסיג.

— געקויפט האָב איך איהם, זאָגט ער, מיט א האלב יאָהר צוריק, הויט און ביינער. ער איז אלט אין גאנצען פינף יאָהר. ער איז נאָך ניט קיין איינגעגעסענער. א יאָהר דארף שטעהן א פערד אויף האָבער, דאמאָלס בעקומט ער קיילעכדיגע זייטען, ווערט אַז איינגעהאבערטער. איהר זעהט דעם ווייסען...

און א לאנגע צייט האָט ער מיר דערצעהלט די ביאגראַ־
פיע פון ביידע סוסים, דעם גינאַדען מיט'ן ווייסען, אונטער־
שמייסענדיג זיי פון צייט צו צייט, נאָר מיט דער שפּיץ בייטש
און אונטערנוקענדיג — ביידע זאכען אויף צו כלומרשט. אויף
וואָס די פערד האָבען געענטפערט מיט א טרייסעל מיט די
זייטען און א פערצויגענעם הירזשען, וואָס דאָס האָט געהייסען
אויף זייער לשון: מיר פערשטעהען, מיר פערשטעהען. און זענען
זיך געגאנגען זייער פוילען שפּאַצירגאַנג...

# דעם קרעטשמערס דראמע.

אין דער קולטור־געשיכטע, און דער געשיכטע בכלל, פון די רוסישע יודען שפּילט דער קרעטשמער זעהר א וויכטיגע ראָליע. און ער טאקע בעוויזט אונז איצט בעשיינפּערליך, ווי אזוי די רוסישע רעוואָלוציע האָט אריינגעדרונגען אין אלע ווינ־קעלאך פון יודישען לעבען און האָט אומעטום אלץ איבערגע־קעהרט קאַפּויר.

שטעלען מיר זיך פאָר דאָס לעבען אין רוסלאנד מיט א 50—60 יאָהר צוריק, ווען אין גאנץ פּוילען, ליטא און זיך רוס־לאנד איז נאָך ניט געווען קיין באהנען, איז זיך אונמעגליך פאָרצושטעלען א וועלכען עס איז קולטורעלען צושטאנד אָהן דעם יודען. ווען ניט דער יוד, וואָלט דער פּריץ, צוזאמען מיט'ן פּויער, צוזאמען מיט'ן קרוין־בעאמטען ניט געקענט עקזיסטירען איין טאָג. זיי וואָלטען אריינגעפאלען אין דעם ווילדעסטען צו־שטאנד פון פארצייטיגער בארבאריי.

דאָס איז נאָך אבער ניט גאָר. ווען איהר פאָהרט דורך מיט'ן אקס, אפילו איצט, א גאנצע רייהע יודישע שטעדטלאך, און איהר גיט א קלער: וואָס וואָלט צ. ב. געווען, ווען דער ציוניסטישער אָדער טער'טאָריאליסטישער פּלאן וואָלט זיך איינגעגעבען אין דעם אידעאלען זין. ד. ה. ווען עס וואָלט מעגליך געווען אין איין שענעם פריהמאָרגען אריבער פעקלען אלע יודען פון רוסלאנד אין פּאלעסטינא צי אוגאנדע? ווען עס פאלט אייך איין, א שטוי־נער, אזא שאלה — וואָלט קיין אנדער ענטפער ניט געקענט זיין

זוי ד ע ר : די רוסישע רעגירונג מיט דעם אדעל, מיט דעם
פויער, מיט דעם שטאָדטיגען גוי, מיט מענשיקאָוו'ן, מיט פור־
רישקעוויטשען אָן דער שפּיץ, וואָלטען יודען צו די פּיס געפּאַ־
לען, וואָלטען מיליאָנען בעצאָהלט, וואָלטען אלע רעכט און פּריי־
ווילעגיעס געגעבען, מ'זאָל ביי זיי כאָטש א מנין יודען צו־
ריקלאָזען, אלס פלאנץ־מאָטעריאל פאר א נייער יודישער בע־
פעלקערונג. מיר קענען אָט דעם געדאנק אָננעהמען ערנסט אפילו
אין בעצוג צו מארקאָוו דעם צווייטען, מענשיקאָוו'ן און פּוריש־
קעוויטש'ן. ניט דערפאר, וואָס אָהן יודען וואָלטען אָט די לייט
זייער קאַריערע, אלס אָפיציעלע יודען־פרעסער פערלאָרען. נאָר
פּשוט, ווייל אלס פּריצים, וואָלטען זיי אין גאנצען שוצלאָז גע־
ווען. א פאקט איז, אז די גרעסטע יודענפערפאָלגער האָבען אין
זייערע אייגענע געשעפטען מיט יודען זעהר גוט געלעבט.
איגנאָטיעוו האָט פּאָגראָמען אויף יודען געמאכט און אלע זיינע
גיטער און געשעפטען האָט ער דורך יודען געפיהרט. און בשעת
טויזענדער יודען האָט מען, א דאנק זיין צירקולאר, פון די דער־
פער געיאָגט, זענען אויף זיינע ערד יודען רוהיג געזעסען.

דער לעזער האָט געזעהן, וואָס פאר א בעדייטונג דער
פּראָסטער יודישער בעל עגלה האָט אלס „קולטור־פיהרער"
אין יודישען תחום. אונענדליך העכער איז, אין אָט דער היג־
זיכט, דער ווערט פונ'ם יודישען קרעטשמער. ער איז געווען דער
אמת'ער קולטור־טרעגער און קולטור־פיהרער. דער איינציגער
שטראהל פון ליכט אין דער ארומיגער פינסטערניס פון דאָרף
און שטעדטעל אין גאנץ פּוילען, ליטא און וואָהלין פאר הונ־
דערטער און הונדערטער יאָהרען.

ביי שלום אש'ן האָבען מיר א שענע שילדערונג פון דעם
יודישען קרעטשמער. א חוץ איהם האָבען מיר, אפילו פון דער
פּאָעטישער זייט, כמעט קיין ריכטיגען בילד ניט פון אָט דעם
טיפּ יודען. די קולטור־געשיכטע פון די רוסישע יודען האָט
זיך ערשט נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע גענומען שאפען, ווען
אפילו אין דעם ביסעל רויהען מאטעריאל האָט איהר זעהר ווע־
ניג, כמעט גאָר נישט, וועגען דעם יודישען קרעטשמער. דערפאר
פערנעהמט ער א שענעם פּלאץ אין דער לעגענדע פון יודישען

תחום, איבערהויפט צווישען די למדו׳ואוויקעס, בעהאלטענע צדיקים, קדושים, רעטער אין צייטען פון גזרות און צרות. און אט די לעגענדעס זענען אן אבשפיגלונג פון דער ווירקליכקייט. די סאמע כאראקטעריסטישע פון אט דעם מין זענען, אהן א צווייפעל, די לעגענדעס וועגען ר׳ שעיה זוכאוויצער. אין דעם גויאישען ווערטעל „גדזע שאיא כאדזי, טאם זשיטא ראדזי" (וואו שאיע געהט, דארט איז א גערעטענים פון ברויט). ווערט אויסגעדריקט די אבשאצונג פון דעם אונגעקינסטעלטען ווייס־רוסישען פויער דעם יודישען קרעטשמערס קולטורעלען ווערט.

דער ראנדאר, דער קרעטשמער איז געווען דעם פריץ׳ס בעל יועץ, געשעפטס־פיהרער, לעהרער און וועגווייזער אין אלע אנגעלעגענהייטען פון לעבען. דאס זעלבע איז ער אויך געווען פאר׳ן פויער. און, נאך מעהר: די קרעטשים איז געווען און איז נאך יעצט דעם פויערס קלוב, דער ארט, וואו ער פערברענגט געזעלשאפטליך, וואו דער דונקעלער פויער האט געקענט זעהן אן אנדער וועלט, ברייטער און ליכטיגער, ווי זיין אייגענע.

ס׳פארשטעהט זיך, מ׳דארף די קרעטשים ניט אידעאליזירען. אין דער קרעטשים האט דער פויער בראנפען געטרונקען, האט דארט ניט זעלטען זיין פעלץ פער׳משכונ׳ט. נאר אין דעם איז פונקט געווען אזוי שולדיג דער קרעטשמער, ווי דער פויער אליין. אין דעם איז שולדיג געווען ביידענס, אי דעם יודענס, אי דעם פויערס עקאנאמישע און קולטורעלע אונבעהאלפענקייט. ווען דער שענק האט דעמאראליזירט דעם פויער, האט ער נאך מעהר דעמאראליזירט דעם שענקער אליין, האט זיין נשמה אויף שטיקער צעריסען. דער שענק איז מעהר געווען א טראגעדיע דעם קרעטשמערס, ווי א פרנסה.

אין גייסטיגען און מאראלישען זין, איז דער קרעטשמער אמאל געשטאנען זעהר הויך. דער שיקזאל האט איהם, א מענשען מיט א טויזענדיעהריגער הויכער קולטור, ארייגעווארפען אין א פינסטערע ספערע פון האלב ווילדע ברואים, צוגעשמידט איהם צו פעסער מיט בראנפען, געצוואונגען איהם מיטווירקען אין שכרות, בשעת ער אליין האט גענומען א גלעזעל בראנפען

בלויז פון שבת צו שבת: בשעת איהם אליין האבען געעקעלט די אלע סצענעס, פון בעטרונקענהייט, פון געשלעג, פאר וועל־כע ער האט געמוזט זיין הויז אבגעבען. די דראמע פונ'ם פויערס לעבען האט ער ניט געקענט פערשטעהן. ווייל ער האט זיין אייגענע דראמע ניט פערשטאנען. אבער וויפיעל קאמפף מיט דער אייגענער נשמה האט ער געמוזט אויסשטעהן, אום זי, די נשמה אבצוהיטען פון דער טיעפער פינסטערנים, וואס ארום האט געהערשט. דער ראנדאר האט שטענדיג געהאלטען פאר זיינע זיהן די בעסטע מלמדים, פאר זיינע טעכטער איידימס לערנער גענומען. אליין פלעגט ער אפט זיצען גאנצע נעכט און לערנען. זיין טאכטער, וואס האט די בראנפען געמאסטען, און ביז'ן האלז אין בלאטע און שמוץ געשטאנען, איז זי דאך גע־בליבען איהר גאנצע יוגענד א מוסטער פון צניעות. וויפיעל נשמה־קאמפף האט מען געדארפט דערביי או סשטעהן! וואס פאר א גרויסע מאראלישע קרעפטען מ'האט געדארפט בעזיצען אין דער נשמה!

ביז היינטיגען טאג איז דעם קרעטשמערס פאמיליע אפט די ענטוויקעלטסטע, די איידעלסטע אין שטעדטעל. פון אוי־סען ליגט נאך אויף דער קרעטשים די רוהיגקייט און דער וואוילשטאנד פונ'ם פאטריארכאלען יודישען לעבען. קיין קאנ־קורענט פון קריסטען, אזוי ווי דעם יודישען קרעמער, איז ניטא און וועט נאך לאנג ניט זיין.

און דאך איז קיין שום ספק ניט, אז די יודישע קרעטשים דערלעבט איהרע לעצטע יאהרען.

די סבה פון דער קרעטשים'ס חורבן איז ניט קיין עקאנ־נאמישע נאר א קולטורעלע. און דאס האט געווירקט די רוסישע רעוואלוציע און, הויפטזעכליך, די עמיגראציע. דער קרעטשמער לעבט נאך איצט אויך בעסער פון די מעהרסטע קליינשטעדטעל־דיגע יודען. אפילו דער דארפישער קרעטשמער ליידט וועניגער פון די ארויסטרייבונג־גזרות, ווייל ער איז פון די אלטע איינ־וואוינער. דעם קרעטשמער טרייבט פון זיין אלטען, איינגעזעסע־נעם נעסט די גייסטיגע בעדערפעניש צו א געזעלשאפטליכען לעבען, די העכערע קולטורעלע ענטוויקלונג, די שטרעבונג צו

מאכען א סוף צו די רייסענעס אין זיין נשמה, די שטרעבונג צו זוכען א וועלכע עס איז היים. ווארום ווען א יוד האט אין רוס־לאנד קיין היים ניט, האט זי נאך וועניגער פון יאדען יודען דער קרעטשמער געהאט; ווען זיין שטוב איז שטענדיג געווען א סטאנציע פאר וואנדערער, איז זי, זיין שטוב, פאר איהם אליין קיין מאל קיין זיבערער נאכטלעגער ניט געווען.

דער יודישער קרעטשמער שטעהט מיט איין פוס אין אמעריקא. נאך מעהר ווי דעם בעל עגלה'ס האט די עמיגראציע זיין פאמיליע צעריסען. אין יעדער קרעטשים, וואו איך בין פערפאהרען, זענען די ווענד אויסגעהאנגען מיט אמעריקאנער „פיקטשורס". די קינדער, וואס זענען ניט אין אמעריקא, לעבען אין רוסלאנד, אין די גרעסערע שטעדט. דעם קרעטשמערס א קינד, וואס פערזוכט נאר א ביכעל וועט פאר קיין פאל ניט בלייבען אין קרעטשים. עס מעג זיך דארט גיסען מילך און האניג. עס ציהט איהם אין דער פרייער, ברייטער וועלט.

די קרעטשים אלזא ווערט חרוב ניט צוליעב עקאנאמישע סבות, נאר צוליעב קולטורעלע. די יודישע יוגענד, אפילו פון דער קליין שטעדטעל, איז איבערגעוואקסען דעם שענק. דער צו האט זי בעקומען ברייטערע סאציאלע בעדערפעניסען, וואס דאס קרעטשים־לעבען קען ניט בעפרידיגען. פון אויבען, אין דער קרעטשים, איז נאך כמעט אלץ אזוי פאטריארכאל, ווי מיט הונדערטער יאהרען צוריק. די פאעטישע רוהיגקייט ווערט אבער באלד פערשוואונדען, ווי נאר איהר רעדט זיך אביסעל פונאנדער מיט דעם קרעטשמער, מיט דער קרעטשמערקע, אדער — נאך מעהר — מיט זייער א קינד. עס עפענט זיך פאר אייערע אויגען א דראמע, וועלכע איז נאך דערווייל שטיל, אבער שארף און טיעף: די אייביגע דראמע פון דער צעריסענער יודישער נשמה.

# „ראבטשיק“ און „בורילע“.

— אוועק דו, ראבטשיק! כאפּסט גלייך מיט א שטעקען...
— וואָז, דו, בורילע, איך פּלעט דיר דעם מוח...
— ראבטשיכע! א ברעכבענעס אין די זייטען!...
— בוריליכע, א קלאָג צו דיין קאָפּ!...
— בוריליוק! קע—קע—קע!...
— ראבטשיקיל! פּי—פּי—פּי!...

ראבטש ק און בורילע, בורילע און ראבטשיק — פּילט אָן די לופט, די גאסען, די הייזער, אויף יעדען טריט, אין ראקאָוו און ווייט, ווייט ארום אויסער ראקאָוו.

ווער איז ראבטשיק און בורילע? וועט פרעגען דער לעזער.

ווער איז ניט „ראבטשיק“ און „בורילע“ אין ראקאָוו וועל איך איהם פרעגען.

גאַנץ ראקאָוו איז צוטיילט אין צוויי לאַגערן: „ראב־טשיקעס“ און „בורילעס“. ניטאָ קיין איין יוד אין ראקאָוו, וואָס זאָל ניט זיין: אָדער א „ראבטשיק“, אָדער א „בורילע“. ניטאָ קיין איין יודענע, וואָס זאָל ניט זיין: אָדער א „ראבטשיכע“, אָדער א „בוריליכע“. ניטאָ קיין איין יונגעל, וואָס זאָל ניט זיין — דער א „ראבטשיקיל“־פּי־פּי־פּי...“ יענער א „בוריליוק“־קע־קע־קע...“

קינדער אין די וויגען זענען צוטיילט אויף „ראבטשיקעס“ און „בורילעס“.

דער לעזער לאכט. אבער ביי ראקאָווער יודען איז דאָס

גאר ניט קיין געלעכטער. אין אנדערע שטעטלאך „ברענט“ און אין ראקאוו פלאקערט. אין אנדערע שטעטלאך קריגט מען זיך, אין ראקאוו פליהען שטעקענס, שטיינער, שויבען. עס איז דא מקוים געווארען די קללה פונ'ם נביא: א טאטע שטעהט אויף קעגען זיין זוהן און א זוהן קעגען טאטען, א מאמע אויף א טאכטער, א שנור אויף א שוויגער. ברידער און שוועסטער ליגען אין די האר. סטראזשניקעס מוזען זיי צונעהמען. עס לויפען מסירות נאך מסירות.

— גוואלד, וואס איז דאס געווארען מיט ראקאוו!

— א בייזע „עין הרע“ האט אונז אויפגעגעסען!

— א קללה פון גאט האט זיך אויסגעגאסען...

אט אזוי זאגען ראקאווער יודען, ווען זיי שטעלען זיך אב אויף א מינוט און בעקלערען, וואס א ז דאס געווארען מיט זיי. אבער זיי קענען זיך ניט העלפען. און ווייטער:

— ראבטשיק!

— בורילע!

— בורילע!

— ראבטשיק!

א בייזע „עין הרע“ האט אויפגעגעסען ראקאוו.

„איכה“ היתה לזונה קריה נאמנה?... ווי אזוי איז געווארען אזוינע די טרייע, גאטספארכטיגע שטאדט ראקאוו, קלאגט זיך מיר א יוד מיט'ן לשון פון פסוק. ראקאוו, וואס האט הונדערט יאהר ניט געברענט, ניט אין דעם פשוט'ן זין, ניט אין דעם זין פון מחלוקת. ראקאוו, וואס האט געהאט דעם גאון ר' אלעזר רוקח, דעם גאון ר' רפאל האמבורגער! ראקאוו! וואס האט געהאט דעם מופת הדור ר' חיים'ל! ר' אברהם יצחק'ל! וועלכער איז אבגעווען רב אין ראקאוו דריי און פופציג יאהר נאכאנאנד.

ראקאוו איז געווען א מוסטער־שטעדטעל פאר אלע שטעדט און שטעדטלאך פון דער גאנצער וועלט. אומעטום — ברענט... ניטא דער זומער, וואס זאל ניט זיין קיין שרפות. ראקאוו ווייס ניט פון פייער, שוין הונדערט יאהר. און דאס האט זי צו פערדאנקען נאר איהרע רבנים.

אזוי וועניגסטענס גלויבען ראקאווער יודען, און אפילו ראקאווער גויים, להבדיל.

מיט הונדערט יאהר צוריק, דערצעהלט מען אייך אין ראקאוו, בשעת מ׳האט דעם „שאגת אריה" פון מינסק אויף אקסען ארויסגעטריבען, איז דער הייליגער צדיק אין ראקאוו געקומען. דא האט, מען איהם אויפגענומען מיט גרויס כבוד. דער גרויסער גאון האט שיידענדיג זיך מיט ראקאווער יודען, זיי געבענשט, אז זייער שטעדטעל זאל קיינמאל ניט ברענען.

שוין הונדערט יאהר, ווי ראקאווער רבנות ליגט אין איין הויז, וואס פיהרט זיין יחוס אזש פון מהר"שא. נאך ר׳ רפאל האמבורגער איז דא געווען רב ר׳ איצעלע. נאך ר׳ איצעלעס טויט איז געווארען רב זיין זוהן ר׳ חיים׳קע. דאס איז געווען איין פון זיך פערשטענדליך. ר׳ חיים׳קע איז עטליכע צעהנדליג יאהר געזעסען אויף דעם „שטוהל פון רבנות". ער איז געווען זעהר געאכט און געליבט ביי שטעדטעל. ער האט קיין זוהן ניט געלאזען, נאר אן איידעם, זעהר א יונגען, צוואנציג יאהר אלט, וואס איז געבארען געווארען בלויז מיט איין האנד, האט שוין אבער געהאט סמיכה אויף רבנות. בשעת ר׳ חיים׳קע האט געהאלטען ביים שטארבען, האט ער געבעטען רופען צו זיין בעט עטליכע געהויבענע באלעבאטים פון שטעדטעל און האט זיך געווענדעט צו זיי בזה הלשון:

„איך וויים, אז אין שטעדטעל זענען פאראן גרעסערע לומדים פאר מיין איידעם, נאר „משום כבוד בית אבא" פערלאנג איך פון אייך, ער זאל זיין א „ממלא מקומי". איך האף, איהר וועט זיין פון איהם צופרידען. און טאמער פעהלט עפעס אין איהם, נעהם איך און זיין טאטע, וואס איז געווען א צדיק, אויף זיך. און בזכות דעם וועט אייך גאט בעהיטען פון שרפות און מגפות רחמנא לצלן."

שטעדטעל האט געפאלגט. דערפאר האט זיי טאקע גאט געבענשט. דריי און פופציג יאהר איז דער רב ר׳ אברהם משה, מיט איין האנד, געזעסען אויף זיין שטוהל, געווען געליבט און געאכט ביי שטעדטעל פונקט ווי זיין שווער, ווי זיין עלטער

שווער. די גאַנצע דריי און פופציג יאָהר האָט שטעדטעל ניט געברענט, ניט פון פייער, ניט פון מחלוקת.

דער דאָזיגער רב האָט אבער נאָך זיך ניט געלאָזען ניט קיין זוהן, ניט קיין טעכטער — מיידלאך, נאָר אייניקלאך האָט ער געלאָזען. פון זיי איינע — א מיידעל.

פאַר זיין פטירה, — זענען אריין צו איהם עטליכע געהויבענע באַלעבאַטים און געפרעגט איהם: וואָס האָט ער עפּעס איבערצוגעבען שטעדטעל. דער שטאַרבענדער רב האָט געזאָגט, אַז ער האָט גאָר נישט איבערצוגעבען שטעדטעל. אַלע ווייסען, אַז אַ אָרימאַן איז ער אהער געקומען, און אָרימאַן געהט ער אוועק פון דאַנען. נאָר — האָט ער צוגעגעבען — אויב מ'וועט געפינען פאַר זיין אייניקעל, דאָס מיידעל, א יונגען מאַן, וואָס וועט זיין ראוי לרבנות, בעט ער, אז מ'זאָל איהם געבען די בכורה.

שטעדטעל האָט אזוי געטאָן. מ'האָט געשיקט, נאָך דעם רב'ס פטירה, א פּאַר־ייודען אין סלאַבאַדקע און דאָרטען געקראָגען אַ שענעם יונגען־מאַן — דעם דאָלאַטשיצער עלוי — און מיט מזל געשריבען תנאים מיט דעם אלטען רב'ס אייניקעל. נאָך איהם געגעבען א „כתב רבנות". דער יונגער רב האָט שבת געהאַלטען אין בית המדרש א פיינעם דרוש וועגען דעם, ווי גרויס עס איז די זינד צו גאָלען די באָרד. שטעדטעל איז געוועזען זעהר גערי‌הרט פון דעם דרוש. מ'האָט געפּראַוועט א פיינע חתונה און אַלץ איז שוין געוועזען אוועק אויפ'ן אַלטען פרידליכען ראַקאָווער שטייגער. עס איז געוועזען שמחה וששון. אָבער...

דער שטן האָט ניט געשלאָפען... ער האָט ניט פערגונען, אַז אין גאַנצען יודישען תחום זאָל נאָר זיין איין שטעדטעל, וואו די הייזער ווערען צופוילט און פאַלען איין פון אַלטקייט און ניט פון אונטערגעלעגטען פייער; וואו יאָהר־איין און יאָהר אויס געהען יודען צו שלישי, צו שישי, צו „אתה הראית", צו „חתן בראשית" און „חתן תורה" און דערביי שיטען זיך ניט קיין זלזולים און ס'האַגעלט ניט מיט קלעפּ. ער האָט ניט פערגונען...

א בייזע אויג האָט אויפגעגעסען ראַקאָוו. פון וואַנען דער פייער איז געקומען געדענקען ראַקאָווער יודען ניט אַקוראַט.

אפשר האָבן זיך איצט געפונען יורען, וואָס ביי זיי איז דוקא א חסרון, וואָס ראקאָוו ברענט ניט ?... נאָך א שרפה — זאָגען דאָך יודען — ווערט מען רייך... אפשר האָט זיך דאָ אריינגע־מישט פּאָליטיק ?.. אפשר האָט זיך גלאַט א טייל ראקאָווער באלעבאטים פערוואָלט א „פּרישע בולקע" ?...

ס'קען זיין, אז אלע דריי סבות האָבן געווירקט צוזאמען. אלענפאלס ווייס מען, אז עס זענען דאָ באלעבאטים, וואָס זיי וואָלט גאָר ניט געשאדט, ווען דער „רויטער האָהן" זאָל זיך אביסעל דורכשפּאצירען איבער זייערע אלטע הייזלאך. ס'איז אויך בעוואוסט, אז די ערשטע אָפּאָזיציע צום נייעם יונגען רב שטאמט פון די עטליכע באלעבאטים, וואָס האלטען זיך פאר לומדים און די אלטע רביצין האָט ניט זיי, נאָר אנדערע געשיקט אויף מבינות אין סלאבאדקע — פארהערען דעם חתן.

ווי די מעשה איז — עס ברענט און עס קאָכט אין ראקאָוו, אז דער אויבערשטער זאָל רחמנות האָבן. די היסטאָריע, ווי אזוי די „אָפּאָזיציע" האָט אראָבגעבראכט איהר קאנדידאט; ווי אזוי ער איז אריינגעפאָהרען דעם ערשטען מאָל אין שטעדטעל אין צוויי טעג ארום נאָך דעם יונגען רב'ס חתונה; ווי אזוי מ'האָט איהם געבראכט מ ט סטראָזשניקעס אין שוהל אריין; ווי אזוי מ'האָט איהם ניט געוואָלט מאכען „מי שברך" (אזא הונט „מי שברך" ?! האָבען דעם יונגען רב'ס צדדים געשריען) : ווי אזוי מ'האָט דעם ערשטען מאָל זיך געשלאָגען און די שויבען פון „בית המדרש" געבראכען; ווי אזוי מ'האָט דעם איספּראַווניק גענומען פאר אן אויסגלייכער צווישען די שטרייטענדע צדדים; ווי אזוי מ'האָט דעם עלטערן רב געקרוינט מיט'ן נאָמען „בורי־לע", ווייל ער האָט א פּראָסטען ישוב'ניק פאר א שווער, און זיינע חסידים האָבען דעם יונגען רב א נאָמען געגעבען : „רב'ל" „רעבטשיק" און דערנאָך — „ראַבטשיק"; ווי אזוי גאָר אין גיכען איז גאנץ שטעדטעל מיט קינד און קייט צוטיילט געוואָרען אין „ראַבטשיקעס" און „בורילעס"; ווי אזוי שטעדטעל איז צוטיילט אין צוויי משפּחות, צוויי בלוטפיינדליכע פּארטייען — בית המדרש פּאָליטיקער : „קושעלעווטשיקעס" און „פּריסציגערס"; ווי אזוי די ערשטע (זייערע סמנים : נידריגע, זוואָווינקע, שמאָל־

פנים'דיגע און קליינבערדעלדיגע: ריידען אויף גיך) האלטען אין איין שרייען: „אַט לויפען מ׳ר צום גובערנאַטאָר!" און די צווייטע (דיזעלבע סמנים, נאָר געלע בערדלאך), האלטען אין איין בונטעווען און שם'ען פאר שטעדטעלדיגע עזות פנימער: ווי אזוי יצחק יעקב דער „גדול" (אזוי רופט מען איהם פאר זיין הויכען און גראבען וואוקס). דער אויביגער דעפוטאַט אין מיעס־טשאַנסקע אופראווע, פאַנאַגראַף פון די קושעלעווטשיקעס האלט אין איין פילדערן, אז ער געהט מסר'ן (ס'איז נאָר גע־רעדט); ווי אזוי איין קושעלעווטשיק'ס ווייב (עטליכע ווייבער זענען אריבער צו דער אָפּאָזיציע) האַט בעגעגענט דעם צווייטען רב מיט אַ שטעקען, די צווייטע מיט אַ ווילקע, די דריטע אנט־לאָפען פון שטוב, בשעת דער רב איז צו איהר געקומען, שריי־ענדיג צום מאַן: שלאָף מיט'ן רב! ווי אזוי שטעדטעל איז צוריסען פון געגענזייטיגען באָיקאָט; און די גוים, אפילו די גלחים פון שטעדטעל, וואָס זענען, פונקט ווי די יודען, טריי דער טראַדיציע, דער הונדערט־יאָהריגער הייליגער קייט, ציטערן, אז אַט, אַט וועט שטעדטעל ברענען; קורץ וועגען דאָס אלץ האָט מען געקענט אָנשרייבען גאַנצע ביכער.

ראַקאָוו איז בכלל רייך אין אָריגינעלע טיפּען: אַ חוץ די אויבענדערמאָנטע איז דאָ פאראן: שמעון העלפער אַ הענדלער, דער חכם פון שטעדטעל און שרייבער. רעדט געצעהלטע ווער־טער. בשעת ער רעדט קנייטשט זיך ביי איהם דער שטערן. ער האָט אַ שם פאר אַ גרויסען עהרליכען מאַן און מ'קלייבט איהם אין שטעדטעל אויף ברירות. ווייטער — הירשעל ציביעס — דער „בירזשעוויק", ד. ה., וואָס לייענט זיין גאַנצען לעבען ניט קיין אַנדער צייטונג, ווי נאָר די רוסישע „בירזשעוויא וויעדאָ־מאָסטי". שמעון רבקה'ס — דער אמעריקאַנער פאַטריאָט: דער פוילישער פּראַבאַשטש (אויבער־קסיאָנדז), אַ גרויסער „אוהב ישראל", גיט אַ סך צדקה פאר יודישע ארימע לייט. יודישע קינדער זאָגען איהם „גוט מאָרגען" און „גוט שבת" און ער גיט זיי צוקערקעס.

# פיישע דער שניידער אלס „דזשעק דער בויכשניידער".

איך מוז זאָגען דעם אמת, אז פיישע דער שניידער, מיין שכן אויפ'ן דאטשע, איז מיר ניט קיין לאַנדסמאַן אין דעם אייגענטליכען זין פון וואָרט. ווארום איך בין, ווי אייך איז בעוואוסט, געוועזן אין אמעריקא, און ער — אין לאָנדאָן. דאָך, אזוי ווי פאָהרענדיג אין אמעריקא האָב איך, פונקט ווי א סך אנדערע עמיגראנטען, פערבראכט אביסעל צייט אין לאָנדאָן, דענק איך, אז א ך האָב דאָס רעכט, אין אַ געוויסען זין, צו רופען א י ה ם „לאַנדסמאַן". בפרט, אז, ווי ער, פיישע, דער שניידער, האָט מיר דערצעהלט — און דאָס האָב איך קיין שום גרונד איהם ניט צו גלויבען — איז ער אין לאָנדאָן געבליבען בלויז צופעליג. איהם האָט געפעהלט אויף הוצאות צו פאָהרען ווייטער איבער'ן ים. פון דער היים איז ער ארויס מיט דער כונה צו פאָהרען טאקע גלייך אין אמעריקא.

בעקענט האָב איך זיך מיט פיישע דעם שניידער פשוט. איך האָב געדארפט א „פאַטשינקע" אין א בגד. ער איז אויך ניט געוועזן מיין שכן אין דעם אייגענטליכען זין, נאָר פון אלע שכנים אין שטעדטעל, וואו איך האָב געוואוינט, איז ער געוועזן דער נאָהענטסטער שניידער. דאָס שטעדטעל איז איינס פון די גרויסטע און שענסטע שטעדטלאך אין דער ליטא. די ארבייטער וואוינונגען און די הייזער בכלל, ווי די קריסטליכע, אזוי די יודישע, זענען פריי, ארומגערינגעלט מיט גערטנער און סעדלאך.

אין די הייזלאך איז ריין, צוגעקליבן. אבער פּיישע דעם שניי־
דערס וואוינונג איז געווען אן אויסנאם. איך בין שוין געווען
אין א היבש ביסעל יודישע „פּאַלאַצען", אַבער אזא „גרוב"
האָב איך ניט געזעהן. און פאר אזא גרוב האָט פּיישע דער שניי־
דער געצאָהלט צוויי רובל א חודש. פאר די צוויי רובל א חודש,
האָט ער געהאט א פאַרהויז מיט א שטוב. דאָס פאַרהויז איז
געווען א מין שטעלכיל מיט צולעכערטע ווענט, א צולעכערטען
דאך, א צולעכערטע פּאַדלאָגע. אייגענטליך — ניט קיין פּאדלאַ־
גע, נאָר א שטיינערדיגער, גריבערדיגער בלאָטיגער דר'ערד.
אבער אנטקעגען דער סאמע שטוב איז דאָס געווען א פּאַלאַץ.
אין דער סאמע שטוב איז געווען אזוי ענג פון שמאטעס, טעפּ,
צובראָכענע בענקלאך און טישלאך, און דאָס אלעס איז געווען
אזוי אָנגעוואָרפען, איבערגעקעהרט און שמוציג, אז ס'האָט אויס־
געזעהן, ווי א חורבה נאָך א שרפה, צי נאָך א פּאָגראָם.

נאָר איין סימן איז געווען, אז דאָ וואוינט א שניידער: א
מאַשין. אבער גאָט מיינער! וואָס פאר א פּנים האָט די מאַשין
געהאט! פּיישע דער שניידער איז ביי דער מאַשין ניט געזע־
סען. עס איז בכלל ניט געווען קענטיג אויף איהם, אז ער איז
א שניידער. און איך גלויב, אז אויב ער האָט וואָס געקענט פון
שניידעריי, האָט ער עס שוין לאנג פערגעסען. ווארום פּיישע דער
שניידער האָט שוין פון עטליכע יאהר כמעט אויפגעגעבען זיינע
חשבונות מיט דעם עולם פון האווענעס און האַראָוואָניע. ער
האָט אמאָל געהאט אן אייגען שטיבעל, האָט ער דאָס פערקויפט
פאר א פּאָר הונדערט רובל. די פּאָר הונדערט רובל פערלייהט
ער די גוים אויף פּראצענט, און דאָס טראָגט איהם אריין א
פּאָר רובל א וואָך. צו ד ע ם מאכט זיך נאָך אמאָל זיצען
ביי א קראנקען, תהילים זאָגען פאר א גוסס, אוועק פיהרען א
יודישען „בר מנן" אויפ'ן ווילנער בית הקברות פון משוגעים
הויז, וואָס געפינט זיך דאָ אין שטעדטעל, און נאָך אזעלכע זייר־
טיגע האלב־מצוות האלב־פּרנסות. דערפון כאפּט ער נאָך א
וואָסער רובל א וואָך. און דערמיט לעבט פּיישע דער שניידער.

געטראָפען האָב איך איהם, ווי געזאָגט, ניט ביי שניידע־
ריי, נאָר ביי אן אנדער ווירטשאפטליכער ארבייט. ער האָט

געשאַבענע בולבע אויף וועטשערע. די ווייב האָט זיך גע׳עסק׳ט אַרום דער הרובע. קיין אויוועז איז דאָ ניט געווען, און מען האָט געקאָכט אין הרובע. אַ מיידעל איהרע, אַ פּנים פון ערש־טען מאָן, האָט עפּעס געפּאַקעט מיט אַ נאָדעל, זיצענדיג אויפ׳ן טיש.

אַז איך האָב פּיישען געמאַכט מיין פאָרשלאַג וועגען דער פּאַטשינקע, האָט ער געשיינט אליין איבערראַשט, אַפּנים ער האָט שוין לאַנג די נאָדעל ניט געהאַלטען, און אין דעם מאָמענט האָט ער גאָר פערגעסען, אַז ער איז אַ שניידער. ער האָט מיך אָנגעקוקט עפּעס פערוואונדערט, ווי ער וואָלט פרעגען: וועלכער משוגענער האָט מיר צו איהם אָנגעוויזען? נאָר באַלד האָט ער געמאַכט אַ כיטרע לעבעדיגע מינע, און האָט געזאָגט, אַז ער וועט מאַכען. איך האָב זיך מיט איהם פאַנאַנדערגערעדט. פּיישע האָט אויסגעזעהן אַ יוד פון אַ יאָהר עטליכע און פופציג, אַ הויקער מיט אַ ברייטער פּלייצע, מיט אַ פּלאַכען, ברייטען געזיכט און אַ ברייטער, אין מיטען גראָהליכער באָרד. ער האָט זיך ניט אָבגעריסען פון זיין מלאכה שאָבען קאַרטאָפּעל. ער האָט גע־רעדט שאָבענדיג און וויצלענדיג איבער זיך, איבער די ווייב, וואָס האָט זיך אַלץ געפּאַרקעט אַרום דער הרובע און רוגז׳דיג אַריינגעבראַקט, אַמאָל אַ וואָרט, ניט קוקענדיג אויף איהם. בכלל האָט ער אויסגעזעהן אַ פרעהליכער לעבעדיגער יודעל, וואָס ווייס אַ וועלט און ווערט פון קיין זאַך ניט נתפּעל. נאָך נעהענ־טער איז געוואָרען אונזער בעקאַנטשאַפט מיט איהם, בשעת ער האָט מיר אָבגעבראַכט די זאַכען און די „בורציכע", די ווייב איז דערביי ניט געווען. דאָ האָט ער אַריינגעבראַקט אין געשפּרעך דאָס וואָרט „רומס", און דערפון האָב איך פערשטאַנען, אַז מיר זענען „לאַנדסלייט". איך האָב איהם אָנגעהויבען פערנאַנדער־צופרעגען: ווי קומט ער צו די „רומס" און האָב איהם געזאָגט, אַז איך קען אביסעל ענגליש, און ווייס וואָס איז „מיסטער" און פאַרניטשור" און „אָל־רייט". דאָס האָט איהם הנאה געטאָן און ער האָט מיר אויף זיין שטויגער, האַלב הומאָריסטיש, האַלב ערנסט, דערצעהלט די געשיכטע פון זיין עמיגרירען און קומען צוריק.

— איינמאָל, מיינט איהר, בין איך געווען אין לאָנדאָן? פיער מאָל בין איך געווען אין לאָנדאָן! א בעטרעף האָט דאָס ביי מיר געהאט א כאפּ צו טאָן זיך אין לאָנדאָן! אזוי ווי א פאָהר צו טאָן פון ווילייקע אין ווילנע. און פאָהרען האָט מיר נאָר געקאָסט דאָס ערשטע מאָל, ווייטער האָט מיר שוין א קאָפּי־קע ניט געקאָסט."

— ווי אזוי? — האָב איך געפרעגט, אָנקוקענדיג איהם פערוואונדערט. — איהר זייט געפאָהרען, ווי א „האָז" אונטער'ן באנק הייסט דאָס? אבער אין שיף געהט דאָך ניט אזעלכע זאכען.

— עט, וואָס רעדט איהר! איך בין געפאָהרען ווי א פּריץ, ד. ה. דעם גרענעץ בין איך, פערשטעהט זיך, אריבער ניט מיט אן אויסלענדישען פּאָס. אבער אין שיף בין איך געפאָהרען, ווי א פּריץ, און פאר מזומן געלד. ווי אזוי? פרעגט איהר. מען האָט מיך גענומען. א בחור, א מיידעל, א קאָמפּאניע, וואָס איז געפאָהרען און ניט געוואוסט די גאנגען אויפ'ן וועג, פלעגען מיך נעהמען אויף זייערע הוצאות, ווארום איך בין שוין געווען קלאָר אין „הלכות עמיגראנט" ווי א יוד אין „אשרי". אי אויפ'ן גרענעץ, אי אין באָד, אי מיט'ן אגענט, אי אין שיף, אי אראָב פון שיף.

— פארוואָס זייט איהר געקומען, אָדער פלעגט איהר קומען צוריק?

— פארוואָס בין איך געקומען צוריק? פרעגט זיך פאר־וואָס בין איך געפאָהרען? ווי קומט צו מיר לאָנדאָן? ווער האָט געוואוסט פון די מרחקים? איך האָב מיר געלעבט נישקשה, דעמאָלט בין איך געווען כמעט איין שניידער אין שטעדטעל. האָב גענייהט פאר גוים. האָט זיך געראפּט מאכען א צרה.

דאָ האָט מיר פּיישע דערצעהלט די צרה, וואָס איז געווען די סבה פון זיין פאָהרען: ער האָט געהאט א משפט מיט גוים, עפּעס פאר א שטיקעל ארבייט, וואָס מען האָט פון איהם אבגע־נומען מיט געוואלד און ניט געוואָלט בעצאָהלען. פּיישע האָט זיך מיט זיי גע'משפט. א פּאָר גוים האָט מען אריינגעזעצט אין אָסטראָג. דערפאר האָט מען איהם צוגעזאָגט צו פּטר'ן איהם.

ער האָט געמוזט אַבציהען. בכלל, האָט זיך אַרויסגעוויזען פון אונזער געשפּרעך, אַז פּיישע האָט אין די יונגערע יאָהרען גע־האָט אַביסעל די מדה פון ישמעאל'ן: „ידו בכל ויד כל בו.“ ער האָט זיך געטשעפּעט און מען האָט זיך מ'ט איהם געטשע־פּעט. ניט איינמאָל האָט ער געכאַפּט קלעפּ פון די שטעדטעלדיגע יודישע קצבים. פאַרוואָס? פאַר קאָנקורענץ! וועט איהר דאָך פרעגען: ווי קומט אַ קאָנקורענץ צווישען אַ שניידער מיט קצבים? איז דער תירוץ, אַז פּיישע האָט זיך מיט זיין פרנסה ניט בענוגענט. בשעת עס איז געווען שט'ל אין שניידעריי און לעבעדיגער אין מסחר מיט קעלבלאַך, האָט פּיישע אַביסעל אונ־טערגעהאַנדעלט מיט קעלבלאַך.

הקיצור: פּיישע האָט געמוזט אַבציהען און געמאַכט פּליטה אין לאָנדאָן. אין לאָנדאָן האָט איהם, לויט פּיישעס אייגענע ווערטער, געגליקט. דהיינו: ער האָט גלייך געקראָגען אַרבייט. אויף צוועלף שיללינג די וואָך. מ'ט נאַכט־אַרבייט האָט ער אויסגעאַרבייט פופצעהן — זעכצעהן שיללינג. דירה האָט איהם ניט געקאָסט. ער האָט גענעכטיגט אין שאָפּ, אַלס וואַטשמאַן. (וועכטער). שבת האָט ער געגעסען ביי אַ קרוב. קורץ ער איז מעהר ניט געווען אַ בעל הוצאה ווי דריי פיער שיללינג אַ וואָך. אין אַ יאָהר צייט האָט ער אויפגעקליבען אַ דרייסיג פונט, ד. ה. אַ דריי הונדערט רובל, און האָט אָנגעהויבען צו קלערען וועגען פאָהרען אַ היים. די ווייב האָט עפּעס געטאָן אין שטעדטעל און פערדינט אויף דער הוצאה.

גראָד זענען די גוים, פאַר וועלכע ער האָט מורא געהאַט, שוין ניט געווען אין שטעדטעל. ער איז געקומען אַהיים, געקויפט פאַר די עטליכע רובל אַ הייזעל און ווידער געזעצט זיך צו דער נאָדעל, צו האַנדלענדיג אין אַסיען מיט קעלבלאַך.

---

די שניידעריי איז אַבער געווען אין דער ערד, ווארום עס האָבען זיך געיאָוועט אין שטעדטעל בעסערע שניידער פון איהם, די קעלבלאַך וואָלטען יאָ געווען ניש קשה פון אַ געשעפט, און מען האָט געקענט ציהען פון זיי חיונה, האָט ער אַבער געהאַט אויס־צושטעהן געבראָטענע צרות פון די קצבים. „הערסט“ — האָ־

בען זיי געשריען — „עס איז איהם ווייניג נאָר איין פּרנסה! א שניידער זאָל זיך גאָר מישען אין קצבות."

בקיצור: מען האָט איהם צוגעזאָגט צו מאכען מיט א קאָפּ קירצער.

פאר די קצבים האָט אבער פּיישע קיין מורא ניט געהאַט. „איך בין" זאָגט ער „אויך אַן עקשן". מען האָט זיך ניט איין מאָל געשלאָגען, געבלוטיגט. צום סוף איז פּיישען פּאַרט מיאוס געוואָרען. א קאָמפּאַניע בחורים זענען געפאָהרען קיין לאָנדאָן, האָט מען איהם מיטגענומען אויף זייערע הוצאות, און ער איז מיט זיי אוועק.

דעם צווייטען מאָל איז שוין ניט געווען אזוי גוט ווי דעם ערשטען מאָל. מען האָט געדאַרפט דורכמאכען אביסעל „סלעק". אבער דאָך האָט ער פערדיענט אי פאר זיך אויף דער הוצאה, אי אונטערגעשיקט דער ווייב; האָט אויך אָבגעשפּאָרט אין א האַלב יאָהר צייט עטליכע רובעל. עס האָט איהם גענומען ציהען אהיים ווי א מאַגנעט.

און וויעדער איז פּיישע אין דער היים. און וויעדער דער אייגענער מסחר און צרות מיט די קעלבלאך. דאָ זענען די קצבים אויף איהם געוואָרען נאָך מעהר אין כעס. זיי האָבען גע־וואוסט, אז ער פערדיענט „גוטע געלד" אין לאָנדאָן. „טרייבט איהם דער שווארץ יאָהר וויעדער אהיים צו די קעלבלאך. כאַי וואָלט ער שוין דאַרטען א כפּרה געוואָרען".. האָבען זיי גע־טענה'ט. אבער פּיישע איז ביי זיך געוואָרען יעצט שטייפער אין דער דעה און נאָך מעהר עקשן. ער האָט שוין געוואגט צו קריבען העכער פון א קעלבעל: האָט גע'מסחר'ט אַן עקסעל, א בהמה־לע...

די קצבים האָבען א מאָך געטאָן מיט דער האַנד. זיי האָבען פּיישען ניט געקאָנט ברעכען. פּיישע ווידער האָט זיך גע־היט ניט צו געהן שפּעט ביי־נאכט אליין אין זייטיגע געסלעך. ער האָט טריאומפירט איבער זיינע שונאים. עס איז אוועק א האַלב יאָהר, און מערקווירדיג! פּיישען איז אליין דערעסען געוואָרען דער זיצען אין דער היים. עס האָט איהם געצויגען ווי „א מאַגנעט" שוין צוריק אין די מרחקים.

עס האָט זיך ווידער געמאַכט עפּעס א פּאָר יונגע לייט, א חתן מיט א כלה. ווידער האָט מען איהם גענומען אויף זייערע הוצאות, אלס וועג־ווייזער־ספּעציאַליסט אין הלכות גרענעץ. און פּיישע איז א דריטען מאָל געווען אין לאָנדאָן.

עס חזר'ט זיך איבער די זעלבע געשיכטע. פּיישע פאָהרט אין דריי פּיערטעל יאָהר ארום ווידער אהיים, און א האלב יאָהר שפּעטער, איז ער א פערטען מאָל אין לאָנדאָן.

יעצט איז ער אין לאָנדאָן שו ן א גאנצער בן בית. אין מיטען שטארבט אין דער היים די ווייב. פּיישע קלערט שוין וועגען בלייבען אין לאָנדאָן און ברייננגען צו זיך די איבעריגע קינדער. איין בחור האָט ער שוין געהאט ביי זיך.

לויפט זיך איהם אָן א ווילדע געשעהענים. פּיישע דער שניידער פאלט אריין אין „סטיישאָן", אין פּאָליציי־הויז, הייסט עס, און ווערט געהאלטען אויף א קייט אלס „דזשעק דהי ריפּער" — איהר האָט מסתמא געהערט פון „דזשעק דהי ריפּער" — מאכט צו מיר פּיישע. — דעמאָלט האָט געקלונגען מיט איהם די גאנצע וועלט.

— געהערט, געהערט, — זאָג איך — ווי־זשע! ווי קומט עס אָבער...

— זאָל איך אזוי וויסען בייז... דעמאָלט האָט מען אין לאָנדאָן פון קיין אנדער זאך ניט גערעדט, ווי נאָר וועגען „דזשעק דהי ריפּער". דאכט זיך אָט איז ער! אָט כאַפּט מען איהם, און — ואיננו. ער פּלעגט אפילו אָנזאָגען — דערצעהלט מען — דער פּאָליציי פריהער: מאָרגען אזוי פיעל און אזוי פיעל א זייגער וועל איך זיין דאָרטען און דאָרטען. גיט אכטונג!

פּאָלים פלעגט, פערשטעהט זיך, זיין אויפ'ן אָרט. מען הערט גאָר נישט, מען זעהט גאָר נישט. און — פּלוצלונג, א גוואלד, אן אויפגעלאף, מען האָט געפונען אן אלטע פרוי אָדער א יונגע מיידעלע מיט אן אויפגעריסענעם בויך, צושניטען אויף שטיקער. און „דזשעק" איז ניטאָ...

„און — א מאָדנע זאך! גראָד האָט ער זיינע מעשים צו טאָן אויף „איסט־ענד" אויף מזרח זייט לאָנדאָן אין די יודישע געסלעך, אין יודישע הויפען, און דוקא האָט מען געפונען מיט

צוריסענע בייכער קריסטליכע — פרויען. דאָס האָט שרעקליך אויפגעבראכט דעם פּראָסטען ענגלישען המון, די אנטיסעמיטי־שע צייטונגען האָבען געשריען, אז „דזשעק“ איז געווים א יוד, און יודען בעהאלטען איהם, ווייל זיי דארפען קריסטליך בלוט.

א יוד האָט ניט געקאָנט דורכגעהן די סטריט. איך מיין— אונזערער א יוד, בפרט א גר נער, מיט א וויסקע. איך בין אפילו קיין גרינער ניט געווען, אבער די באָרד האָב איך ניט אראָב־גענומען.

„נו, אמאָל געה איך אין סטריט, מיט דער שער — א לאַנ־גע שער האָב איך געהאט. געה איך אזוי מיט דער שער פון דער ארבייט. פּלוצלונג לויפען ארויס פון א שענק צוויי געזונטע ענגלישע ארבייטער, און גלייך מיט די ווערטער „גאָד־דעם יו שיני“ !*) אויף מיר! איינער האָט געהאלטען אן אייזערנעם שטעקען און גיט מיר א בענטש איבער'ן קאָפּ. איך האָב זיך א גליטש געטאָן, האָט ער מיר אין קאָפּ ניט געטראָפען, נאָר אי־בער'ן קארק. דער אנדערער האָט געהאלטען א מעסער. איך בין געפאלען, און ביידע אויף מיר. דער מיט'ן שטעקען, און יענער מיט'ן מעסער.

איך זעה: עס איז שלעכט! ווייס איך ניט וואָס איז מיט מיר געווען. איך גיב זיך אזוי א שטעל אויף און מיט דער שפּי־ציגער שער גלייך דעם רויטען שכור, וואָס מיט'ן אייזערנעם שטעקען, אין פּנים אריין...

„איך ווייס ניט: צי האָב איך איהם אָבגעריסען אן אויער צי דעם נאָז. ער איז געפאלען א בע'דם'טער, ווי א חזיר.

„דער אנדערער האָט דאָס דערזעהן, האָט ער א מבולבל'ער זיך געלאָזען לויפען מיט קולות: דזשעק! דזשעק, דהי ריפּער! א ך זעה, אז דער ליגט א צובלוטיגטער און יענער איז אוועק, לעג איך מיר אריין די שער אין קעשענע און וויל זיך שטילער־הייד אָבטראָגען. גראָד איז נאָך קיינער ארום ניט געווען!

„אָבער איך האָב קיין צייט ניט געהאט אבצולויפען א צוואנציג טריט, זעה איך, ווי עס לאָזט זיך פון אלע זייטען א המון, פון

*) פערפלוכטער יוד.

הונדערטער מענשען מיט קולות: „דזשעק דהי ריפּער!“ און אַלע אויף מיר. וואָס טוט מען?... אַט זענען זיי... מען וואָלט מיך אפשר צוריסען אויף שטיקער! גאָר אַהן א גוזמא...

„זענען אַנגעלאָפען פּאָליסלייט און מען האָט מיך גענומען. דער המון האָט זיך א לאָז געטאָן אויף די פּאָליסלייט און גע־וואָלט מיך ארויסרייסען און לינטשען,*) האָבען זיי, די פּאָליס־לייט, מיך פעסט ארומגעטשעפּעט, ווי א ראָד, אגב זענען אונ־טערגעקומען נאָך, און מען האָט מיך, אונטער געשרייען און גע־וואַלדען: „דזשעק דהי ריפּער!“ אוועק־געפיהרט אין סטיישאָן. אין סטיישאָן האָט מען מיך אוועקגע־זעצט הינטער א רעשאָטקע און ווער עס איז נאָר געווען דאָרט, לויפט קוקען אויף מיר ווי אויף א בייזע חיה.

„נאָר איך האָב שוין גאָט געדאַנקט, וואָס איך בין נצול געוואָרען פון א שרעקליכען טויט. ווארום דער המון וואָלט מיך געוויס צוריסען אויף שטיקער. איך ווארט, וואָס וועט דאָ זיין. א האַלבען טאָג האָב איך געווארט. דערנאָך האָט מען מיך גע־נומען אויפ'ן פערהער. האָב איך די „דזשורי“**) דערצעהלט, ווי די מעשה איז פארגעקומען: אַז איך בין א שניידער און געה מיט דער שער פון דער ארבייט. זענען זיי אויף מיר אַנגעפאַלען,ביידע שכורים, און געוואָלט מיך הרג'ענען, האָב איך זיך געמוזט וועהרען מיט דער שער.

„עס פערשטעהט זיך, די „דזשורי“ האָבען גלייך געזעהן אין מיין פּנים, וואָס פאַר א מין „דזשעק“ דאָס איז, און מען האָט מיך אָבגעלאָזט. אבער איך האָב שוין צופוס ניט געקאָנט פערשלעפּען זיך אהיים. מען האָט מיך געמוזט אָבפיהרען.

„עטליכע וואָכען בין איך אָבגעלעגען קראַנק. דערנאָך אַז איך בין געזונד געוואָרען, איז ביי מיר געבליעבען צו פאָהרען אהיים. עס איז מיר מיאוס געוואָרען לאָנדאָן. געהענדיג אין סטריט, פלעגט זיך מיר אויסדוכטען, אַז מ'שרייט פון אַלע זייי־

*) צוריסען אויף שטיקער.
**) די ריכטער.

טען: „דזשעק דהי ריפער!" „דזשעק דהי ריפער!", אז אַט, אַט וועלען מיך בעפאַלען שכור'ע גויים און מיך לינטשען."

קומענדיג אהיים, האָט פּיישע פּערקויפט דאָס הייזעל, פּערליהען די עטליכע רובעל צו זיינע בעקאַנטע פּויערים און זיך גענומען צו דער נאָדעל. ער האָט געקראַגען אַ יודענע מיט עטליכע יאָהר יונגער פון איהם און חתונה געהאַט אַ צווייטען מאָל.

מיט קעלבלאַך האָט ער שוין מעהר ניט געהאַנדעלט. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד אויף די קצבים. דער צופאַל אין לאָנדאָן, דאָס לעצטע מאָל, — ווען ער האָט געמוזט איי־ניגע שטונדען צייט פיגורירען אין דער ראָלע פון „דזשעק דעם בויכשניידער", האָט אויף איהם געמאַכט אַ מורא'דיגען איינ־דרוק. עס האָט איהם צובראָכען, אַרויפגעלעגט אויף איהם די עלטער, אַראָבגענומען דעם מוט. פּיישע האָט געלאָזט געהן דאָס לעבען ווי עס געהט, און וואָלט געווען אַ שמח בחלקו, ווען ניט די צרות פון דער צווייטער ווייב.

— עס איז ניט די ערשטע — האָט מיר פּיישע געזאָגט מיט אַ זיפץ. די ערשטע איז געווען אַ גוטער פריינד, האָט גע־היט איטליכע קאָפּיקע, און ז י זעהט נאָר, וואָס עפּעס אַריינ־כאַפּען פאַר זיך און איהרע טעכטער פון דעם ערשטען מאַן.

פּיישע האָט געהאַט בחורים, און די צווייטע ווייב האָט געהאַט מיידלעך. איין בחור זיינער האָט זיך פערליעבט אין איהרע אַ מיידעל. האָבען זיי זיך „בענאַרישט". האָט דאָס גע־קאָסט אַ הונדערט רובעל אויסריכטען זיי ביידען אין לאָנדאָן. עס זאָל ניט זיין קיין לייטישע געלעכטער. מיילאַ נאָך די אַלע צרות, איז ער געווען פונדעסטוועגען צופריעדען. עס וועט זיין אַ צווייענדיגער בונד — ערקלערט מיר פּיישע — וועט זי אפשר זיין טרייער, ערשט וואו — ע־עך!...

דערביי האָט פּיישע אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד און האָט מעהר ניט גערעדט.

איך האָב פערשטאַנען, אז עפּעס איז ביי פּיישען דעם שניי־דער געבליבען ניט דערערדט. האָט מען מיר דערקלערט אין אַ שכנה'שער קרעמעל.

— עס, וואָס רעדט איהר, — מאַכט צו מיר די קרע־מערקע, — אוי, אַ יודענע איז דאָס!... אַזאַ יאָהר אויף מיר, וואָס פאַר אַן עהרליכער יוד ער איז, פּיישע... — האָט זי אויף איהם געוואָרפען אַן „און חן".

— וואָס הייסט, פרעג איך, אַן און חן? זי זעהט דאָך אוים ניט קיין סך יונגער פון איהם. אויך ניט ווייט פון פופציג. ביי די יאָהרען...

— נו, נו, זעהט איהר דאָך — מאַכט צו מיר די קרעמער־קע — זי האָט חרטה אויפ'ן שידוך... זי האָט מיט איהם קיין קינדער ניט! ווייל זי האָבען אַ יונגען מאַן, זי זאָל... זי וויל האָ־בען נאָך קינדער... זיהן ווייל זי האָבען... טעכטער האָט זי נאָר... ווייל זי אַ קדיש האָבען...

— אַ רחמנות אַזאַ יוד — האָט די קרעמערקע אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס און בעדויערענדיג אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ אָן אַ זייט, אַזוי ווי דאַרטען וואָלט שטעהן פּיישע דער שניידער.

# דער לעצטער יודישער פאלקס־זינגער.

מוניע דער דובראָוונער שטאָדט־שמש, דאָס איז דער הוליאקע פון שטעדטעל. קיין שמחה איז אָהן איהם קיין שמחה ניט. אזוי ווי אין דובראָוונע איז קיין מאָדע ניט צו שיקען בי־לעטען דורך פּאָסט, איז ער דער איינלאדער אויף אלע חתונות און ברית'ן. ער איז בעסער ווי פּאָסט. ערשטענס קאָסט ער בי־ליגער. צווייטענס — און דאָס איז דער עיקר — פערשפּאָרט ער ארבייט: שרייבען אדרעסען און ברעכען דעם מוח: וועמען צו רופען און וועמען ניט! ווארום ער, מוניע דער שמש, ווייס קלאָר יעדען דובראָוונער יודענס משפּחה און יחוס, ביז א צעהנטע גליד. ער ווייס בעסער, ווי דער „בעל שמחה" אליין. ברוך דער וועבער, א שטויגער, מאכט חתונה א טאָכטער. שיקט ער רופען מוניע דעם שמש און האלט זיך מיט איהם אן עצה: וועמען ס'איז כדאי צו רופען און וועמען ניט. רעכענט מיט איהם אוים דעם גראד קרובה'שאפט פון יעדען קאָנדידאט אויף א געלאדענעם. דער עיקר אבער, פערשטעהט זיך: ווער וועט שי־קען דרשה־געשאנק און ווער וועט זיך מאכען ניט וויסענדיג. און אזוי ווי ס'איז ניטאָ דער טאָג, וואָס אין דובראָוונע זאָל זיך ניט מאכען א שטיקעל שמחה, — האלט דעריבער מוניע דער שמש אין איין מעסטען שטעדטעל, פון דער פריה נאָכ'ן דאַוו־נען, ביז מנחה. ער אליין, פערשטעהט זיך, איז אויך א שטאר־קער מחותן אויף יעדער שמחה. אבער קומען ניט געבעטען וועט ער ניט. מוניע דער שמש, דאַרפט איהר וויסען, איז זעהר א

חאַנאַראַווער. אַט אויפ׳ן סיום־התורה, וואָס איז געווען אין שטעדטעל בשעת מיין וויזיט דאָרטען, איז ער אום איין האָר ניט ברוגז געוואָרען: מ׳האָט זיך פערגעסען איהם מכבד צו זיין מיט איינשרייבען אַן אות ביים ענדיגען די תורה, ווי דער מנהג איז. באשר וואָס? מ׳האָט גערעכענט, אַז ער וועט ניט געבען קיין נדבה פאַר דעם „כבוד“ פון איינשרייבען אַן אות אין דער תורה. דאָס האָט איהם שטאַרק בעליידיגט. וואָס הייסט? ער איז אַזוי אין שטאַנד צו בעצאָהלען פאַר א „כבוד“, ווי אַלע שטעדטעלדיגע יודען. מ׳האָט איהם קוים איבערגעבעטען. דערפאַר אָבער האָט ער זיך געלאָזט הערען אויפ׳ן סיום־התורה!

מוניע דער שמש איז ניט קיין בדחן און ניט קיין טענצער און שפּרינגער גלאַט אין דער וועלט אריין. ער האָט זיין בעשטימטען רעפּערטואַר. ער איז א זינגער פון פאָלקס־לידלאַך, און ניט פון סתם פאָלקס־לידלאַך, נאָר, דער עיקר, בית המדרש׳דיגע. כמעט אַלע פון א בעזונדער מין: יודיש מיט גואיש צוזאַמען. דאָ, אין מאָהליווער גובערניע זענען זיי, אַט די לידלאַך, טאַקע בעשאַפען געוואָרען; פון דאַנען האָבען זיי זיך פערשפּרייט איבער אַלע יודישע שטעדט און שטעדטלאַך; און ער, מוניע דער שמש, איז זייער טרייער היטער. אמאָל זענען געווען א סך אַזעלכע פאָלקס־זינגער. היינט זענען זיי, צום גרוים בעדויערן, אויסגעגאַנגען. און איך האָב מורא צו זאָגען, אַז מוניע דער שמש איז דער לעצטער זינגער פונ׳ם יודישען פאָלקס־ליעד.

מוניע דער שמש טרעט ארוים אויף דער סצענע דאַן, ווען ער קומט אריין אין התלהבות. און התלהבות פון דער ערשטער, פשוט׳ער מדרגה, בעקומט ער פון דער ערשטער האַלבער קווערטעל. אַז עס קומט צו דער דריטער און פערטער (ער קען „פערנעהמען“ מעהר אויך), אַט דאָ טרעט ער אריין אין זיין עכטער ראָלע, אַט דאָ איז ער — מוניע דער שמש! אַט דאָ ווערט דאָס ביסעל געטאַנצט און געזונגען! עס ציטערט אונטער איהם די פּאָדלאָגע און ארום איהם די לופט. דער גאַנצער עולם ארום שטורמט. מ׳הויבט איהם אין דער לופטען, און ער איז דער העלד פון דעם אָווענד.

דער ערשטער ארויסטריט פון מוניע דעם שמש איז, גע־

וועהנליך, דער „קאזאטשאק". דאס איז א יודישע, ריכטיגער, א חסידישע „קאזאצקע" האלב מיט יודישע, האלב מיט גוי'אישע ווערטער:

— זא איגראי מיניע קאזאטשאק
פא מתנגד'עצקו!
זא איגראי מיניע קאזאטשאק
פא מתנגד'עצקו!
— וואס מ'מעג — מאג מען! מאג מען!
וואס מ'טאר ניט — מאג מען אויך!
— פאר וואס־זשע?
— ווארום „גדולתו וגבורתו אין לספר"
א פרק משניות איז אויף אלץ מכפר, —
וואט טעביע קאזאטשאק
פא מתנגד'עצקו!...

דאס לידעל איז, ווי עס זעהט אויס, א סאטירע פון חסידים אויף מתנגדים. וועגען זיך אליין זינגען חסידים אויף אזא שטוי־גער:

— זא איגראי מיניע קאזאטשאק
פא חסיד'אצקו!
זא איגראי מיניע קאזאטשאק
פא חסיד'אצקו.
— וואס מ'טאר ניט — טאר מען ניט, טאר מען נים!
טאר מען ניט!
וואס מ'מאג — טאר מען אויך ניט!
פאר וואס־זשע?
—ווארום — „גדולתו וגבורתו אין לספר"
א פרק משניות — איז אויף גאר נישט מכפר!
וואט טעביע קאזאטשאק
פא חסיד'אצקו!

ווייטער געהט: א „קאזאטשאק" „פא הולטאיסקו". „פא ניעמעצקו", פא פאנסקו", „פא מוזשיצקו", און צום סוף — „פא יעווריסקו". „פא יעווריסקו" ענדיגט זיך אזוי:
ישמחו במלכותך
שומרי שבת, שבת, שבת!

וואָס טעביע קאָזאַטשאָק
פאַ יעווריייסקו!...

נאָך אַ גלעזל בראַנפּען (פון דער צווייטער האַלבע קווער־טעל) און עס געהט „על־חטא“, אויף אויפ'ן זעלבען שטייגער: האַלבּ יודיש, האַלבּ גוי'איש: האַלבּ געזאָגט, האַלבּ געזונגען:

„אַז עס שטעלט זיך אַוועק דער שענער, פיינער יונג פאַר דעם „רבונו של עולם“ און זאָגט:

על חטא שחטאנו לפניך באונס וברצון, —
ענטפערט מען איהם פון אויבען.
ענטפערט מען איהם פון אויבען:
„וואָש, די סאָם חאַטיעל!“
(זאָגסט אַ ליגען, דו האָסט אַליין געוואָלט).

אַט אַזוי געהט ווייטער: אויף „על חטא שחטאנו לפניך באמוץ הלב“ — ענטפערט מען איהם פון אויבען:

ניע בילאַ סערדצע קרעפּים!“
(ניט געדאַרפט דאָס האַרץ פאַרהאַרטעווען).
אויף — בבלי דעת — ענטפערט מען איהם פון אויבען:
„וואָש, טי סאָם אוזנאַל!“ (געוואוסט).
אויף „„בבטוי שפתים“ ענטפערט מען איהם פון אויבען:
„ניע בילאַ יאַזיקאָם באָלטאַט!“
(ניט געדאַרפט מיט'ן צונג באַלבען).
אויף „בגלוי עריות“ ענטפערט מען איהם פון אויבען:
„ניע בילאַ ס'דיעוואָק הוליאַץ!“
(ניט געדאַרפט מיט מיידלאָך שפּאַצירען געהן).
און אַזוי געהט ווייטער.

פון די ענטפערס קענט איהר לייכט אַרויסזעהן, אַז דער „קטרוג“ „רחמנא לצלן“ אויבען איז זעהר גרויס אויף דעם „שענעם, פיינעם יונג“, און אַז עס קומט צו:

ועל כולם אלוה סליחות, סלח לנו, מחל לנו, כפר לנו—
ענטפערט מען איהם פון אויבען:
„ניעט — ניע פּראָשטשאַנאַ!...“
ס'הייסט: מ'וועט ניט מוחל זיין...

וואָלט דאָך געווען זעהר שלעכט מיט'ן „שענעם, פיינעם

יונג", איז אבער פאראן א ר' לוי יצחק בערדיטשעווער... אַט דער צדיק, וואָס האָט אזוי ליעב געהאַט אלע יודען און „ימים נוראים" און „עשרת ימי תשובה" האָט ער וועלטען געקעהרט צו געפינען אויף דעם ערגסטען יודען א זכות. ער, ר' לוי יצחק בערדיטשעווער, איז גאָר א גרויסער תקיף דאָרטען אויבען. איז, אז ער שטעלט זיך אוועק פאַר'ן „רבונו של עולם" און זאָגט דעם זעלבען „ועל כולם" מיט זיין בערדיטשעווער אויסזאַג,— „אי" אנשטאַט „או" —

ועל כילם אלוה סליחות, סלח לני, מחל לני, כפר לני—
ענטפערט מען איהם פון אויבען,
ענטפערט מען איהם פון אויבען:
„שטאָ ס'עטים סטאַריטשקאָם דיעלאַט,
— ווסאָ פראָשטשאָנאָ!..."

ס'הייסט: וואָס זאָל מען טאָן מיט אָט דעם אלטשינקען!— אלץ מוחל!

די צווייטע קווערטעל האלט ביין ענדע און עס געהט „הושענות":

„לאָמיר דערצעהלען די מעלות פון אונזערע אידעלאך
די ערשטע מעלה, די ערשטע מעלה
איז „אום אני חומה."
די צווייטע מעלה, די צווייטע מעלה
איז „ברא כחמה"
חאַץ, חאַץ, חאַץ:
גולה, וסורה;
פאַרט, פאַרט, פאַרט —
דמתה לתמר.

עס הויבט זיך אָן די דריטע האלבע קווערטעל און מוניע רעם שמש קומט צו די רעכטע „התלהבות" און צוזאמען דער־מיט צו די בעסטע נומערן פון זיין רעפּערטואר:

„ירושלים, סלאַווני גאָראָד!
לודי גאַוואַרילי
„ירושלים סלאַווני גאָראָד
לודי פאַחוואַלילי.

דאָס איז איינגענטליך דער פּאַרשפּיל און צושפּיל נאָך יע־
רען קופּלעט. דאָס עצם לידעל זינגט זיך אַזוי:

עך, טי חוה, נאשא מאַט!
שטאָ־זש טי יעלאַ הדעת?
יעסליב ניע יעלאַ ז׳עץ הדעת
טאָ־ב ניע בילאַ סמערט נא נאָס...

נאָך חוה׳ן גיהט אברהם:

עך, טי אבראַם, סטארי אבראַם!
שטאָ טי זאזשורילסא?
פּאַוויאַל סינא נא „עקדה" —
דאראָם פּאַטרודילסא...

וועגען יצחק׳ן זינגט זיך:

עך טי יצחק נאַש אטיעץ,
ביל טי זוויאַזאַן קאַק בראַניעץ,
סטאָלי מלאכים פּלאַקוטשי,
וועליעל באָך פּוסקאַטשי...

דער שענסטער קופּלעט איז וועגען יעקב׳ן:

עך, טי יעקב באַטשקא נאַש!
טשעטירענאַדצאַט ליעט אָווצי פּאַס,
טשעטירענאַדצאַט ליעט אָווצי פּאַס,
סעם זא רחל, סעם זא נאָס...

נאָר דער סאַמע אינטערעסאַנטער איז וועגען עשו׳ן:

עך טי עשו — דיאַדקא נאַש,
קאַרטשמי ניע מינאַיעש,
וואָדאָטשקו וויפּיוואַיעש,
טשערעז וואָדקו באָסי חאָדיש, —
טשאָבאָטאָוו ניע מאַיעש...

דאָס איז די כאַראַקטעריסטיק פון דעם רוסישען פויער
אין דעם מויל פון׳ם יודישען פאָלקס־זינגער.

ווילט איהר אַ סאָלדאַטען־ליעד? — אַט האָט איהר זי!
נאַטירליך, אַנשטאָט „מאַשענקא — פּאַראַשענקא", איז די טע־
מע — די שול, „תקון חצות", „נעגעל־וואַסער":

וו׳נאַשעי ראַסעאי —
סאַמאָסעאי

וו׳פּאַלנאַטשאַ
אַוסטאַוואַיוטש,
נעגעלוואַסער
אַטליוואַיוטש,
עך בראַוואַ, בראַוואַ, בראַוואַ!
נעגעל־וואַסער אַטליוואַיוטש!

די גאַנצע לידעל בעווייזט ווי אזוי אַן עהרליכער יוד פערברענגט דעם פריהמאָרגען. ער שטעהט אויף „חצות“, ד. ה. אום האַלבע נאַכט און גיסט אָב, די ערשטע זאַך — נעגעל־וואַסער. באַלד נאָכדעם זעצט ער זיך אַבריכטען „חצות“:

נעגעלוואַסער אַטליוואַיוטש,
„תקון חצות“ אַטפּראַווליאַיוטש,
עך בראַוואַ און אַז. וו.

נאָך „תקון חצות“ לויפט ער אין מקוה:

„תקון חצות“ אַטפּראַווליאַיוטש,
אַ וו׳מקוה פּאַביעגאַיוטש,
עך בראַוואַ און אַז. וו.

פון מקוה אין שול:

איז מקוה פּאַביעגאַיוטש,
אַ וו׳שקאָלו זאַביעגאַיוטש,
עך בראַוואַ און אַז. וו.

אריין אין שול — גלייך אָנגעטאָן טלית ותפילין:

אַ וו׳ שקאָלו זאַביעגאַיוטש
טלית און תפילין נאַדזעוואַיוטש,
עך בראַוואַ און אַז. וו.

אַנגעטאָן טלית און תפילין, הויבט ער אָן פון „מה טובו“.

איז מה־טובו פּאַטשינאַיוטש,
„ברוך שאמר“ ראַסקאַזאַיוטש,
„ברוך שאמר“ ראַזסקאַזאַיוטש,
אַ או „ברכו“ נאַקלאַניאַיוטש,
אַ או „ברכו“ נאַקלאַניאַיוטש,
„שמע ישראל“ זאַקריטשאַיוטש.
דערנאָך „שמונה עשרה“, קדושה...

שמונה עשרה זאסטאווליאיוטש,
„קדוש, קדוש“ זאסקאקאיוטש...

אבגעשפרונגען „קדושה“, אבגעזאָגט עלינו, אויסגעטאָן טלית ותפילין („עלינו“ זאקאנטשאיוטש, טלית און תפילין איז דיעוואיוטש), צוריק אהיים — אָנגעביסען מיט א גלעזעלע בראנפען:

א אוב דוואר פאביעגאיוטש,
רומקו וואדקי וויפיוואיוטש...
ניט ווי דער גוי — א קוואָרט, נאָר א קליין גלעזעלע,
נאָך אזא שווערע „עבודה“ — כשר פערדינט...

נאָר אז איך זאָל אייך איבערזאָגען אלע לידלאך, וואָס מוניע דער שמש האָט געזונגעןביין סיום־התורה, וועט דאָס דויערן טעג און נעכט. איך וועל פערענדיגען נאָך מיט איין ליעדעל, דער „סטארעץ“. דאָס איז נאָכגעמאכט א גוי׳אישע בעטלער־ליעד, צוזאמענגעשטעלט קונציג נאָכ׳ן אלף־בית. דאָ איז שוין מוניע דער שמש ניט בלויז זינגער, נאָר — ארטיסט: אויסגעבויגען זיך, די היטעל אויפ׳ן שטעקען (דעם שטעקען אויסגעריסען פון א פארקאָן). דער קאָפּ אָנגעשפּארט אויף דער היטעל (ביין „סיום התורה“ איז א מקום קדוש איז דער קאָפּ, פערשטעהט זיך, ניט געבליבען הויל, נאָר בעדעקט מיט א יארמולקע). פינגער צודרייט, לעבען אים די בעטלער־טארבע. שטעהט אזוי, שטרעקט אוים איין האנד און בעט:

אַך, אַך, אַך, אַך, אַך
באטיושקי,
גאָלובטשיקי,
אַך אי דאיטשע
האָלאָדנאמו.
ניע ווידאטשעמו,
זאחאראמו,
אַך, אַך, אַך, טאטושי,
יא קאליקא,
לאמאנא,
מניע ניע מאזשנא,

סלוזשיט פאַנו,
צשים קאָלי ראַדי, סטאַרצו,
טאַטושי...

דער אלף־בית איז שטאַרק ניט אויסגעהאַלטען. נאָר עס מאַכט ניט אויס. דער עיקר: דער פאַרשטעל מיט׳ן נגון זענען מאָדנע אָריגינעל. מיר האָט זיך קוים, מיט גרויס מיה, איינגעגעבען צו פועל׳ן ביי מוניע דעם שמש, ער זאָל זיך לאָזען פאָטאָגראַפירען אין דער „סטאַרעץ“־פּאָזע.

איך האָב פערצייכענט פון מוניע דעם שמש לידלאך עטליכע און דרייסיג, און א דאַנק דעם צופאַל, וואָס ס׳האָט זיך געפונען אין שטעדטעל א סטודענט — א מוזיקער — האָב איך אויך געקענט אויפנעהמען די זעהר אָריגינעלע, זיסע, האַרציג־יודישע נגונים או ף נאָטען. דער גרעסטער טייל פון די לידלאך און נגונים זענען נאָך ערגעץ, אין קיין זאמלונג פון פאָלקסלידער, ניט געדרוקט. און די וואָס זענען געדרוקט, איז דער נוסח פון מוניע דעם שמש, מיר שיינט, — עלטער, טרייער דער אורשפּרינגליכער פאָרם. וויל, נאָך מיין מיינונג, איז דאָ, אין מאהילעווער גובערניע, דאָס יודיש־גוי׳אישע פאָלקסליד בעשאַפען געוואָרען. פון דאַנען האָט זי שוין איבערגעוואַנדערט אין אַנדערע ערטער פון ליטא און דאָרט שטאַרק געענדערט געוואָרען.

צו ענדיגען וועגען מוניע דעם שמש דאַרף איך צוגעבען, אז כאָטש ער האָט, ווי איהר ווייסט, שטאַרק ליעב א „האַלבע קווערטעל“, פונדעסטוועגען האָט מען איהם קיין מאָל ניט געזעהן שכור. ער קען „צונעהמען“. ער אליין האָט זיך מיר דערמיט בעריהמט. „אַ הר זעהט“, זאָגט ער, (נאָך דער דריטער האַלבער קווערטעל), „איך בין, א דאַנק גאָט, ביי אַלע מיינע חושים און קען געהן אויף איין ברעטעל.“ פון דעסטוועגען איז קיין ספק ניט, אז די בראַנפען גיט איהם ניט צו קיין געזונד. מוניע דער שמש איז אייזען־געבויט, ער איז קיין מאָל ניט קראַנק געווען, ווייס ניט פון ציין־וועהטאָג, פון קיין אַנדער וועהטאָג. דאָך איז ער שוין היבש גראָה, כאָטש ער איז ניט מעהר אַלט ווי 65 יאָהר. אין דער יוגענד, ווי אַלע דובראָווגער

יודען, איז ער אויף ־געווען א וועבער. דערנאָך איז איהם אפּגים בעסער געפעלען געוואָרן די „פרייע פּראָפעסיע“ פון אַ שמש. פאַר די צעהנדליגע יאָהר פון זיין שמשות־דינסט האָט ער אָנגעלעבט א קליינע כאַלופּקע, אנטקעגען שול. ער האָט א יונג ווייבעל (די צווייטע) און איז א בעל מטופל מיט קליינע קינדער. האָט פון זיי־נע שמשות, חתונות, פון גט'ען — דריי, פיער רובל א וואָך, איז נאַטירליך א גרויסער אָרימאַן און פונדעסטוועגען — א „שמח בחלקו“. אינטערעסאנט איז, אז ער און זיין זוהן, פון דער ערשטער ווייב, האָבען חתונה געהאט אויף צוויי שוועסטער. איך האָב איהם געפרעגט: ווי אזוי קומט דאָס? האָט ער מיר דערצעהלט, אז די מעשה איז פּשוט. זיין איצטיגע ווייב האָט געהאט א שוועסטער, א מיידעל. די מיידעל פלעגט נאַטירליך אריינקומען אין שטוב. האָט זי זיך פערליבט אינ'ם בחור. לייט האָבען געזאָגט, אז דער בחור האָט געקענט טאָן א בעסערן שדוך. נאָר די מיידעל האָט געזאָגט, אז זי וועט זיך עפּעס אָנטאָן, אויב דער בחור וועט נעהמען אן אנדערע. האָט שוין געמוזט זיין דער שדוך...

מוניע דער שמש האָט נאָך א זוהן, א מערקווירדיגען טיפּ. מוניע אליין איז א וועלטליכער יוד, כאָטש א נאַאיווער מענש. אבער דאָך ניט קיין נאַר, און מיט איהם איז זעהר אינטערע־סאנט צו פערברענגען. זיין זוהן אבער איז א מין „למדן־וואָור־ניק“, א טיפּ פון א גאנץ אנדערער ארט, ווי זיין פאָטער. דער לעזער איז שוין מיט איהם בעקאנט.*)

*) זעה די „תעניתים־פאַסטער“ באַנד 1.

# דעם סופר'ס דראַמע.

זעהר אינטערעסאנט איז אריינצוקוקען אין דער סופר'ישער שטיבעל. דאָרט איז געוואָרען אן אמת'ע איבערקעהרעניס. עס איז זעהר כאראקטערנע אָון כמעט אונגלויבליך, וואָס פאר א צעשטערענעם עס האָבען אריינגעטראָגען די דריי מעכטיגע פאקטאָרען פון דער לעצטער צייט: קאפּיטאליזם, עמיגראציע און רעוואָלוציע, אין אָט דעם שטילסטען, אָבגעלעגענסטען ווינקעל, וואָס האָט טויזענדער יאָהרען דערהאַלטען זיין מערקווירדיגען פּאטריארכאלען אויסזעהן.

דער סופר איז זעהר אן אינטערעסאנטער טיפּ אין יודישען לעבען. דאָס איז ביז דער לעצטער צייט געווען דער סאמע סימפּאַטישער טיפּ פון דעם אלטען דור. דאָס איז דער איינציגער מאן, וואָס האָט דורכגעטראָגען דורך צעהנדליגע און צעהנדליגע דורות די ביבליש־איינפאכע מאָראלישע ריינקייט. רבנים, חזנים, דינים, שוחטים, מלמדים — אָט די אלע טרעגער פון דער אלטער רעליגיעזער קולטור זענען נאָך פון גאָר אמאָליגע צייטען ניט זעלטען קארופּטירט. „רבנות" איז נאָך פון דער גמרא'ס צייטען אָן געווען אָפּט א קאריעריסטישע שטרעבונג. דער סופר אליין איז אימער געבליבען, אויב ניט א קעמפּפער, ווי דער ביבלישער נביא, איז ווענינגסטענס אזא זיטליך ריינער אידעאליסט און פאָלקס־מענש, ווי דער נביא.

א רב, א דין, א שוחט, א חזן — אָט די אלע האָבען זיך אימער גענויטהיגט אין סמיכות, אין א מין פּראָטעקציע. זייער

שטעלע האבען זיי געמוזט און מוזען חיינט ניט זעלטען קויפען, ענטוועדער פאר געלד, אדער דורך פערשידענע שתדלנות, קריכעריי, חניפות. דער סופר אליין האט זיך אין סמיכות ניט גענו טיגט. ער איז געקומען צו זיין פראפעסיאן דורך זיין בערוף. דער יודישער סופר איז געווען א פעראייניגונג פון דיכטער און קינסטלער. קונסט אין דער געשטאלט פון בילדער איז געווען פערזאגט פון דער יודישער קולטור. דער יודישער יונגעל, וואס האט געפיהלט אין זיין נשמה א געהיימע שטרעבונג צו קונסט, האט דאס געקענט ארויסגעבען בלויז דורך די געקרייזעלטע שטריכעלאך און געצאצקעטע, געטאקטע פאסקעלאך און האלבע קריגעלעך אויף די יריעות פון דער ספר תורה. די סופרות איז געווען א קונסט, וואס האט זיך ענטוויקעלט ביז צו א הויכען גראד. א געוועהנליכע ספר תורה אנשרייבען פלעגט קאסטען הונדערט, הונדערט און צוואנציג רובל. א סופר א קינסטלער אבער פלעגט מען בעצאהלען נאך אמאליגע צייטען פאר א ספר תורה ביז טויזענד און זאגאר טויזענדער רובלס. דער סופר־קינסטלער, וואס פלעגט בעקומען אזא אוצר מיט געלד פאר א „ספר" איז דאך געווען ניט רייכער פאר דעם פראסטען סופר. ווארים ביי איהם פלעגט דויערן א ספר אנשרייבען ניט א פיערטעל יאהר, צי פיער, פינף מאנאטען, ווי געוועהנליך, נאר יאהרענלאנג.

אום צו זיין א סופר איז אבער געווען וועניג צו זיין א קינסטלער. דערצו האט זיך געפאדערט א הויכע רעליגיעזע בילדונג און זעהר א שטרענגע מאראל. ביים שרייבען א „ספר" מוז מען האבען „ריינע מחשבות", מען מוז מיט דער גאנצער קראפט פון דער נשמה זיין אבגעגעבען בלויז דעם רעיון פון געטליכקייט און היילינקייט פון דער תורה. קיינע „מחשבות זרות", קיינע ערדליכע תאוות האט מען ניט געטארט האבען ביים שרייבען דעם „ספר". ווארום „מחשבות זרות" און „תאוות" זענען „מבלבל" דעם מוח און פערדרעהען די האנד. די גרייזען וואס מען מאכט אין דעם „ספר" איז אפט שווער צו פערריכטען און דורך זיי ווערען פסול גאנצע יריעות. אמאליגע סופרים פלעגען פאר יעדען „שם" געהען אין „טבילה".

און אַט די שווערע קונסט פלעגט דעם סופר גאָר נישט גע־בען אויסער א האַלב פערהונגערטען לעבען און דעם בעוואוסט־זיין אין דער היילינקייט פון זיין בעשטימונג. ניט קיין כבוד, ניט קיין גדולה, ניט קיין נחת, א חוץ דעם אינערליכען תענוג פון זיין בערוף. אין שוהל — אין מזרח וואנד איז ער קיינמאָל ניט געזעסען. אין קהל'שע זאכען, אין גבאות איז ער ניט גע־קראָכען, ווייל דאָס ברענגט צו „תאות הכבוד", צו עהרגייץ, און זיין גייסט מוז זיין ריין פון יעדער תאוה און הערשזוכט. אין א ווינקעל, אויפ'ן שוהל־הויף, איז ער אימער געזעסען, אין שמוץ און אָרימקייט געלעבט, האַלב נאַקעט געגאַנגען און מיט זיין פנים און קליידונג געווען אימער א מוסטער פון דעם עלענד פון זיין פאָלק, וועמעס תורה ער האָט אָבגעהיט און געשאַפען.

עס זענען געווען ביים סופר, פערשטעהט זיך, אויך גליק־ליכע מינוטען אין זיין לעבען. דאָס איז—ביים אָנהויבען שרייבען דעם „ספר", ביי סיום התורה, ביים אייננעבען די תורה. דאָרט האָט מען איהם געגעבען דעם שענסטען פלאַץ און דעם ערשטען כוס. ער איז געגאַנגען, ווי א חתן, אונטער דער חופה מיט דער תורה דעם ערשטען טענצעל. דאָרט האָט ער געהאַט כבוד און תענוג...

צייטענווייז פלעגט אבער אין דעם סופר שטאַרק קעמפפען דער „יצר הרע" מיט'ן „יצר טוב": דער אַרטיסט מיט'ן מאָראַ־ליסט, און דערפון פלעגט זיך ענטוויקלען א דראמע. וועגען אַזוי־נע דראַמעס געהען אום אין פאָלק גאנצע לעגענדעס. איך וועל ברייננען פון זיי א פּאָר, וואָס א סופר האָט מיר דערצעהלט.

אין שקלאָוו איז געווען א סופר — א קינסטלער. ער איז געווען בעריהמט אין גאנץ רוסלאַנד. גבירים, וואָס פלעגען ווע־לען שרייבען א „ספר", פלעגען זיך פאַר איהם שלאָגען. מיט יאָהרען פריהער פלעגט מען מוזען בעשטעלען, און ניט יעדער גביר האָט זוכה געווען אראָבצובריינגען דעם שקלאָווער סופר.

און פלוצלונג איז דער שקלאָווער סופר נכשל געוואָרען. ער האָט דערזעהן א הונדערט רובלדיגע אסיגנאַציע. דאָס ערשטע מאָל אין לעבען האָט ער זי דערזעהן — און ער איז געוואָ־רען אוים מענש, אוים סופר. עס פערשטעהט זיך, אז ניט דאָס

„געלד" האָט איהם שטרויכלען געמאַכט, נאָר דאָס שענע פּאַפּי־רעל, די קונסטפאָלע צייכנונגען, די רעגענבויגען־כאַלירען.

און די זעלבע פעדער וואָס האָט געשריבען די הייליגע אותיות פון דער תורה, האָט גענומען צייכנען נאָך מיט גרע־סערע התלהבות די אלע צאַצקעס פון דעם הונדערט־רובלדיגען בילעט. טאָג און נאַכט האָט ער געצייכענט. ווי א פער׳כשופ׳־טער, ווי א בעטרונקענער. די תורה האָט ער איגגאַנצען פער־וואָרפען. א צייט איז דאָס געווען א געהיימנים. דערנאָך האָט מען זיך דערפון דערוואוסט. אייניגע מענשען האָבען זיך דער־וואוסט, און מען איז נתפעל געוואָרען: זאָל דאָס נאָך פעהלען א האָר! א פינטעלע, א פּאַסקעלע האָט ניט געכיבנעט! פּינקט דאָס הונדערט־רובעלדיגע! מיט אלע צאַצקעלאַך! און מיט וואָס? מיט א סופר׳ישע גענזענע פעדער און מיט סופר׳ישע טינט!

עס איז געוואָרען א שטיקעל גערודער ארום דעם סופר. היתכן? סטייטש! אזא יוד איז נכשל געוואָרען! אבער באַלד איז דער גערודער שטיל געוואָרען. עס האָבען זיך געפונען יודען, וואָס האָבען איהם געבראַכט אנדערע בעסערע פעדערן און שענערע, קאָלירטע טינטען...

א צייט האָט געדויערט די פאַבריק פון געפעלשטע הונ־דערטער, און נאָר מיט א צופאַל האָט זיך די רעגירונג געכאַפּט. ווארום די הונדערטער איז געווען אונמעגליך צו דערקענען. מען האָט דעם סופר ארעסטירט. ער האָט קיין זאַך ניט גע־לייקענט. און, אז די רעגירונגס־עקספּערטען האָבען א קוק גע־טאָן זיין ארבייט, זענען זיי אויף איבערראַשט געוואָרען. מען האָט איהם געוואָלט געבען א גרויסען אמט מיט מיניסטער־גע־האַלט: מאַכען איהם פאַר דעם הויפּט־צייכנער אין דער עקספּע־דיציע פון מלוכה־פּאַפּירען. נאָר מיט איין פּונקט: ער זאָל זיך שמד׳ן. דער סופר האָט ניט געוואָלט הערען. האָט מען איהם גע־הייסען ארויספאָהרען פון רוסלאַנד.

עס האָט אבער לאַנג ניט געדויערט און די רעגירונג האָט זיך געכאַפּט, אז פון אויסלאַנד שיטען זיך אין רוסלאַנד שוין

ניט הונדערטער אליין, נאר אויף פינף און צוואנציגער, און „צעהנערלאך“ און „פינפערלאך“, און „דרייערלאך“...

שלעכט! וואס טוט מען?

האט מען געמוזט ברייננגען דעם סופר צוריק פון אויסלאנד. מען האט שוין מעהר איהם ניט אנגעבאטען, ער זאל זיך שמד'ען. און ער האט בעקומען די שטעלע פונ'ם הויפט־פערוואלטער איבער דער קייזערליכער עקספעדיציע פון געלד־פאפירען אין גוט יודישקייט.

א צווייטער, א ווילנער סופר, איז געשטרויכעלט געווארען אויך אויף אזא שטויגער. אבער ניט מיט א הונדערטער, נאר מיט א גאלדענעם אימפעריאל — א צעהן רובל שטיק. ער האט געקויפט אמת'ע גאלד און געמאכט אימפעריאלען. געמאכט און פערקויפט. קיינער האט בשום אופן ניט געקאנט דערקענען. צוויי שטיק א וואך האט ער געמאכט און האט דערפון פערדינט זיין הוצאה, צעהן רובל א וואך. ווארים העלפט געלד, צעהן רובל, האט איהם געקאסט דאס גאלד. ער האט סוף כל סוף אויך בעקומען א שטעלע אין דער קייזערליכער עקספעדיציע.

אט אזוינע לעגענדעס ווערען דערצעהלט וועגען די סופרים, אמאליגע סופרים.

---

אבער היינט...

די הויפט רעוואלוציע האט אנגעמאכט אין סופרות'ערייי די עמיגראציע, אמעריקא...

„אז מען זאל היינטיגען טאג ברייננגען אין אמעריקא פאר הונדערט טויזענד רובל „סחורה“, וועט זי צונעהמען.“ אזוי האט מיר א בעקאנטער סופר ערקלערט.

קורץ: די תורה איז געווארען א „סחורה“, ווי יעדער אנדער פראדוקט. דער סופר איז שוין ניט מעהר דער אמאליגער גזיר און דיכטער און קינסטלער. דער פערהונגערטער, בלאסער און אויסגעדארטער, אין לאטעס און טראנטעס געקליידעטער אידעאליסט. דער סופר איז געווארען אן אונטערנעהמער, א פאבריקאנט.

ספר תורה'ס ווערען מעהר ניט געמאכט דירעקט פאר דער

שוהל, פאר עהרליכע יודען, אָרימע און רייכע, וואָס טראָגען צעהנדליגער יאָהרען אין זייער ברוסט דעם אידעאל איינצוגעבען אַ ריינינקייט.

אין ווילנא, אין סלאָנים, אין שקלאָוו, אין דער מיר זיצען צו דרייסיג, פיערציג און פופציג „ארבייטער“ אין די „ספר תורה־שעפּער“. מען אַרבייט די „סחורה“ פאר’ן האָלסיילער — פאר דעם אַגולניק—אין אַמעריקא. דער האָלסיילער אין אַמעריקאַ פערקויפט זיי די „מוכרי ספרים“ און די דאָזיגע פערקויפען ערשט אין ריטייל דעם, וואָס געברויכט זיי.

און די „ארביימער“ אין די ספר תורה ווערקהייזער, זענען אָרגאַניזירט, פּונקט ווי אין אַלע אנדערע ווערקהייזער און פאַבריקען. צווישען די סופר׳ישע ארבייטער זענען דאָ בונדיסטען, עס־עס׳ן, פּועלי ציון, עס־ער׳ן און אַנדערע „איסטען“. די מעהרסטע פון זיי זענען אבער — אַנאַרכיסטען.

אין די סופר׳ישע שעפּער ווערט אָפט געסטרייקט און די סופר׳ישע ארבייטער האָבען אויסגעסטרייקט כמעט אַ דאָפּעל־טען לוין געגען פריהער. אַ גוטער שרייבער בעקומט יעצט ניין, צעהן רובל אַ וואָך. זעקס, זיבען רובל אַ וואָך איז דער דורכ־שניטליכער לוין, וועהרענד פריהער איז עס געווען האַלב דער־פון. די סופרים־ארבייטער טוען פון שטיק. מען האָט געסטרייקט פאר וואָך־ארבייט, אבער דאָס איז ניט געלונגען אויסצופיהרען. די ארבייט ווערט נעטאָן מעכאַניש, מען לאַנגווייליגט זיך, מען גענעצט, מען רייבט די צייט, אבי לויז צו ווערען פונ׳ם טאָג. „ניטאָ די אַמאָליגע התלהבות“, — האָט זיך געקלאָגט מיין בעקאַנטער סופר. ווען די ארבייטער טוען פון וואָך, וואָלטען זיי לחלוטין גאָר ניט אויסגעארבייט; זיי וואָלטען צוריבען די גאַנצע צייט. דאָס פערשטעהען זיי אַליין אויך. דעריבער האָבען זיי געמוזט נאָכגעבען — ארבייטען פון שטיק. דאָך אבער ארביי־טען זיי ניט מעהר ווי אכט שעה.

מיר איז געווען אינטערעסאַנט צו וויסען די מיינונג פון מיין בעקאַנטען סופר וועגען דער רעוואָלוציע, וואָס איז פאָרגע־קומען אין סופרות׳עריי. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז ער איז פּאָלקאָם צופרידען פון דער איצטיגער לאַגע. ער גיט אויך

גערעכט די ארבייטער, וואָס ארגאניזירען זיך און סטרייקען.

— פארוואָס ניט? פארוואָס זאָל דער סופר ניט לעבען ווי א מענש? וואָס איז ער ערגער פון אלעמען?

מאטעריעל איז א סך בעסער געוואָרען די לאַגע אי פון די ארבייטער, אי פון די באַסעס. פאראַן יעצט סופרים גבירים. דער סופר'ישער ארבייטער איז שוין יעצט ניט דער וואָס פריהער: אן אבגעריסענער, א דערשלאָגענער. ער האָט ליעב צו עסען א זאטען מיטאָג, צו פראַנטעווען אין געגלאַנצטע קאמאַשען, אין א קאפעליוש, מיט א סאַטינענער, אויסגענעהטער העמדעל.

אבער ניט בלויז ספר תורה'ס ווערען יעצט פאבריצירט אין א גרויסער צאָהל, נאָר אויך תפילין און מזוזות. איבערהויפט תפילין. זיי ווערען יעצט געמאכט און אבגעזעצט אין מאסען. פשוט צעהן מאָל אזוי פיעל, ווי פריהער.

— א לאנגע צייט איז דאָס געווען א חידוש, — דערצעהלט מיר מיין סופר. „סטייטש!“ אין אמעריקא דאַווענט מען דאָך ניט. ווענינגסטענס שוואכער, ווי ביי אונז, און יעצט, איבערהויפט, ווענינגער ווי אמאָל. און דאָך נעהמט צו אמעריקא צעהן מאָל אזוי פיעל תפילין! האָבען מיר זיך נאָכגעפרעגט, און די מעשה ערקלערט זיך גאָר פשוט. ביי אונז, פערשטעהט איהר מיך, נוצט מען א פּאָר תפילין צעהנדליגע יאָהרען און ניט זעלטען גערען די תפילין איבער בירושה פונ'ם טאַטען צום זוהן. אין אמעריקא טראָגט מען אבער א נייע פּאָר תפילין מעהר ניט ווי איין טאָג. צום צווייטען מאָל לעגען תפילין דאַרף מען שוין ווידער האָבען נייע. אמת: פון איין מאָל לעגען תפילין ביז דעם אנדערן געהט אריבער א יאָהר... ווארום דער אמעריקאנער געהט אין שוהל און לעגט תפילין נאָר צו יאָהר צייט. אוועק א יאָהר צייט — ווארפט מען די תפילין ארויס, אָדער זיי ווערען פערפאַלען און איבער'ן א יאָהר דאַרף מען האָבען נייע. יאָהרצייט היט אָב דער אמעריקאנער — חיות. און דערפון שטאַמט דער גרויסער אָבזאַץ פון תפילין.

און דאָך איז די צוקונפט פון די סופרות־ביזנעס ניט א

געזיבערטע, ניט קוקענדיג אויף דער שטארקער ענטוויקלונג פונ'ם עקספארט.

וואס איז די מעשה? וועט איהר פרעגען.

אט דא איז שוין טאקע דירעקט שולדיג די רעוואלוציע.

— די ארבייטער — קלאגט זיך מיין סופר — אנטלויפען פון סופרות'עריי. זיי ווערען שוסטער, שניידער, מאליארעס, ארבייטען שווערער, לענגערע שטונדען, אבי ניט צו זיין קיין סופר.

די ארבייט איז א לאנגווייליגע, און, דער עיקר, דאס איז ביי זיי עפעס א מין בטלנות, א מין כלי־קודש'עריי. סופר'ישע ארבייטער שעמען זיך מיט זייער פאך. זיי קענען די אויגען ניט ווייזען אויף דער בירזשע... גארבער, בערשטער פון חזיר־האר, שינדער — זענען אויף דער בירזשע מעהר יחסנים פון זיי. אין דער ארגאניזאציע ליידעט מען זיי מיט צרות. עפעס זענען זיי א „פסול" אין דער פראלעטארישער משפחה. ניט קיין באלע־באט'ים, ניט קיין ארבייטער. דער עיקר אבער דריקט זיי דער פארוואורף און זייער אייגענער געדאנק, אז זייער ארבייט איז „רעאקציאנער"...

און דאס טרייבט זיי אין די רייהען פון די אנארכיסטען, וואו מען איז ניט אזוי שטארק מדקדק אין „הלכות פראלעטא־ריער". אבער אפילו דער אנארכיזם ראטעוועט זיי אויך ניט פון דעם אינערליכען מאראלישען קאמפף.

אט אזוי ווערען די רייהען פון די סופר'ישע ארבייטער אי־מער שיטערער. און עס איז גאר ניט ווייט די צייט, ווען עס וועט ניט איבערבלייבען א סופר אויף א רפואה..

דאן... דאן — וועט זיין דאס, וואס עס ווערט פון אלע קליינבירגערליכע האנד־מלאכות. דאן וועט זיך „איבערקעהרען די וועלט" און — אמעריקא וועט מאכען ספר תורה'ס אי פאר זיך אי פאר אונז.. וועט זיי מאכען מיט דער מאשין...

דער פרומער יוד, וואס אזא געדאנק קען איהם זעהר בעטריבען (ווארום א ספר תורה מוז דאך על פי דין געשריבען ווערען מיט דער האנד) וועט זיך מוזען אונטערגעבען דעם שיק־

זאל .ווייל ער וועט קיין אנדער ברירה ניט האבען. איך גלויב, אז שוין יעצט וואלטען גלויביגע יודען בעסער געוואלט האבען א ספר תורה געדרוקט מיט דער מאשין, וואס האט געוויס ניט קיין „אפיקורסישע געדאנקען“, איידער געשריבען מיט דער האנד פון אן אנארכיסט.. מיט דערזעלבער האנד, וואס מאכט אוןווארפט באמבעס.. .

—

# דער פילאָזאָף און דער שמש.

נעבען סטויפּץ, מינסקער גובערניע, איז דאָ א שטעטעל סוויערזשנע. סטויפּץ ביים ניעמאַן איז א יחוס שטעדטעל. סוויערזשנע איז נאָך א גרעסערע יחסנ׳טע, ווי סטויפּץ. גאָר אמאָל, נאָך איידער סטויפּץ האָט א ראָליע געשפּיעלט, איז סוויערזשנע געווען תקיף אין מעמד. איז געווען א שטעטעל פון תורה און השכלה. סטויפּץ האָט אזא פּנים געהאט ביי סוויערזשענער בעלי בתים, ווי שפּעטער יורזדיקע*) ביי סטויפּ־צער. סוויערזשנע איז געלעגען ביי דריי גרויסע טראַקטען. זענען סאָלדאטען דורך געגאַנגען, האָט מען ארעסטאנטען געפיהרט, איז מען אויף יארידען געפאהרען, האָט מען סחורות געפיהרט — סוויערזשנע האָט מען ניט געקאָנט מיידען. סוויערזשנע האָט פון אלץ און פון אלעמען א ביינדעל אָבגעלעקט.

היינט איז סוויערזשנע נאָך מעהר פערלאָזען, ווי סטויפּץ. אָט דאָס שטעדטעל, איז ווענינסטענס, ביי דער באהן און ביים ניעמאַן געבליבען. סוויערזשנע האָט דאָס אויך ניט. היינט מוז עס אפילו זיינע אייגענע לעבענס־מיטעל פון סטויפּץ און דורך סטויפּץ בעקומען.

דערפאר איז סוויערזשנע נאָך ביז היינטיגען טאָג איידע־

---

*) פאָרשטעדטעל פון סטויפּץ וואו עס וואוינען די „דעק״־מענשען.

לער, ווי איהר יונגערע שכנה, סטויפּץ. איך האָב דאָ געפונען אזא מין אנטיקעל ווי ר׳ נתן לייזער׳ס און זיין ווייב.

ווער איז ר׳ נתן לייזער׳ס? ס׳איז געגוג, אז איך וועל אייך זאגען, אז דאָס איז א זעקס און אכטציג יאָהריגער יוד, וואָס לעזט דרעפּער׳ס „געשיכטע פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאציע.“ דאָס איז א מערקווירדיגער טיפּ פון א פּארצייטיגען מושלם און משכיל צוזאמען. ער איז אי א למדן, אי א פילאָזאָף. ער לעגט זיך ניט שלאָפען אָהן א פילאָזאָפישען בוך. עס איז כמעט ניטאָ קיין איין בוך אין דער העברעאישער, יודישער און רוסישער בעסערער ליטעראטור, וואָס ער האָט עס ניט איבערגעלעזען.

„זיין פּערזענליכער לעבען האָט זיך אויפגעלעגט אונגליקליך. ער האָט געהאט געראָטענע קינדער. זענען זיי אויף א טראגישען אופן אומגעקומען. זיין ווייב, וואָס איז געווען אזוי פילאָזאָפיש און אויפגעקלערט, ווי ער, איז שוין אויך אויפ׳ן „עולם האמת“. דער אלטער איז געבליבען ביי א שטיבעל און אן איינציגען זוהן, א גייסטיג־אונגאָרמאלען, צוליב וועלכען ער האָט געמוזט אנטלויפען פון זיין שטיבעל, ווייל ער, דער זוהן, פלעגט זיך רוקען צו איהם שלאָגען. עלענד און איינזאם וואלגערט זיך דער אלטער, וואו א טאָג, וואו א נאכט. אבער וואָס פאר א קלעפּ ער האָט ניט געקראָגען פון שיקזאל — ער איז געבליבען דערזעלבער פילאָזאָף. ניט קוקענדיג אבער אויף די קלעפּ, וואָס שיטען זיך אויף ר׳ נתן לייזער׳ן זיין גאנצען לעבען, האָט ער בעהאלטען אין זיין נשמה דעם יוגענדליכען פייער און אונלעשבארען דורשט נאָך וויסען.

ניט לאנג — דערצעהלט מיר א היגער יונגערמאן, א לעהרער פון העברעאיש, — האָט ער געשלאָפען מיט איהם אין איין צימער. אין מיטען נאכט האָט ר׳ נתן לייזער׳ס איהם אויפגעוועקט און מיט גרויס פרייד געמעלדעט, אז א־צט איז ביי איהם רעכט געוואָרען עפּעס א הארבע קשיא אין דער אסטראָנאָמיע — אין דעם גאנג פון די פּלאנעטען, א קשיא, איבער וועלכער ער האָט זיך געבראכען מאָנאטען לאנג דעם קאָפּ.

ר׳ נתן לייזער׳ס האָט שוין לאנג אויפגעהערט צו דאווגען.

פונדעסטוועגן איז ער זעהר פארזיכטיג אין זיין פריידענקעריי. דאס איז ניט קיין חלב'ענער אפיקורס. ער שפייט ניט צום הי־מעל; טוט ניט אב קיין „טרייפענע שטיק“ דוקא אום יום כפור, ער בעציהט זיך, ווי א אמת'ער דענקער, מיט טאלעראנץ צו די פרומע יודען. געהט אפילו שבת און יום טוב אין שול, כדי ניט צו זיין איינזאם אין זיין שטעדטעל. דערפאר האבען פאר איהם אין שטעדטעל אלע דרך ארץ: אלט און יונג, פריי און פרום. אי דער רב, אי דער גלח האבען א גלייכען אינטערעס מיט איהם צו פערברייגנען. קומט א סטודענט אין שטעדטעל, איז שוין ר' נתן לייזער'ס מיט איהם א מחותן, נעהמט ביי איהם ווי־סענשאפטליכע ביכער צו לעזען, דיסקוטירט און דיספוטירט מיט איהם.

לעזען מיט א סדר האט דער אלטער ר' נתן לייזער'ס קיינ־מאל ניט געהאט די מעגליכקייט, אפילו אין דער יוגענד, בשעת ער האט געהייסען פשוט נתן לייזער'ס. ער האט גענוזט לעזען, וואס ס'האט זיך איהם געמאכט. נאר זיין געזונטער פערשטאנד איז שטענדיג געווען אין שטאנד צו אונטערשיידען צווישען א ערנסטען בוך און א שונד־ווערק. בשעת איך האב איהם בעזוכט, איז ער געווען פערנומען אין שטודירען: וואס איז אזוינס די־פראוואסלאוויע — די גריכיש־סלאווישע אמונה?

ר' נתן לייזער'ס איז אין דער יוגענד געווען א קרעמער. נאך פון אמאל אן האט ער אין שטעדטעל געהאט א נאמען פון א חכם. קיין איין שטאדטיגע זאך, קיין איין ברירה, קיין איין פשרה איז ניט אויסגעקומען אהן איהם, און נאך איצט האט מען אין סטויפץ און אין סוויערזשנע גרויס רעספעקט פאר ר' נתן לייזער'ס.

איך האב מיט איהם פערבראכט ביי א שעה און האב גע־האט א אמת'ן גייסטיגען גענוס. מיר האבען גערעדט וועגען שטעדטעלדיגע אנגעלעגענהייטען, וועגען אלגעמיינע יודישע ענינים, און מיך האט איבערראשט דער ניכטערנער, קלארער קוק פון אט דעם זעקס און אכציג יאהריגען זקן אויף פער־שידענע פערפלאנטערטע פראגען אין יודישען לעבען.

---

אַ חוץ ר׳ נתן לייזער׳ס האָב איך געפונען אין סווירזשנע נאָך אַן אינטערעסאַנטען יודען. ר׳ חיים יעקב שלום׳ס — דעם גבאי פון סווערזשענער שול. ער איז אויך דער שמש. גבאי און שמש אין איין פּערזאָן — אזוינס קענט איהר טאקע נאָר באַגעגענען אין סוויערזשנע. און דאָס איז טאקע גאָר אַן אונגעוועהנליכער גבאי און שמש. געווען איז אמאָל ר׳ חיים יעקב שלום׳ס תקיף אין מעמד. ער האט געהאלטען אין ארענדע דעם מיהל. דעמאָלט איז ער געווען גבאי אין שול. דער שול האָט ער אוועקגעגעבען זיין גאנצען לעבען, דעם לעצטען איבריגען רובל, וואָס איהם איז געבליבען פון דער הוצאה. שוין עטליכע יאָהר אבער, אז מ׳האָט ביי איהם דעם מיהל אויסגעדרונגען. ער איז געבליבען אָהן ברויט. איז ער פון א גבאי געוואָרען שמש אין שוהל: רייניגט די לאָמפּען, קעהרט די פּאדלאָגע, ער און די ווייב (קיין קינדער האָבען זיי ניט), פאר עטליכע גילדען א וואָך.

דערפאר האָט איהר אבער געדאַרפט זעהן אַן אָרדנונג אין שול, א ריינליכקייט! עס בלאַנקט אין יעדער ווינקעלע. יעדער ענגלייכטער בליצט. יעדער לאָמפּ פינקעלט. דער שלאָס, דער האנדפאס, די טירען — אלץ פון איהם אליין געמאכט, אָדער צוגעריכט בעזונדער אָריגינעל — ר׳ חיים יעקב שלום׳ס איז א מייסטער אויף וואָס איהר ווילט. דער ארון קודש, די סטענדערס, דער עמוד, די ווענד, — אלץ זויבער, אלץ אין שטרענגער אָרדנונג, ווי ערשט פון דער נאָדעל ארויס. געוויס איז נאָך ערגעץ, אין קיין יודיש שטאָדט און שטעדטעל, אזאַ מערקווירדיגע שול ניטאָ.

דערפאר האלטען סוויערזשנער בעלי בתים עהרליך זייער שמש. כאָטש ער דינט ביי קהל, איז אזוי צו זאָגען, א קהל׳שער משרת, איז ער פונדעסטוועגען געבליבען גבאי ביז היינטיגען טאָג. ער איז נאָך יעצט באַלעבאָס אין שול. אָהן איהם ווערט גאָר נישט געטאָן. ר׳ חיים יעקב שלום׳ס האָט מיר אויסגעוויזען אלע מערקווירדיגקייטען פון זיין שול׳כעל מיט א בעזונדער שטאָלץ און גליקליכען שמייכעל אויף די ליפּען, וואָס זאָגט: ניט אומזיסט האָט חיים יעקב שלום׳ס געלעבט. סוויעזשנער יודען וועלען האָבען מיט וואָס צו געדענקען זייער שמש און גבאי...

# סאָניע די חכמה און איהרע מעשה'לאך.

אין מאָהליוווער גובערניע איז דאָ א מערקווירדיגע אלטע יודענע, וועלכע איז בעקאנט, פאר דער שטעדטעלדיגער חכמה, ווערטלאך־זאָגערין און מעשיות־דערצעהלערין. בעקאנט געוואָרען בין איך מיט איהר צופעליג. סאָניע ניימארק הייסט זי. זי איז שוין אלט א יאָהר 80. זי איז „אויף דער צייט", זאָגט זי, ווענען זיך, ווען זי רעדט פון איהר עלטער. פונדעסטוועגען האלט זי זיך אזוי גוט, זעהט אויס אזוי לעבעדיג, געזונד און מונטער, אז פערברענגען מיט איהר איז אן אמת'ער פערגניגען. איך האָב מיט איהר פערבראכט אייניגע שעה. דאָס איז מיר זעהר ניט לייכט אָנגעקומען. זי איז פון א געהויבענע פאמיליע, האלט זיך פאר א יחסנ'טע. אָנפאנגס איז מיר שווער געווען צו איהר צוצוקומען, דערנאָך אבער האָט זיך מיר איינגעגעבען צו געווינען איהר צוטרוי. זי איז געוואָרען מיט מיר היימיש און גערעדט אונגעצוואונגען; און דאן זענען שוין געגאנגען פון איהר מויל ווערטלעך און מעשיות.

איהרע מעשיות דערצעהלט סאָניע ניימארק ווי א קינסטלערין. איהר שפראך איז מאָדנע רייך אין פארבען, אין איינפאלען, איז שארף און זאלציג. זי ברויכט אפט א גראם, א פסוק, א גמרא־ווערטעל אפילו. אבער זי איז אויף קיין פאל ניט ענליך אויף א „זאָגערין". פון איהר האָב איך זיך דערוואוסט, אז אמאָל זענען געווען אויך ווייבער בדחנ'טעס. אזא בדחנ'טע — דערצעהלט זי — האָט איהר אמאָל געגעבען דריי רובל

פאר א מעשה, וואָס זי האָט איהר אויסגעלערענט דערצעהלען און יענע האָט עס געברויכט אויף חתונות. אליין איז סאָניע ווייט פון אזא סאָרט בדחן'טע. זי האלט זיך, ווי געזאָגט, שטאָלץ, און מיט ווירדע: דעריבער פערהאַלט מען זיך צו איהר מיט דרך ארץ. אלט און יונג, ווער עס כאַפּט איהר נור אריין, איז גערן מיט איהר צו פערברענגען און קוועלט אָן פון איהרע מעשיות און ווערטלאך.

איינינע פון זיי האָב איך פון איהר מויל פערשריבען. איך האָב זיך געסטאַרעט צו האַלטען זיך וואָרט אין וואָרט, ווי זי דערצעהלט. איך וועל דאָ איבערגעבען „די מעשה מיט אברהם'ן און מיט נמרוד'ן, ווי סאָניע ניימארק דערצעהלט זי:

# א מעשה מיט אברהם'ען און מיט נמרוד'ן.

נמרוד האָט געוואָלט ווערען א גאָט. האָט ער שוין ביי אַלעמען גע'פועל'ט. נאָר איין אברהם איז איהם אין וועג גע־שטאַנען, האָט געבונטעוועט געגען איהם.

וואָס טהוט מען מיט איהם?

האָט איהם נמרוד געכאַפּט און אין קאַלך אויווען גע־וואָרפען. אריינגעוואָרפען אין פלאַקער און געהט אוועק מיט שמחה. כאַפּט מען זיך: אברהם שפּאַצירט ארום אין קאַלך־אויווען, ווי אין א וויינגאָרטען. זאָל עס איהם טשעפּען א האָר!

ווייטער שלעכט... זעצט נמרוד יועצים: וואָס טוט מען מיט'ן זשידיוהע?... אַלע זענען מסכים, אז נמרוד איז א גאָט, נאָר ער, אברהם, לאָזט ניט.

איז געבליבען מ'זאָל איהם פערטרייבען, וואו דער שוואַר־צער פעפער וואַקסט. האָט מען איהם פעריאָגט אַזש אין חרן.

געקומען אין חרן, האָט אברהם אויסגעבויט א שטיבעל מיט פיער טירען פון אַלע זייטען. איז געוואָרען א גרויסער מכניס־אורח. כל דכפין ייתי וייכל: ווער עס וויל — קום אריין און עס!

נמרוד האָט דערהערט פון דער מעשה, האָט עס איהם שטאַרק פערדראָסען. סטייטש! ער האָט געמיינט: ער וועט אברהם'ן פערטרייבען, וועט ער מסתמא פערפאַלען ווערען אין אָרימער יודעל. ערשט ער איז א גביר עצום.

חייסט ער, נמרוד, שפאנען פערד. ער וויל זעהן, וואס טהוט זיך מיט אברהם'ן. צי עס איז אמת, וואס מ'דערצעהלט פון איהם? אריינגעפאהרען צו אברהם'ן אין הויף. האט מען איהם צוגענומען, ווי א פיינעם אורח: די פערד גלייך געגעבען היי און האבער; איהם אליין — עסען און טרינקען פון דאס שענסטע און דאס בעסטע.

געשטאנען א פאר טעג. זעהט ער: אלץ, וואס מ'האט איהם דערצעהלט איז אמת. האט איהם די הארץ ניט געקענט פארטראגען. וויל ער אוועקפאהרען. גענומען שפאנען די פערד צוריק, קומט צו איהם אברהם'ס גבאי און זאגט: דער באַלעבאס האט אייך גערופען בע'חשבון'ן זיך. מיינט ער נמרוד: אברהם האט דאך אויף איהם א הארץ, וויל ער דעריבער ביי איהם נעהמען געלד. זאגט ער: „זאל ער זאגען, וואס איהם קומט, וועל איך בעצאהלען. צו איהם וועל איך ניט געהן, זיין פנים וויל איך ניט אנקוקען"...

געהט דער גבאי און גיט איבער אברהם'ן אט די ווערטער. ענטפערט אברהם: „זאל ער קומען אהער! איך האב מיט איהם א גרויסען חשבון".

זאגט נמרוד ווייטער מיט כעס: „זאל ער זאגען, וואס איהם קומט. טויזענד קארבען איז טויזענד קארבען! אבי זיין צורה ניט קענען!"

אוועק דער גבאי און זאגט דאס אברהם'ן. נו, אברהם האט דאס דערהערט, האט ער געהייסען פערשליסען דעם טויער: — ער מוז קומען אהער! זאגט ער, דא איז ער קיין קיסר ניט.

נמרוד זעהט: ער קען גאר ניט ארויספיהרען, מאכט ער זיך א הארץ און געהט צו אברהם'ען. אברהם שטעלט איהם א שטוהל. נאר ער וויל ניט זיצען, וויל גאר ניט רעדען מיט איהם. „זאגט: וואס ס'קומט, מאכט ער בייז, וועל איך בעצאהלען". — אויף איין פוס, זאגט אברהם, קען איך דיר ניט זאגען. איך האב מיט דיר א גרויסען חשבון."

דא נעהמט שוין נמרוד ארויס פון געדולד. „וואס פאר א חשבונות האסטו מיט מיר? זאגט ער — איך בין דא איינגאנ־

צען צוויי טעג. זאָל זיין טויזענד רובל! צאָהל איך גלייך און ווייל קיין חשבונות ניט."

— צוויי טאָג? — פערוואונדערט זיך אברהם — האָסט א טעות! שוין פערציג יאָהר, אז דו האָסט מיך פערטריבען. די גאנצע פערציג יאָהר גיב איך אלעמען עסען און טרינקען. ווער עס פאָהרט פארביי, און ווער עס פאָהרט אוועק זאָגט מיר: „גאָט וועט אייך בעצאָהלען". היינט ביזטו געקומען. זאָגסטו, אז דו ביזט — גאָט. טו בעצאָהל, ברודער! פאר אלעמען, פאר די גאנצע פערציג יאָהר...

שווער איז געוואָרען נמרוד'ן אויפ'ן הארצען: וואו ט'ער צעהמען אזוי פיעל געלד?

הויבט ער אן צו קראצען די פאטילניצע: קען זיך קיין עצה ניט געפינען.

— וואו זאָל איך דיר נעהמען אזוי פיעל געלד? — מאכט ער צו אברהם'ן... איך האָב ניט...

— וואָס הייסט דו האָסט ניט? — זאָגט אברהם, — ביזטו א גאָט, מוזטו אויפהאלטען די וועלט. אז ניט ביזטו קיין גאָט ניט! זאָלסטו מיר געבען א כתב מיט א חתימה, (א פאַ־פיר מיט אן אונטערשריפט), אז דו ביזט „אוים גאָט".

נמרוד האָט געעזהן, אז ס'איז שלעכט, ער איז אריינגעפאַ־לען... האָט ער גענעבען א כתב מיט א חתימה, אז ער איז ניט קיין גאָט.

פון דעמאָלט אָן ווייס מען, אז גאָט איז אויבען, און — אברהם האָט אויסגעפיהרט.

# א מעשה ווי אזוי א קלוגער אָרימאַן האט ארויסגעכיטרעוועט ביי אַ קארגען גביר 2000 רובעל.

איינער איז געווען א גרויסער גביר, נאָר א שלעכטער מענש, (ווי די דעמאָקראטען זאָגען: א בורזשאָ!) פאר א גראָ־שען האָט ער זיך אלע ציינער געלאָזט ארויסנעהמען. אנטקעגען איהם האָט געוואוינט א שכן, אן אָרימאַן, נאָר א פרייליכער יונג. פערדריסט איהם, למאי דער גביר איז אזא הארטער מענש, אז מ׳קען ביי איהם קיין מאָל א קאָפּיקע ניט ארויס־קריגען.

איז ער, דער אָרימאַן, זיך ממציא א שכל, ווי אזוי ארויס־צובעקומען ביים גביר די מטבע.

הויבט ער אָן אומלויפען, בלומרשט א צוטראָגענער, אין מארק, פארביי זיין שטוב, פונקט אנטקעגען דעם גביר׳ס קראָם. לויפט אום, פערהאווועט, אהין און אהער, ווי ער וואָלט גאָט ווייס וואָס פאר א געשעפטען אויפ׳ן קאָפּ געהאט.

דערזעהט עם דער גביר. ווערט ער גרייליך טשיקאווע צו וויסען: אין וואָס פאר א געשעפטען איז דאָס זיין שכן אזוי פערטראָגען. ווארום, ווי רייך ער איז אליין געווען, האט ער תמיד יענעם מקנא געווען. און איהם האָט פערדראָסען, טאָמער האָט יענער בעסערע געשעפטען פון איהם.

שטעלט ער איהם, דעם שכן, אָב און פרעגט: זאָג מיר

נאַר, אברהמיל, וואָס ביזטו אזוי פערטראַגען? טאַמער האָסטו א גוט געשעפט, לאָמיר מאכען שותפות.

— א גוט געשעפט! אוודאי א גוט געשעפט! — ענט־פערט דער אָרימאַן. וואָס זשע מיינסטו? א איד וועט דיר) אומזיסט אומלויפען... נאַר וואָס זשע ארט דאָס דיר? קנאָפּ מסחרים האָסטו? וועניג רייך ביזטו? פערדריסט דיר: טאַמער האָב נ אַ ך א איד צו פערדינען...

— חלילה, זאָגט דער נגיד, מיר פערדריסט ניט! זאָל דיר גאָט העלפען. איך וואָלט גלאַט, אזוי וועלען וויסען.

— נו, — זאָגט דער אָרימער שכן, — אז דו ביזט גריי־ליך טשיקאווע, טו וויים, אז איך האָב נאַר וואָס בעקומען א בריעף פון נאָוואָזיבקאָוו... א פאַניע פערקויפט טאבאקען... 20 מאזיעס (פוהרען)... ריינע 8000 רובל פרנסה!... פון האנד אין האנד... פאָהר איך אהין ארוים גלייך...

— 8000 רובל פרנסה?... וואָס רעדסטו? איז פערברענט געוואָרען דער גביר. — אפשר פעהלט דיר א פאַר טויזענד רובל צום מסחר? נעהם ביי מיר און לאָז זיין שותפות.

— נעהמען ביי דיר? — מאכט אוועק דער שכן מיט'ן האנד, — וואָס נאָך? דערנאָך זאָלסטו מיך ניט לאָזען געדאַ־ווערן?... בעטען די פרנסה, איידער מ'וועט אדויסנעהמען דעם קרן... לויפען אלע וויילע פרעגען: וואָס הערט זיך? וואו האלט עס?... ניין, איך וועל מיר זוכען אן אנדער שותף, א בעסערן פון דיר.

דער קארגער גביר האָט זיך געשוואָרען ביי באָרד און פאות, ביי זיין ווייב און קינדער, אז ער וועט ניט לויפען אלע ווייליע פרעגען, נאַר האָבען געדולד ביז די גאנצע סחורה איז פערקויפט, און געמאכט דעם חשבון.

— נו, אויב אזוי, זאָגט דער אָרימאַן, גיב אהער די 2000 קארבען און לאָז זיין שותפות. פרנסה אויף ידי העלפט; 4000 קארבען! זאָל דער אייבערשטער געבען מיט מזל... נאַר געדענק, וואָס אבגערעדט!...

— אודאי, אודאי!... וואָס הייסט?... געוויס!...

דער גביר האָט אוועקגעגעבען זיין שכן מיט שמחה די 2000

רובל: ער זאָל גלייך פאָהרען קיין נאָוואָזיבקאָוו קויפען די 200 מאַזיעס טאַבאַקען, און אליין האָט ער זיך געזעצט וואַרטען אויף די 4000 רובל רוח.

דער שכן איז אוועקגעפאָהרען, ניט אין נאָוואָזיבקאָוו, נאָר דערביי אין א שטעדטעל. האָט זיך דאָרט געלאָזט וואו ל געהן. און דער ווייב האָט ער געשריבען כלומרשט בריעף, אז דער עסק איז א גליק. עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אז ס'איז דאָ צוויי מאָל אזוי פיעל פרנסה. דער גביר לייענט די בריעף און קוועלט. גלעט דעם בייכעל און קען זיך ניט דערוואַרטען די מי־נוט: זיין שותף זאָל שוין קומען מיט די פרנסה.

אָבגעזעסען אברהמ'ל, דער שותף הייסט עס, די צייט און פאָהרט צוריק א היים. פאָהרט אריין ברייט, מיט פּאָצט, מעשה גביר. די ווייב איז זעהר קאָנטעט פון'ם גאַסט. געמאַכט איהם א פיינעם וואַרמעס. אבגעגעסען דעם געשמאַקען וואַרמעס— צוגעלעגט זיך אברוהען, ווי דער מנהג איז פון נגידים...

דער גביר האָט שוין פריהער געזעהן דעם „סוחר“ פאָהרענ־דיג פערביי זיין קראָם. מאכט ער זיך ניט זעהענדיג. פערבע־האַלט ער זיך אין שטוב, כלומרשט, אז איהם איז ניט אזוי איילינג, מכוח די רוחים. אליין אבער שפּאַרט איהם שיער די נשמה ארויס: ער וואָלט זיך שוין וועלען זעהן מיט די מזומנים. נאָר עס פּאַסט ניט: אבגערעדט איז אָבגערעדט.

וואַרט דער קאַרגער גביר א שעה, צוויי, דריי. עס הויבט איהם פון אָרט. שיקט ער א מענשען צום שכן געוואָהר ווע־רען פון דער זייט: וואָס הערט זיך. מעלדעט מען: שא!... ער שלאָפט, רוהט זיך אויס פון וועג... אזא הארבע נסיעה...

געהט אוועק נאָך א שעה, צוויי... קען ער שוין מעהר ניט אויסהאַלטען. ער ט'געהן איהם געבען שלום... וואָס ט'איהם קומען דערפאַר, ריידען מכח נ'עסק וועט ער גאָר נישט. ט'וואַר־טען ביז יענער 'עט אָנהויבען...

קומט ער צוגעהן צום שכן. בעגעגענט איהם יענעמ'ס ווייב. מאַכט ער איהר א זיס פנים:

— מיט ליעב אייך אייער גאַסט!..

— מיט ליעב זאָלט איהר לעבען...

— איז ער געקומען בשלום? וואס מאכט ער? וואס טוט ער?...

— ער שלאפט, רוהט זיך אוים... אזא הארבע נסיעה... אזש פון נאוואזיבקאוו...

מיט אמאל הערט ער א הוסט.. אברהמ'ל צוכעט זיך. ווארט ער אביסעל. עפענט זיך די טיר. אברהמ'ל געהט ארויס אין א גוטען שלאפראק מיט די פיינע שטעק־שיך. גיסט זיך לאנגזאם, בהרחבה'דיג אב נעגעל־וואסער.

— שלום עליכם, ר' אברהם.

— עליכם שלום, זיצט, קחע... קחע.. עטשע! דעם סאמאוואר!...

די ווייב דערלאנגט דעם סאמאוואר. גיסט ער אן זיך א גלאז און דעם „מתן־שכר'ניק" א גלאז. טרינקט מען טיי. דער גביר זופט די טיי און עס טרייסעלט זיך ביי איהם די הארץ...

— ווילסט אודאי וויסען מכח דעם געשעפט, הא? מאכט אברהמ'ל, אוןווארפט גנב'ישע בליקען אויפ'ן שותף.

— אז דו ווילסט דערצעהלען... — שטאמעלט יענער — מהיכא תיתא, אדרבא... דערצעהל...

— נו, מאכט אברהמיל, פערשטייסטו מיך, די מעשה איז געווען אזוי. געקומען אין נאוואזיבקאוו. א קוק געטאן די סחורה־גאלד. פרנסה — כפל כפלים!... האב איך איינגעקויפט הונדערט מאזעס טאבאקען, איינגעשפאנט די פערד און מיר פאהרען.

פאהרען מיר אזוי א מייל, צוויי, דריי. זעהען מיר עס פערשפרייט זיך אויפ'ן הימעל א שווארצער וואלקען — אן אימה! ווערט חושך ואפלה... פלוצלונג: טררא־אך! טרא־אך! דונערן און בליצען! א שטורם... א מבול...

די פערד שטעלען זיך... הרג'ע זיי — ניט פון ארט...

האבען די גויים א געשריי געטאן: נו; מי סטאנעם... ס'הייסט, לאמיר זיך אבשטעלען.

שטעלט מען זיך אנידער. פון שרעק זיינען מיר אלע אונטער די מאזעס פארקראכען. ס'גיט א בליץ — אט ווערען מיר פערברענט. ס'גיט א דונער — אט ווערט מען דערשלונגען...

ליגען מיר אין צרות אונטער די פוהרען. מיר מיינען: די וועלט געהט אונטער...

אין מיטען האט געגעבען א בליץ. ס'שפאלט זיך דער הי־מעל און ס'פאלט אראב א מענש — די גרויס ווי די וועלט, און א געשריי געטאן: „זדראוואַ רעביאטא!" ס'הייסט — א גר־טער מארגען, חברה! „מאזשנא טרובקו זאקוריט?" מ'קען,— הייסט דאס, די פיפקע פעררויכערן?"

— מאזשנא! האבען מיר געענטפערט און די ציינער קלאפען זיך פון שרעק.

נעהמט ער ארויס פון בוזים א פיפקע — די גרויס, ווי די שטאדט, גיט א קער א מאזיע און — אין פיפקע... א מא־אזיע, און — אין פיפקע... א מא־אזיע, און — אין פיפקע... א מא־אז...

— איז אַ־אַ־אַט... די א־א־לע... מאזיעם — האט דער גביר חלש'נדיג און ברעכענדיג, די הענד, גענומען שטאמלען

— אַ־אַ־ריין — אי־אי־אין פיפקע...

— אי דו יונגאטש! גיט אויף עם אברהמיל א געשריי...

— עם ארט די טאבאק! זיין געלד ארט עם!... וואס וואלט געווען, ווען ער לעגט מ י ך אריין אין פיפקע?... איך בין דאך א טאטע פון אכט קליינע קינדער... האסט גאר, דו יונ־גאטש, קיין רחמנות ניט..

דער גביר איז געבליבען זיצען א גע'חלש'טער, בלייך ווי די וואנד, מיט אויסגעגלאָצטע אויגען.

— שא, ניט חלש, — זאגט אברהמ'ל, — 'עסט קומען שפעטער וועל איך דיר געבען וואל..

— ווען שפעטער? — פרעגט דער גביר, גערן צו קריגען האטש אבי וואס... בעסער ווי גאר נישט...

— פאר נאכט קום.

געקומען דער גביר פאר נאכט. געהט ער מיט איהם אוועק אין פעלד. פיהרט ער איהם איבער גערטנער, קלעטערט איבער פארקאנעס.

— וואוהין פיהרסטו מיך? — פרעגט דער גביר.

— אַט באַלד, — מאכט אברהמיל, קומען מיר צו די וואַלד. אַט דאַ, זעהסטו? צווישען די צוויי פּארקאנעס, דורך דער שמאָלער געסעל, וועט באַלד געהן פון פעלד א סטאַדע שעפּסען; וועלען זיי זיך נעהמען קראצען אַן דעם זייט פּארקאן און אַן יענעם זייט פּארקאן, וועט דאַ, פערשטעהסטו מיך, בלייבען וואָל, אַט וועסטו נעהמען..

ווי ס'איז דעם גביר ניט געווען א וועהטאָג אין הארצען, האָט ער זיך פונדעסטוועגען, צולאכט.

— ניט לאַך, — זאָגט אברהמיל — דו נעהמסט נאָך דאָס אויך ניט...

# א מעשה מיט צוויי שותפים, מיט'ן גן־עדן און גיהנום.

דער גרעסטער טייל פון סאניע ניימארקס מעשיות, פונקט, ווי מוניע דעם שמש'ס ל·עדער, זענען קולטור־היסטאָרישער מאטעריאל, דערהויפּט פונ'ם יודישען לעבען אין רוסלאנד פאר די לעצטע פאָר הונדערט יאָהר. זיי זענען שטיקער לעבען, אי־בערלעבונגען, גלויבונגען און אבערגלויבען, ווייזען אויף סאָ־ציאלע בעציהונגען און עקאָנאָמישע בעדינגונגען. פון א הרע איבריגע מעשיות וועל איך זיך אָבשטעלען נאָך או ף צוויי, דריי.

די מעשה מיט צוויי שותפים בעציהט זיך, אפּנים, צו דער נייערער צייט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבען די השכלה, ווען בחורים האָבען אנגעהויבען צו טאַנצען מיט מיידלאַך; מ'האָט אָנגעהויבען טרינקען טיי פון „שבת'דיגען" סאמאָוואר און דער־צו נאָך פעררויכערן א „שבת'דיגען" ציגאר. די הערשאפט פון „קהל" און דער „קונע" איז שוין געווען געבראָכען. מ'האָט גאָר נישט געקענט טאָן קעגען די „אפּיקורסים" און „הולטאַיעס" אויף ד ע ר וועלט. אבער אזוי ווי די „הולטאַיעס" האָבען נים געגלויבט אין דעם אלטמאָדישען גיהנום מיט די „אייזערנע רי־טער" און ברענענדיגע „סקאָווראדעס", האָט מען פאר זיי אויסגעפונען א ניימאָדישען גיהנום, וואָס פּאסט זיך צו די ניי מאָדישע עבירות.

די „מעשה מיט די צוויי שותפים" שילדערט מיט זעהר

לעבעדיגע פארבען אזא מין גיהנום. אין קורצען איז די מעשה
אזוי:

צוויי שותפים ברוך בר' זרח און בעריל בר' שמעריל האָ־בען געהאט געשעפטען אין פעטערבורג, געלעבט צווישען זיך ווי צוויי ברידער. דערנאָך האָט איינער געמוזט אוועק אין מאסקווע. די גוטע פריינד האָבען זיך געמוזט שיידען. האָבען זיי אָבגעמאכט מיט א שבועה, און הימעל און ערד פאר עדות גענו־מען, אז ווער עס וועט שטארבען פון זיי פריהער, זאָל ער קו־מען צום אנדערן און דערצעהלען, וואָס ס'טוט זיך אויף יענער וועלט. ויהי היום, שטעהט דער שותף פון פעטערבורג אין גאַס. זעהט ער: עס פאָהרט א רייטער. דערקענט ער זיין פריינד ברוך'ן. שרייט ער צו איהם: שטעה! שטעה! שטעל זיך אב! נאָר יענער איז שוין פערשוואונדען. כאַפּט ער א איזוואשטשיק און לויפט איהם יאָגען. — אין קול ואין עונה...

בערעכענט זיך דער שותף בעריל, אז דאָס מוז זיין ניט גלאַט. קלאַפּט ער א טעלעגראַם אין מאסקווע, מ'זאָל איהם מודיע זיין, וואָס טוט זיך מיט ברוך'ן?

קומט אָן א ידיעה, אז ברוך איז געשטאָרבען, און די לויה איז געוועזן פונקט אין יענער מינוט, ווען ער האָט זיך צו איהם בעוויזען. ווארט שוין בעריל אויף א ידיעה פון יענער וועלט. אבגעוואַרט א יאָהר, צוויי, דריי — ניטאָ!

ויהי היום שטעהט ער אויפ'ן בולוואר אין פעטערבורג. געהט צו צו איהם ברוך, נעהמט איהם פאר'ן האנד און פיהרט איהם. „גוואַלד, זאָגט ער, ברודער, זאָג מיר וואָס מיט דיר טוט זיך און לאָז מיך אהיים." נאָר יענער פיהרט איהם דורך פעלדער און וועלדער, ביז וואנען ער ברענגט איהם אין א מדבר. „אָט דאָ, זאָגט ער, וועט זיין א הייל. זאָלסטו געהן צעהן קלאַפטער אראָב און צעהן קלאַפטער ארויף. דאָרטען איז דער גן עדן. אָט דאָרטען בין איך. און איז פערשוואונדען.

קורץ: ער האָט אזוי געטאָן און געקומען אין „גן עדן". דאָס איז געווען אן אנגעהוייקערטע שטיבעל. אין שטיבעל שטעהען יודען און דאווענען. א רעגען גיסט, ס'רינט אינעווענדיג דורך די סטרעכעס: קויטיג, חושך, גליי־

משיג. קלערט ער: אזא יאָהר אייך! ס'אַרא גן עדן דאָס איז...
פרעגט ער: וואו איז דאָ ברוך בר' זרח? זאָגט מען איהם: ווייטער, אין אן אנדער חדר. געהט ער אין אנדער חדר — זיי־צען דאָרט אידען אויף הינקעדיגע בענק, ביי קאַליקע סטענ־דערס, און לערנען. אין דריטען חדר זיצען חסידים ביי א צו־בראָכענער פלעשעל משקה און באמקען און דבק'ען זיך. ער פרעגט: ניטאָ דאָ ברוך בר' זרח? זאָגט מען איהם: אין גיהנום. „נו, קלערט ער, — אזא געזונד אייך, וואָס פאר א גן־עדן איהר האָט", און זאָגט: וואו איז ביי אייך דער גיהנום? הייסט מען איהם ווייטער קריכען אין א הייל; צעהן קלאַפטער אראָב און צעהן קלאַפטער ארויף. ער קריכט — א ברירה האָט ער...

ארויסגעקראָכען, גיט א קוק — א געביידע 40 איילען די לענג און 40 די ברייט, א פּאַלאַץ, פּונקט ווי דער מאָהילע־ווער מאַניעזש... פון פאָרענט — א סאָלדאַט אין א פיינער פאָרמע מיט א פיינער ביקס.

„דאָ איז דער גיהנום?"

„דאָ!"

ער געהט אריין: א זאַל פערפּוצט מיט די טייערסטע זאַ־כען. עס שפּיעלען מוזיקאַנטען און בחורים מיט מיידלאך האל־טען אין איין טאַנצען און פרייען זיך.

פרעגט ער: וואו איז דאָ ברוך בר' זרח? — ענטפערט מען איהם: — אין אנדער צימער.

געהט ער אריין אהין: עס זיצט א קאָמפּאַניע ארום א טיש, מ'שפּילט אין קאָרטען און מ'טרינקט קאָניאַק. ברוך איז ניטאָ. אין דריטען חדר, — זאָגט מען איהם — איז ער. ער געהט אריין אין דריטען חדר. גיט א קוק: ברוך בר' זרח, זיין שותף, זיצט זיך צולעגט אין א קרעסלע, כמלך בגדוד, ווי א הונט אין מיאַלע... אין איין האנד א גלאָז טיי, אין דער אנדערער א ציגאַר. א זופּ טיי, א ציה דעם ציגאַר...

— אוי, — שרייט אויס בעריל, — אַט דאָס איז א גיהנום? אזא יאָהר מיר, ס'אַרא גן עדן דאָס איז!... סטייטש מיין ברודער, וואָסטע געהאט צו מיר? אז דיר איז אזוי גוט,

האָסטו דאָך מיר געקענט דערצעהלען. למאי האָסטו געדאַרפט מיך פיהרען דורך אל די שווארץ יאָהר?...

ענטפערט ברוך:

— גוט איז מיר, זאָגסטו? אי, ברודער, טו א קוק מיינע ליפּען, מיין גומען, ווי צוברענט זיי זענען... געדענקסט אמאָל, שבת? ווי מיר האָבען געשטעלט דעם סאמאָוואר, האָבען שבת־דיגע טיי געטרונקען? און א ציגאר גערויכענט. איז אָט ווי איך בין נאָר געשטאָרבען, האָט מען מיר געשטעלט א זודיגען סאַמאָוואר און געגעבען א ציגאר אין מויל און איך מוז נאָכאַנאַנד טרינקען און רויכערן, טרינקען און רויכערן, אָהן א סוף, אָהן אן אויפהער...

— נו, און דאָרטען, — זאָגט בעריל, — די וואָס טאַנצען, שפּילען אין קאָרטען און טרינקען קאָניאק?

— דאָרטען איז אויך אזוי: שפּיל ברודער, און טרינק, שפּיל און טרינק!... טאַנץ, ברודער, טאַנץ!... ווערט איינער מאט טאַנצענדיג — שטעהט אונטען א מלאך חבלה מיט א נאהייקע און שמייסט: טאַנצוי, בראט... האָפּ! האָפּ! שטעל זיך ניט אָב!..."

די מעשה איז נאַטירליך בעשאַפען געוואָרען מיט דער כונה, אז בעריל זאָל זיך אראָבנעהמען א מוסר פון ברוך'ן און מעהר ניט טרינקען קיין שבת'דיגע טיי...

# א מעשה מיט א קויטיגע בולקע.

איבערהויפט ווערט אויף יענער וועלט בעצאָהלט „מדה כנגד מדה" — פונקט מיט דערזועלבער מאָס.

אמאָל איז געווען א גרויסער גביר, נאָר א מורא'דיגער קמצן, וואָס האָט אויף זיין לעבען קיין מאָל אן אָרימאַן קיין נדבה ניט געגעבען. נאָר איין מאָל פאָהרט ער אין וועג און פיהרט אין רייזע־זאק בול־קעס. פאַלט ארויס א בולקע אין בלאָטע אריין. אין מיטען לויפט אָן אן אָרימאַן. ער האָט דריי טעג ניט געגעסען, שרייט ער, און בעט עפּעס די נשמה צו דערהאַלטען. דער גביר וואַרפט א'הם צו די קויטיגע בולקע. דעם ערשטען און דעם לעצטען מאָל האָט ער רחמנות געקראָגען אויף א מענשען.

איז וואָס, מיינט איהר, געווען?

באלד ווי ער איז געשטאָרבען האָט מען איהם אויף דעם „עולם האמת" געגעבען „גן־עדן." ווארום ער האָט א יודען פון הונגער־טויט געראַטעוועט. אבער ניט מיט אלע צדיקים האָט מען איהם א פּלאַץ געגעבען, נאָר בעזונדער פאר איהם א צו־בראַכען טישעל געשטעלט און אויפ'ן טישעל געלעגט די אין קויט איינגעריכטע בולקע, וואָס ער האָט צוגעוואָרפען דעם אָרימאַן.

# א מעשה מיט א מלמד און מיט דריי חכמות.

אינטערעסאנטער און גאר פון אן אנדער מין איז די מעשה מיט די דריי חכמות.

א מלמד איז אין דער היים געשוואלען געווארען פאר הונגער. לאזט ער זיך אין דער וועלט אריין זוכען א קנעלונג. אוועק אביסעל צייט, קלויבט ער זיך שרייבען א בריף א היים. איז ער זיך אבער מישב, אז אהן געלד איז קיין יום טוב ניט. האט ער פערדינט עטליכע רובל, איז ביז וואנען ער האט זיך צוגעקליבען שרייבען אהיים פלעגט דאס געלד אוועק.

א חודש נאך א חודש, א יאהר נאך א יאהר. אט אזוי איז דורכגעגאנגען 7 יאהר. צום סוף האט איהם אבגעגליקט: דער אויבערשטער האט איהם צוגעשיקט פרנסה דריי טויזענד רובל. מיט אזוי פיל געלד, לאזט ער זיך, מסתמא, גלייך אהיים. דער ווייב האט ער ניט געשריבען.

אויפ'ן וועג פערפאהרט ער אין ניזשני אויפ'ן יריד. געלד אונטער'ן בוזעם איז דא: הצלחה — אויך, — געהט ער אוועק אנקוקען סחורה. ער זעהט קראמען, טישלאך, בענקלאך — אנ־געלעגט מיט אל דאס גוטס. און אין סאמע מיטען מארק — א גרויסע קראם, א לעדיגע, מיט לעדיגע פאליצעס און ביין טיש זיצט אן אלטער איד מיט א ווייסער בארד. יעדען טאג געהט ער פארביי די קראם און זעהט דעמזעלביגען אידען אין דער קראם אהן סחורה.

געהט ער אריין און פרעגט: רבי יוד, וואו איז אייערע

סחורה? — מיין סחורה? — ענטפערט דער יוד, — האלט איך אין בוזים.

מיינט דער מלמד, אז ער וועט איהם געוויס בעווייזען ברי־ליאנטען, פעריל, דימענטען. פרעגט ער דעם יודען: — וואו איז פארט אייערע סחורה? ענטפערט דער יוד: איך האנדעל מיט חכמות. פרעגט ער: ווי טייער א חכמה? — איין טוי־זענדער, — זאגט דער יוד.

די מעשה איז דעם מלמד שטארק געפעלען, און געלד איז דא, און געשעפט האט ער דאך געזוכט, — נעהמט ער ארויס א טויזענטער און לעגט אוועק אויפ'ן טיש. זאגט דער יוד:

— אז דו וועסט זעהן א גלייכע וועג — קייטיג און שווער, און דערביי א געקרימטען וועג דורכ'ן וואלד — א טרוקענעם, זאלסטו בעסער נעהמען דעם קייטיגען, נאר דעם גלייכען וועג.

— דאס איז גאר די חכמה? — פרעגט דער מלמד. — וואס וועסטו נאך זאגען?

— נאך א חכמה, זאגט דער יוד, איז נאך א טויזענדער.

לעגט אוועק דער מלמד נאך א טויזענדער. זאגט דער יוד:

— זאלסט זיך אבשטעלען אין א קרעטשמע, וואו דער קרעטשמער מיט דער קרעטשמערקע זענען א גלייכע פאר.

האט איהם, דעם מלמד, שטארק פערדראסען די צוויי טויזענד רובל. נאר מיט א ביטער הארץ האט ער שוין ארויסגע־נומען דעם דריטען טויזענדער און געבעטען נאך א חכמה.

— אז דו וועסט האבען א כעס, — זאגט דער יוד — זאלסטו איהם אבלעגען אויף מארגען.

קיין געלד ביים מלמד איז שוין מעהר ניט געוועזען, איז ער אוועק צופוס. גלייך מיט איהם איז געפאהרען א שערענגע פוה־רען מיט גוים. דער קצור; פאהרענדיג איז איהם אויסגעקומען אויסצופרובען און זעהן דעם בעשיינפערליכען אמת, וואס האט געשטעקט אין אלע דריי חכמות. אזוי, צום ביישפיל, איז ער געקראכען ביז די קניע אין וואסער, געהענדיג מיט'ן גלייכען וועג. די גויים אבער זענען אוועק מיט א קרומען, טרוקענעם וועג. זענען אויף די גויים אנגעפאלען גזלנים און האבען זיי נע'הרג'עט, און ער איז געבליבען לעבען.

אין א קרעטשים איז ער אריינגעפאָחרען. איז דאָרט ניט געווען קיין גלייכע פּאָר: דער קרעטשמער — אַן אַלטער מאַן, די קרעטשמערקע א יונג ווייבעל, א פּארשוין. האָט ער זיך אָבגעשטעלט אנטקעגען, וואו דאָס פּאָר פּאָלק איז געווען א גלייכע. דאָ האָט זיך איהם איינגעגעבען צו בעמערקען, ווי ביי נאכט איז אריינגעקראכען דורכ'ן פענסטער אין קרעטשים א יונגער גלח'ל, האָט געה'רג'עט דעם קרעטשמער. אין א צייט ארום איז דער גלח'ל ארויסגעשפּרונגען צוריק דורכ'ן זעלבען פענסטער. דאָ איז ער אונטערגעשפּרונגען, ניט בעמערקט, מיט א העקעלע און אבגעהאקט ביין גלח'ל 4 פינגער. אויף מארגען — א גערודער. אנגעקומען פּאָליציי. מ'האָט פערנומען 5 פּריצים, וואס האָבען אין קרעטשמע גענעכטיגט. די פּריצים זענען געווען אין געפאהר צו געהן אויף קאַטאָרגע. דער מלמד, וואָס וויים דעם סוד, ראטעוועט זיי אבער אלעמען, און ווייזט אַן אויף דעם אמת'ן שולדיגען, דעם גלח'ל. דערפאר בעקומט ער פון יעדען פּריץ צו טויזענד רובל. די חכמות האָבען איהם אלזאָ ניט בלויז קלוג, נאָר אויך רייך געמאכט. ענדליך דארף זיך נאָך ארויסווייזען די ריכטיגקייט פון דער דריטער חכמה.

געקומען דער מלמד אהיים, אין זיין שטעדטעל. פּרעגט ער נאָך אויף זיין ווייב. צי ווייס מען ניט וואו געפינט זיך די און די. זאָגט מען איהם: אַט דאָ ניט ווייט האלט זי א קרעטשים. איזור מאַן האָט איהר אוועקגעוואָרפען. שוין 17 יאָהר, אז זי איז אַן עגונה. קומט ער אין קרעטשים און לאָזט זיך ניט דערקענען. זעהט ער אמאָל ביי נאכט, ווי א בחור איז געקומען, זעצט זיך ביי דער בעל הבית'טע אויפ'ן בעט און פערברענגט מיט איהר. ווערט ער א צוקאָכטער: וויל ארויסכאפּען א פּיסטאָלעט און ביידען שיסען. דערמאָהנט ער זיך אָן דער דריטער עצה — אבצולייגען דעם כעס אויף מאָרגען. אויף מאָרגען פריה קומט ער צו דער קרעטשמערקע, צו זיין ווייב, הייסט דאָס, וואָס האָט איהם ניט דערקענט, און זאָגט: „צי מיר האָט זיך גע'חלומט, צי עס האָט זיך מיר געדוכט, אז אום האלבע נאכט איז צו אייך אריין א בחור, האָט זיך געזעצט ביי אייך אויפ'ן

בעט און איהר האָט מיט איהם אזוי ליבליך פערבראַכט... ווי קומט זשע דאָס צו א כשר'ע יודישע טאָכטער...

דאָ האָט איהם די יודענע דערצעהלט, אז דער יונגער מאן איז א־הר זוהן, וואָס איז געבאָרען געוואָרען מיט 17 יאָהר צו־ריק; אז איהר מאן האָט איהר אוועקגעוואָרפען; אז דער זוהן איז א וואויל לערנער: זיצט א גאנצען טאָג און א גאנצע נאכט אין בית המדרש. נאָר אום האלבע נאכט קומט ער צו איהר פערברענגען אביסעל.

דאָ האָט זיך דער מלמד געלאָזט צו דערקענען. אין שטוב איז געוואָרען שמחה וששון, און אלע האָבען בעשיינפערליך געזעהן, ווי ריכט־ג עס איז דער מאמר פון חכם: „כי טוב סחרה מסחר כסף“ — ס'הייסט, אז חכמה איז די בעסטע פון אלע סחורות.

# א מעשה מיט'ן „בעל שם" און מיט'ן „דבוק."

נאָך א מעשה און — א סוף צו די מעשיות. די דאָזיגע מעשה איז ניט קיין אויסגעטראכטע, נאָר אן אמת'ע. דאָס איז א מעשה מיט א „בעל השם." די 80־יעהריגע מעשיות־דערצעה־לערין האָט מיך אפילו אָנגערופען דעם נאָמען פונ'ם „בעל שם" און זיין פאמיליע. ער האָט געהייסען „משה'קע זשוראוויי־צער" אָדער, משה'לע ערפערט". די מעשה איז זעהר כאראק־טעריסטיש פאר דער ראָלע, וואָס די ליטוואקעס — „צלם־קעפ" האָבען געשפילט אין וואהלין.

אמאָל — דערצעהלט די אלטע סאָניע — איז געווען ביי אונז אין שטעדטעל א יונגער מאן, א ממזר־קאָפּ, א חכם, נאָר א פוסטע כלי. פּלוצלינג איז ער ניט געוואָרען פון שטעדטעל און קיינער האָט ניט געוואוסט, וואו ער איז אהין געקומען. עפּעס אין א יאָהר 5—6 ארום, דארף מיין טאטע, צוליב זיינע עסקים, ארייגפאָהרען אין א קליין שטעדטעל, ערגעץ אין וואָהלין. פערפאָהרט ער אין א קרעטשים. זעהט ער עס איז דארטען אן עולם: מ'שטעהט אויף די קעפּ. און די גאנצע גאס ארום איז שווארץ פון מענשען, וואָס שטופּען זיך אין קרעטשים אריין און קענען זיך ניט דערשלאָגען.

פרעגט ער: וואָס איז דאָס פאר א מעשה? זאָגט מען איהם: דאָ איז א בעל שם, וואָס גיט סגולות צו קינדער און צו אלע קרענק.

אין מיטען עפּענט זיך א טיר און עס לויפט ארויס, אימי־

צער אין א ווייסע אטלעסענע קאפאטע, מיט א גארטעל און א שטריימעל — גלייך איהם אנטקעגען. דער טאטע קוקט זיך איין און גיט א געשריי: משה'לע! א קלאג צו דיר! סטייטש, ווי קומסטו אהער? דאס ביזטו דער בעל שם?..

— שווייג! — מאכט דער „בעל שם" צום טאטען, — קום מיט מיר, וועסטו עפּעס זעהן."

ער האט גענומען דעם טאטען אויפ'ן וואגען און זיי זענען אוועקגעפאהרען צו א רייכען ישוב'ניק, א „דבוק" ארויסטרייבען פון זיין טאכטער, א מיידעל, וואס האט ניט געשלאפען קיין נעכט און נאכאנאנד געשריען, אז א שד איז ביי איהר אין פערענע.

געקומען צום ישוב'ניק, האט ער געהייסען זיך ארייגפיה־רען צו דער מיידעל אין שלאפצימער. האט געהייסען אלעמען ארויס און אליין געבליבען דארט אויף „התבודדות". הינטער טיר האט מען געהערט, ווי ער האט שטארק גע'טענה'ט מיט קבלה־ווערטער און געשריען. פלוצלונג איז שטיל געווארען. די טיר עפענט זיך. ער רופט צו דעם ישוב'ניק און הייסט איהם ברענגען א געלע קאץ און א פאסקע דזעגעכץ. מיט גרויס שווערקייט האט מען אויפגעזוכט א געלע קאץ. מ'האט ביידע זאכען געבראכט צום בעל שם. ער האט זיך ווידער פארשלא־סען אין קאמער, איצט ניט אליין, נאר מיט מיין טאטען. האט גענומען די קאץ, אויסגעשמירט איהר מיט דזעגעכץ, אויפגע־שניטען די פערענע פון איין זייט און אריינלאזען אהין די קאץ. געעפענט די טיר און געהייסען טראגען די בעט מיט דער פערענע אין דרויסען צום וואלד צו. געבראכט אהין די קראנקע מיידעל. „באלד, זאגט ער, וועט איהר זעהן, ווי איך וועל ארויסטרייבען דעם שד פון דער פערענע. האט גענומען זיך דבק'ען און קרימען און שפייען און שעפטשען איבער א גלאז וואסער וואו ער האט אריינגעטאן צוטרין־זאלץ און דער־נאך אריינגעשאטען אהין א געזאדעננם פראשעק (די וואהליגער האבען נאך ניט געוואוסט פון א געזאדענעם פראשעק). די וואַ־סער אין גלאז האט אנגעהויבען צו זידען. די וואס זענען דער־ביי געזעסען, האבען אנגעהויבען ציטערן פונ'ם „שרעקליכען

מופת". דאָ האָט דער „בעל שם" געכאַפּט זיין שטעקעז און גע־נומעז שלאָגען איבער דער פּערענע. ס'איז געוואָרען א גע־קוויטשעריי אין דער פּערענע און באלד איז ארויסגע־שפּרונגען מיט משונה'דיגע יללות, און ביי געשרייען „שמע ישראל" פון די ארומיגע, א מין ווילד־משונה'דיג שווארצע־בריאה, אנגעשטעקט פון אלע זייטען מיט פּעדערען און הענדאָם־פּענדאָם — צום וואלד.

דער „בעל שם" האָט בעקומען א שענע מטבע און האָט דעם טאַטען פיין מכבד געווען. די מיידעל, זעהענדיג בעשיינפּער־ליך, ווי אזוי דער „שד" איז ארויסגעלאָפען, האָט זיך בערו־היגט, אנגעהויבען שלאָפען און איז געזונד געוואָרען. דער טאַטע האָט געמוזט מודה זיין, אז קיין שום אמת'ער „בעל שם" וואָלט ניט קענען אויסקלערען קיין געשייטערן איינפאל, „ארויסצו־טרייבען דעם „שד", ווי משה'לע, און ביידע האָבען זיך דערנאָך אין קרעטשים געקאַטשעט פון געלעכטער.

---

איך דארף צוגעבען, אז, ווי איך האָב אין מיין איבער־דערציילען סאָניע ניימארק'ס מעשיות זיך ניט געמיטה צו האַלטען זיך נאָהענט צום אָריגינאל, ד. ה. זיך געסטאַרעט גאָר נישט צוגעבען און גאָר נישט מינערן פון איהר סטיל, זענען זיי דאָך בלויז א שוואַכער אָבקלאַנג פון דעם, וואָס איך האָב גע־הערט פון איהר מויל. עס פעהלט די פּאַוזע, דער קעהר, דער ריהר, די נאַאיווע התפּעלות, מיט וועלכער זי דערצעהלט די מעשיות, דער קלאַנג פון איהר שטימע, איהר ארטיסטיש אונ־געקינסטעלטקייט, וואָס קען נימי איבערגעגעבען ווערען מיט בלויזע ווערטער. מ'דארף איהר אליין הערען, אום די מעשיות זאָלען מאַכען דעם טיעפען איינדרוק, וואָס זיי מאַכען, ארויס־געהענדיג פון איהר מויל.

# מוסר'ניקעס.

## א פאר ווערטער אלס הקדמה.

די בעוועגונג פון די מוסר'ניקעס איז נית קיין נייע. זי האט זיך אנגעהויבען אין רוסלאנד כמעט אין איין צייט מיט דער השכלה, בשעת לילענטאל, דער בעריהמטער השכלה־קעמפפער, האט גערופען די אידישע יוגענד צו א געזונטען ערדישען לעבען, איז, ווי א שאטען, אויסגעוואקסען איהם אנטקעגען דער נית ווייניגער בעריהמטער ר' ישראל סאלאנטער, וואס האט געמאכט פון דער ערד מיט אלע איהרע אינטערעסען „בטל ומבוטל" און גערופען די יוגענד צום הימעל.

בשעת אין ווילנא זענען געגרינדעט געווארען די אונטערערדישע השכלה־קרייזלעך, זענען באלד נאך דעם, טאקע אין דערזעלבער ווילנא, בעשאפען געווארען פון דעם זעלבען ר' ישראל סאלאנטער די ערשטע מוסר־שטיבלאך.

נאר צו שטארק זענען געווען די שטרעבונגען צו לעבען, צו זיס די גענוסען פון דער ערד, פאר דער דעמאלט נאר וואס ערוואכטער אידישער יוגענד, אז דער הימעל זאל איהר קענען אנציהען. די השכלה־קרייזלאך האבען סוף כל סוף פערטריבען די מוסר־שטיבלאך.

נאר אין איין ארט, אין קאוונא, איז געבליבען אן איינציגער זכר פון זיי, אנ'איינציגער נעסט. שפעטער האבען זיך געיאוועט מוסר־שטיבלאך נאך אין א פאר ערטער. נאר אין לעבען

האבען זיי קיין שום ראָלע ניט געשפּילט. ניט בלויז די משכּילים, נאָר די רבנים האָבען אויך געגען זיי געקעמפּפט מיט אַלע קרעפ־טען. צעהנדליגע יאָהרען האָבען אַ פּאָר מוסר־שטיבלאַך גע־טליהעט אין אַ פערשלאָגען ווינקעל. ביז עס איז געקומען די רע־וואָלוציע, וואָס האָט זיך אויך אהער אריינגעריסען און כמעט זיי חרוב געמאַכט. דער שפּרודעל פון׳ם לעבעדיגען לעבען האָט געריייניגט יעדען שימעל, האָט אריינגעצויגען אין קאַמפּף די אָבגעשטאַנענסטע עלעמענטען. נאָר דער פראָסט פון דער רע־אַקציע האָט צו שנעל פערכאַפּט די צאַרטע בלוטען פון דער אידישער ערוואַכונג. די מוסר׳ניקעס האָבען באַלד אויפגעהויבען דעם קאָפּ. דער מוסר — די פרוכט פון פּעסימיזם און פער־צווייפלונג — האָט נייע פליגלען בעקומען. די נעסטען פון די מוסר׳ניקעס — סלאָבאָדקע און נאָוואָגרודאָק. דאָך, זענען גע־וואָרען די גרעסטע ישיבות אין תחום. די מוסר׳ניקעס בענר־גענען זיך שוין ניט מיט זייערע אייגענע ישיבות. מ י ר האָ־בען זיי שוין איינגענומען, וואָלאָזשין אליין האָט נאָך, בשעת מיין בעזוכען די ישיבה, מוטיג געקעמפּפט פאר די אַלטע טראַדי־ציעס פון ר׳ חיים׳קע וואָלאָזשינער און ר׳ הערש־ליב. אָבער אָט די לעצטע פעסטונג איז שוין אויך געווען אין געפאַהר זיך אונ־טערצוגעבען די מוסר׳ניקעס.

קורץ: אין יענעם מאָמענט האָט אויסגעזעהן אַז ווען ביי יודען איז דאָ אַ ברייטע געזעלשאַפטליכע בעוועגונג, איז דאָס די איינציגע פון די מוסר׳ניקעס. ווען עס זענען דאָ שטאַר־קע מענשען מיט אַ פעסטען ווילען, מיט אַ סטראַטעגישער פע־היגקייט צו פיהרען אַ קאַמפּף, זענען דאָס ווידער די לידערס פון די מוסר׳ניקעס.

# ר' ישראל סאלאנטער, דער ערשטער בעשאפער פון דער מוסר־בעוועגונג.

דער טאטע פון די מוסר'ניקעס, דער גרינדער פון די ערש־טע מוסר־שטיבלאך, איז געווען דער בעריהמטער ר' ישראל סאלאנטער, איינער פון די שטארקסטע און מערקווירדיגסטע פערזענליכקייטען ביי די ארטאדאקסישע יודען אין פאריגען יאהר־הונדערט. דאס איז געווען א פערזענליכקייט מיט א טיע־פע אינערליכע שטרעבונג צו וואהרהייט; א מענש, וואס קען ניט געהן אויף פשרות מיט'ן לעבען; וואס האט געהאסט יעדע פאלשקייט, איז אום קיינעם ניט בעשטאנען, ווען עס איז גע־גאנגען אום דאס, וואס ער האט געהאלטען פאר אמת. א חוץ דעם האט ער בעזעסען א גרויסען ארגאניזאטארישען טאלאנט, א פעהיגקייט צו בעצויבערען און צוציהען צו זיך די מאסען, איבערהויפט די יוגענד. קורץ, ער איז געווען פון דעם שטאף, פון וועלכען ס'ווערען בעשאפען גרינדער אדער רעפארמאטא־רען פון רעליגיאנען.

פאר שאפען אבער עפעס נייעס אויפ'ן רעליגיעזען באדען איז ער געקומען צו שפעט. צו שאפען א שטארקע רעליגיעזע בעוועגונג איז שוין דעמאלט, אין רעכטען ברען פון דער השכלה, אפילו פון אזא שטארקע פערזאן, ווי ר' ישראל סאלאנטער, גע־ווען ניט נאך די קרעפטען. דערצו איז ער געווען צו נאאיוו. צום קאמפף האבען זיך געפאדערט אנדערע געוועהר, ווי די אל־

טע, פעדראסטעטע „כלי־זין“, מיט וועלכע ער האָט זיך בענוצט. אַנשטאָט א נייעם מין חסידיזם, וואָס ער האָט געשטרעבט צו בעשאפען, האָט זיך איהם איינגעגעבען בלויז צו גרינדען עט־ליכע „שטיבלאַך“, וועלכע האָבען אי פאר זיין לעבען, אי נאָך זיין טויט קיין שום רושם ניט געמאכט.

און דאָך, ווען ר׳ ישראל סאלאַנטערס קוק אויפ׳ן לעבען איז געווען א ק־נרישער, א נאַאיווער, איז זיין הארץ פול געווען מיט ליעבע צום פאָלק. זיין ליעבע צום אמת האָט איהם געצויגען צו פשוט׳ע, ארימע, אונגעקינסטעלטע מענשען. אמאָל, — מיר האָט דערצעהלט א מוסר׳ניק — איז ר׳ ישראל סאלאַנטער געקומען אויפ׳ן ווילנער שוהל־הויף. דאָרט איז, בשעת מעשה, געווען א גביר׳שע חופה. דער שול־הויף איז פול געווען מיט סאמעטענע און זיידענע מלבושים, האָט געגלאנצט מיט גאָלד און פערל און בריליאנטען. ס׳פערשטעהט זיך, אז אויף דער חתונה האָט ניט געפעהלט קיין ווייסע חברה. א שוסטער האָט שטארק חשק געקראָגען אריינצוקוקען דעם חתן אין פנים אריין, און האָט זיך דורכ׳ן עולם געשפּארט נעהענטער צו דער חופה. איינעם פון די חתונה־לייט, א גבירישען יונגען־מאַן, איז דאָס ניט אָנגעשטאַנען. ער האָט דעם אונגעבעטענעם גאסט אונטערגעשטעלט א פּוס מיט די ווערטער: א שוסטער דאַרף מען דאָ אויך האָבען, וואָס? דער שוסטער איז געפאלען און צושלאָגען דעם פנים. ר׳ ישראל סאלאַנטער האָט דאָס צוגע־זעהן און געגעבען א געשריי: „גוואלד, גיט מיר א שטעקען, איך וועל געהן אויפ׳ן גאון׳ס קבר! וואָס פאר א פאָלק האָט ער געלאָזען!“

שוין אין דעם וואָרט „מוסר“ ליגט דער גרונד־בעגריף פון ר׳ ישראל סאלאַנטערס תורה. דער עיקר פון לערנען איז ניט דאָס לערנען אליין, נאָר די עטישע ערציהונג פון׳ם מענשען. אין ר׳ ישראל סאלאַנטערס צייט איז דער גאנצער תחום גע־ווען בעדעקט מיט ישיבות און בתי־מדרשים. דאָס לערנען איז געווען א ציעל פאר זיך אליין, איז געוואָרען א מין ספּאָרט. א סך גרויסע קעפּ האָבען אידען דאן פערמאָגט, אבער ווייניג גרוי־סע הערצער. ר׳ ישראל סאלאַנטער האָט געוואָלט בעשאפען

אידען מיט גרויסע הערצער. דעריבער האָט ער געפאָדערט, אז דאָס לערנען זאָל ניט זיין מעכאניש. דער תלמיד זאָל זיך אי־בערהויפּט פּערטיפען אין יענע שטעלען פון דער גמרא, פון דער תורה, פון אנדערע פרומע ספרים, וואָס רעדען וועגען דעם ציעל פון מענשענס לעבען; ער האָט פערלאנגט, אז חוץ דער גמרא און איהרע מפרשים, זאָלען אין לערנען פאַרנעהמען א גרויסען אָרט די ספּעציעלע מוסר־ספרים, ווי צ. ב. דער „חובת־הלבבות" פון רבנו בחיי, דער „שבט־מוסר", דער „שערי תשובה" פון רבנו יונה, דער „ספר המדות" פון ר' יעקב דובנא און אנדערע ספרים פון אידישע רעליגיעז־פילאָזאָפישע דענקער. ער האָט פערלאנגט די תורה זאָל נעהרען ניט בלויז דעם קאָפּ, נאָר אויך דעם אידענס הארץ. דעם אידענס נשמה איז צופיעל פערטריקענט געוואָרען; די רבנות האָט אָנגעהויבען מאָראליש צו פאלען. ר' ישראל סאלאנטער האָט געוואָלט זעהן ביי אידען ניט בלויז גרויסע לומדים, נאָר אויך גרויסע אידען, שטאַרקע פערזענליכקייטען. אליין האָט ר' ישראל סאלאנטער ניט גע־וואָלט אָננעהמען קיין רבנות, כאָטש ער איז געווען איינער פון די גרעסטע גאונים אין זיין צייט. דאָס האָט אבער ניט פון עניוות געשטאַמט. די ראָלע פון א געוועהנליכען רב און „גאון" אפילו, האָט ר' ישראל סאלאנטער געהאלטען פאר זיך צו קליין. מ'דארף אויך זאָגען דעם אמת, אז אלס פערזענליכקייט איז ער ווירקליך געווען מיט צעהן קעפּ העכער פון אלע רבנים און גאונים פון 19טען יאהר־הונדערט. ס'איז איבעריג צו זאָגען, אז ביז איצט איז אין דער אָרטאָדאָקסישער אידישער וועלט ניט געבליבען קיין גלייכען צו איהם. ר' ישראל סאלאנטער האָט זיך ניט בענוגענט מיט דעם געדאנק צו שאפען א נייע רעליגיעז־פילאָזאָפישע בעוועגונג אין אידישען פאָלק. ער האָט געוואָלט, אז דאָס ליכט פון יודענטום, ווי ער האָט עס פערשטאַנען, זאָל שיינען אויף דער גאנצער וועלט. צוליעב דעם צוועק האָט ער זיך געמיהט, אז אפילו די קריסטליכע פעלקער זאָלען לערנען אין די שולען זייער יוגענד די עטיש־פילאָזאָפישע פּרינציפּען פון יודענטום.

דער גרעסטער טייל פון סאלאנטערס טעטיגקייט איז גע־

וועז אין אויסלאנד. זיין קראנקהייט אויף די נערוועז, האט איהם נעצוואונגען צו היילען זיך ביי אויסלענדישע דאקטוירים. בע־קאנט ווערענדיג מיט'ן אייראפעאישען יודענטום האט ער זיך איבערצייגט, אז די בערלינער און פאריזער אידען נויטיגען זיך מעהר אין „מוסר", ווי די רוסישע. און ער בעזעצט זיך אויף א געוויסע צייט אין פאריז. נאר אין אייראפא האט ער געהאט נאך ווייניגער ערפאלג, ווי אין רוסלאנד.

ר' ישראל סאלאנטער האט געוואלט בעשאפען א נייע סעקטע, א מין אידישען „מאנאכען־ארדען", נים אין דעם קריסטליכען זיין פון אייביג „הייליגע בחורים". די מוסר'ניקעס דארפען זיך אבשיידען בכלל פון דער זינדיגער וועלט און איהרע פערפיהרערישע תענוגים. דער מענש דארף זיין פעראייניגט מיט גאט; ער טאר א מינוט נים פארגעסען, וואו ער האלט אין דער וועלט. ר' ישראל סאלאנטער האט געוואלט בעשאפען א נייעם מין חסידיזם. אין אייניגע גרונד־שטריכען איז זיין „מוסר" ההנליך צו חסידיזם. אזוי ווי דער חסידיזם איז אויך דער „מוסר" בעשאפען געווארען אלס פראטעסט געגען דעם טרוקע־נעם פלפול. געגען דער ערציהונג פון קאפ, האט ער געפאדערט אויסבילדונג פון דער הארץ. דער חסידיזם איז אבער געוועזען געזעלשאפטליך און לעבענסלוסטיג, און ר' ישראל סאלאנטער'ס „מוסר" איז געוועזען אסקעטיש, כמורנע; האט פיינט געהאט די וועלט און געקעמפט געגען דאס לעבען. די מיטלען צו דערגריי־כען א הויכע שטופע פון א מוסר'ניק איז בעשטאנען אין איינ־זאמקייט, אין בכיות, אין פאראכטען די אויסערליכע וועלט און איהרע אינטערעסען.

ר' ישראל סאלאנטערס סיסטעם פון לערנען מוסר איז בעשטאנען נים אזוי אין לאגישער איבערצייגונג, ווי אין היפ־נאטישער ווירקונג פון ווערטער און פראזען, וואס ענטהאלטען די יסודות פון מוסר. ווען א מוסר'ניק חזר'ט איין הונדערט מאל צ. ב. אזא פראזע, ווי „אדם יסודו מעפר" (א מענש איז א שטיק ערד) אדער „סוף האדם — למות" (דער סוף פון'ם מענשען איז — דער טויט) וועלען שוין אויף איהם די תאוות פון דער וועלט קיין שליטה נים האבען.

די לעהרע פון ר׳ ישראל סאלאנטער, איז, ווי דער לעזער זעהט, א פינסטערע, א פעסימיסטישע. זי האט גאר ניט צו טון מיט דער געזונטער עטיק, וואס רופט צו זעלבסט־פערפאל־קאמענונג אין נאמען פון לעבען; וואס איהר ציעל איז צו שא־פען שענערע פארמען פון׳ם ערדישען לעבען; צו פעראיידלען די בעציהונגען צווישען מענש און מענש. זי איז דער פראדוקט פון א גרויסען גייסט, אבער פון א קראנקער, צובראכענער נשמה.

לאמיר יעצט זעהן, ווי אזוי אט די לעהרע האט זיך אבגע־שפיגעלט אין די צוויי הויפט־ישיבות, וואס סאלאנטערס תלמידים האבען פערפלאנצט: אין נאוואגרודאק און סלא־באדקע.

# סאלאַנטערס תלמידים.

צווישען ר׳ ישראל סאלאַנטערס תלמידים, וואָס האָבען געפּיהרט אַ ענערגישע און סיסטעמאַטישע אַגיטאַציע פאַר׳ן מוסר, האָבען פון איהר געמאַכט אַ בעוועגונג און שולען פאַר איהר בעשאפען — זענען די מערקווירדיגסטע דריי: ר׳ יצחק בלאַזער, אָדער ר׳ איצעלע פּעטערבורגער, ר׳ שמחה זיסעל און ר׳ נפתלי אַמסטערדאַם. דער ערשטער, איז אַזוי צו זאָגען, געווען דער טעאָרעטיקער פון דער מוסר־לעהרע. ער האָט די גרונד־פּרינציפּען פון דער נייער תורה פעסטגעשטעלט אין אַ ספּעציעלען ווערק „אור ישראל“. ער איז אויך געווען דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר און אדמיניסטראַטאָר פון דעם סלאַבאַדקער „קבוץ“ און גרינדער פון דער נאָוואָגרודקער ישיבה. אַ דאַנק זיין ענערגיע איז די בעוועגונג פערשפּרייט געוואָרען. משולחים זענען צושיקט געוואָרען אין אַלע עקען וועלט און האָבען געבראַכט אַ סך געלד. שפּעטער האָט ר׳ איצעלע פּעטערבורגער, צוליעב אינערליכע אונאָרדנונגען און צוליעב דעם קאַמפּף פון די געגנער, געמוזט פערלאַזען קאָוונאַ. ער איז אוועק אין פּאַלעסטינע, האָפענדיג, אַז דאָרט וועט איהם בעסער געלינגען צו פערשפּרייטען דעם מוסר, ווי אין רוסלאַנד.

דער צווייטער, ר׳ שמחה זיסעל, איז געווען דער בעסטער פּראָפּאַגאַנדיסט און לעהרער פון מוסר, ער האָט פערפלאַנצט אַ

ישיבה אין קעלם און איז צעהנדליגע יאהרען געשטאנען אן דער שפיץ פון דער ישיבה. ער האט געווירקט אויף זיינע תלמידים ניט אזוי מיט זיין לערנען, ווי מיט זיין פערזענליכקייט. די סלאבאדקער מוסר׳ניקעס האבען מיר געזאגט, אז ר׳ שמחה זיסעל׳ס א תלמיד איז אויפ׳ן גאנצען לעבען געבליבען טריי דעם מוסר. וואס פון איהם איז ניט געווארען — איין מאל, צו צוויי מאל אין יאהר האט ער געמוזט פאהרען צום רבי׳ן און פערברענגען א פאר וואכען אין דער ישיבה. ר׳ שמחה זיסעל האט געווירקט דורך זיין צערטליך, פאטערליך בעהאנדלען די תלמידים. ער איז אריינגעגאנגען אין דעם תלמיד׳ס פערזענ־ליכען לעבען. האט גענומען אנטייל אין אלע זיינע ליידען און פריידען. דורך דעם האט ער שטארק צוגעבונדען צו זיך די ישיבה־לייט. נאך יעצט דערמאהנען אומעטום די מוסר׳ניקעס זיין נאמען מיט דעם גרעסטען רעספעקט און ליעבע.

דער דריטער, ר׳ נפתלי אמסטערדאם, איז אם וועניגסטען בעקאנט אין דער וועלט. די וואס האבען געשריבען וועגען „מוסר" דערמאנט קיינער פון זיי ניט זיין נאמען. לויט אבער, ווי מיר האבען געשילדערט זיין פערזענליכקייט די סלאבאדקער מוסר׳ניקעס, איז ר׳ נפתלי אמסטערדאם, אהן א ספק, געווען דער מערקווירדיגסטער פון אלע ר׳ ישראל סאלאנטערס תלמידים. דאס איז געווען א קאמוניסט אין דעם זין פון די ערשטע קריסטען. ער האט ניט געקענט פארטראגען, אז אימיצער זאל האבען פאר איהם טרחה, אז אן אנדערער זאל טון אן אר־בייט, וואס ער אליין האט געקענט טון. אפילו זיין אייגענער ווייב האט ער געהאלפען טון די שווערע שמוציגע שטוב־ארבייט. צ. ב. ארויסגיסען די פאמוניצע, האקען האלץ און ד. ג. זיין ליעבע און צערטליכקייט צו זיינע תלמידים איז געווען אזוי גרויס, אז ווען א תלמיד האט ביי איהם גענעכטיגט, פלעגט ער, אויפשטעהענדיג אין דער פריה, געהן אויף די שפיצען פינ־גער, כדי ניט צו שטערן יענעם דעם שלאף. ער פלעגט דעם תלמיד אבגעבען זיין אייגענע קיסען, איהם בעדינען ביים עסען און טרינקען, כאטש יענער האט פראטעסטירט און, פער־שעהמט, געוואלט בעדינען זיין רבין.

א חוץ דעם איז ר׳ נפתלי אמסטערדאם געווען א פער־זענליכקייט, וואָס קאָן דינען פאַר א זעלטענעם מוסטער פון זעלבסטערציִגענקייט און זעלבסט־ארגאַניזירטקייט. זיין טאָג איז געווען שטרענג צוטיילט: צו גאָט, צו מענשען און צו זיך אליין. יעדע ארבייט האָט געהאט איהר צייט. פון אויפשטעהן ביז לייגען זיך איז אלעס ביי איהם געווען אויסגערעכענט אויף דער מינוט און אויסגעפיהרט אויף א האָר. און דאָס אלץ איז געווען נאַטירליך, ניט געקינסטעלט און אָהן גריבלענעס און פאַרקענעס. אין די ביאָגראפיעס פון גרויסע מענער, געפינען מיר נאָר ביי איבסענען אזא ארגאַניזירטען פערזענליכען לעבען.

די גרעסטע ווירקונג אויף דער מוסר־בעוועגונג האָט אבער געהאט ר׳ שמחה זיסעל. זיינע צוויי תלמידים ר׳ יהושע הערש און ר׳ יוזעל זענען די פיהרער פון די צוויי גרעסטע ישיבות אין אידישען תחום: די סלאָבאָדקער און נאָוואָגרודקער.

# נאָוואָגרודקער מוסר׳ניקעס.

צו מאכען א ישיבה דארף מען האָבען געלד. דאָס האָט ר׳ יוזל, „דער מאן פון די לעבער“ זעהר גוט געוואוסט. איז די ערשטע זאך געווען צו קריגען פעטע אָנהענגער, וועט שוין געלד זיין במילא. פערשטעלט זיך ר׳ יוזל פאר א רבי, קומט אין א דאָרף אין קורלאנד, וואו ס׳האָט געוואוינט א רייכער זעהר א פערפרומטער ישוב׳ניק, פון וועלכען ער האָט שוין געהאט פריי־הער אַ ידיעה, אז דאָס קען זיין א „העכט“. שטעלט ער זיך מיט דער פוהר אויפ׳ן גאס (דאָס איז געווען ערב שבת) בעט מען איהם אין שטוב אריין. זאָגט ער: „ער טאָר ניט: אין שטוב זענען „נשים“ און ער קוקט ניט אויף „נשים“. גרייט מען פאר איהם צו א שפּייכלער. אין שפּייכלער פערברענגט ער דעם גאנ־צען שבת אין „דבקות“ „בכיות“ און „יללות“, און אנדערע מכלומרשט רבי׳שע שטיק. דערווייל דערצעהלט דער שמש אין שטוב די מופתים פון „צדיק“.

זונטאג פאהרט ער אוועק פון ישוב׳ניק מיט א האַרטע מטבע.

דער פונדאמענט איז שוין דאָ. מ׳דאַרף אבער נאָך. שיקט צו גאָט א פרומען טייטשישען אידען, איינעם א לאכמאן, א רייי־כען סוחר, אן אלטען בחור, און ער גיט טויזענד׳ער רובל א יאָהר אויף אויסהאלטען דעם „קבוץ“. די ישיבה איז דאָ. איצט שטיקט מען פארנאנדער אויף דער גאנצער וועלט משולחים קלייבען געלד. ר׳ יוזל קען אויסקלייבען זיינע מענשען. זיי פאָהרען אי־בער דער וועלט, דערצעהלען נסים און נפלאות, מאכען דער

ישיבה א שם. עס לויפען אַן קלויזניקעס צו לערנען תורה און מוסר צוזאַמען. עס שיט זיך געלד.

אין דייטשלאַנד און אין אמעריקא זענען דאָ א סך פרומע און רייכע אידען, וואָס האַלטען שטאַרק פון מוסר. ניט ווייניג אויך אין אַנדערע לענדער. די משולחים מאַכען שטיקער געלד. דאָס קענט איהר זעהן פון דעם וואָס מ'דערצעהלט אויף דעם משולח, וואָס פאָהרט ארום איבער מערב־אייראָפּאַ. ער גיט, דערצעהלט מען, אייך בסוד א געוועזענער מוסר'ניק, זיין טאָכ־טער 4 טויזענד רובל נדן; האָט אַן אייגען הויז. מ'שאַצט איהם אין 20 טויזענד רובל. געווען איז ער א קבצן — א מלמד... נאָך בעסערע געשעפטען מאַכט דער אמעריקאַנער משולח. זיין פאָר־טער — פאַרטרויט אייך א צווייטער געוועזענער מוסר'ניק, — וועט איהר ניט נעהמען מיט 300 רובל. ער איז אָנגעשטאָפּט מיט געלד, האָט געעפענט א גרויסען מאַנופאַקטור־געשעפט.

ר' יוזל אליין פאָהרט אלע יאָהר אין דובעלן באָדען זיך אין ים און אָנטאָן זיך וואוילטאָג. דאָס קאָסט אב שענע הונדער־טער.

און וואָס איז מיט דער ישיבה? וועט איהר פרעגען. עט־ליכע אדיוטאַנטען ר' יוזל'ס, עלטערע יונגע לייט, און זיינע געהיים־אַגענטען און אַגיטאַטאָרען, בעקומען פון 5 ביז 8 רובל א וואָך און מעהר. די איבעריגע ישיבה־בחורים גיט מען פון דרייסיג קאָפּ. ביז א רובל א וואָך; און דאָס צאָהלט מען ניט מזומן, נאָר מיט צעטלאך. אז מ'קומט אבער צו ר' יוזל'ען מאַה־נען מ'ט צעטלאך, בעקומט מען, אנשטאַט געלד, אָפּט פוס־וועה־טאָג און ניט זעלטען גאָר ארויסגעטריבען. דעריבער איז דער קורס פון ר' יוזל'ס „אקציעס" שטאַרק ניט געהויבען און שטעהט זעלטען העכער פון 50 פּראָצענט.

און אז ס'וואָלט ניט געווען עלקע־חנה, א אידענע מיט א פרומער נשמה און א גוט הארץ, וואָס מאַכט אויף אין שטעד־טעל ברויט פאַר די פערהונגערטע מוסר'ניקעס, וואָלטען געוויס דריי פערטיל פון זיי געשטאָרבען פון הונגער. א סך מוסר'ניקעס פערפיהרען קוים די ביינער א היים. א געוויסען פּראָצענט גיט די ישיבה אב אויף דעם ווילייקער משוגעים־הויז...

## אין וואס בעשטעהט נאוואגרודקער מוסר?

אין דער נאָוואָגרודקער ישיבה איז דער מוסר דער עיקר און דאָס לערנען א ביי זאך. בחורים לומדים — ערקלערט מיר א געוועזענער מוסר'ניק — פערטרייבט מען. א מתמיד איז א חסרון. אויפ'ן לערנען איז ניטאָ קיין ראש־ישיבה, ניטאָ קיין שום השגחה. צוויי בחורים איז פערווערט צו לערנען צוזאמען איין מסכתא: טאָמער וועלען זיי זיך מפלפל זיין, ארייננטון זיך אין לערנען, וועט דאָס ברענגען שאָדען דעם מוסר... און איי־דעם ר' יוזילס האָט געוואָלט מיט די בחורים פערברענגען אין לערנען, האָט מען איהם פערטריבען.

די גאנצע וועלט איז פאר'ן מוסר'ניק א שטאל פון בהמות, א מיסט־קאסטען אָנגעפילט מיט שמוץ. די גרעסטע רבנים און גאונים זענען ביי זיי פערעכענט פאר אפיקורסים, ווען נאָר זיי האלטען ניט פון מוסר לויט זייער סיסטעם.

דער טאָג פון די מוסר'ניקעס ווערט איינגעטיילט אזוי: א שעה אין טאָג לערענט מען מוסר צוזאמען אין דער ישיבה אליין. דערצו איז פאראן א בעזונדערע פינסטערע מוסר־שטי־בעל. דאָרט געהט מען אום איינציגווייז; דאָרט לערנט מען ניט פון קיין ספר. מ'כאפט עפּעס אָן א האלבע פראזע, א שטוינער ווי: „למה לי חיים?" (וואָס טויג מיר דאָס לעבען?) די פראזע חזר'ט מען איבער הונדערט מאָל אומלויפענדיג היין און צוריק, קלאפּענדיג זיך מיט די פויסטען אין קאָפּ מיט געוואלדען, גע־

וויינען און יללות. מ'איז זיך מתודה אויף די עבירות. אפילו קליינע קינדער פון 10—12 יאָהר, ווען איהר נעהט פארביי, בשעת מעשה, און הערט דיווילדע קולות, דאכט זיך אייך, אז איהר שטעהט פאר א משוגעים־הויז.

צוויי אזייגער ביי טאג איז — די „בירזשע". דאן ווערען פערמאכט די גמרות און די מוסר'ניקעס לאָזען זיך ארומלויפען איבער'ן הויף פון דער ישיבה אין קליינע הייפלאך, געוועהנליך פון דריי: א גרויסער מוסר'ניק אין מיטען און צוויי קליינע ביי די זייטען. דא, אויף דער בירזשע, ווערט געפיהרט די פראָפאַ־גאנדע פון מוסר: ווי אזוי מבטל צו זיין די גאנצע וועלט און פיינד האָבען אלע געננער פון מוסר, עס מעגען זיין אפילו אייגענע עלטערן. עס זענען טאקע אויך געווען פאלען, ווען א זוהן האָט ניט געוואָלט רעדען מיט'ן טאטען, ווען ער איז געקומען געוואהר ווערען איהם.

א חוץ די „התבודדות" און דער „בירזשע" איז פאראן ביי די מוסר'ניקעס א „ועד". יעדען טאָג קלויבען זיך אויף גרופּעס בחורים און בעטראכטען עצות, ווי אזוי מלחמה צו האלטען מיט'ן יצר הרע. יעדער פון „ועד" האָט א ביכעלע, וואו ער פער־שרייבט די עבירות פון גאנצען טאָג. פונקט ווי א פרומער קריסט פאר'ן גלח, אזוי מוז יעדער מוסר'ניק אויסלייענען אלע זיינע עברות פאר'ן „ועד". דער „ועד" לעגט ארויף א קנס (געלד שטראף) אָדער „סגופים" (קערפערליכע פייניגונגען) און „מלקות". דאגעגען ווערט אויך אין זעלבען ביכעלע פערציי־כענט: וויפיעל מאל האָט דער מוסר'ניק איינגענומען דעם „יצר־הרע." דהיינו: ווען עס ווילט זיך שטארק לערנען, זאל מען אויף צו להכעיס דעם „יצר הרע" פערמאכען די גמרא אויף א וואָך, אויף א חודש. ווען מ'איז שטארק הונגעריג, זאל מען אויף צו פוקענעם דעם „יצר־הרע" דוקא ניט עסען, ווען אפילו עס איז דאָ וואָס. די שרעקליכסטע עברות פון דעם מוסר'ניק, זענען, א שטויגער: האָבען זינדיגע געדאנקען, רעדען מיט א מעדעל, אָדער קוקען אויף איהר; רעדען „דברים בטלים", דאוונען אָהן כונה. קנס פאר אנ'עבירה איז פון דריי ביז 5 קאָפּיקעס, אָדער

דריי טעג ניט קומען אין שטאָדט און ארומבלאָנדזשען אין וואלד.

דער קאמפּף געגען יצר הרע פון כבוד הייסט ביי די מוסר־ניקעס א „פּרט אויף כבוד". דערצו ברויכען זיי די משונה'דיגסטע, ווילדעסטע מיטלען, ווי: אָנטון זיך בזיונות, מאכען זיך משוגע, מ'זאָל פון זיי לאכען. צום ביישפּיעל: זומער אין רעכטען תמוז, טוט מען זיך אָן א פּוטער, א קוטשמע און קאלאָשען, מ'וויקעלט ארום די פּיס מיט שמאטעס און מ'געהט אזוי איבער די גאסען. אָדער: מ'טוט זיך אָן אין יאַרמע און קאלאָשען, מ'וויקעלט ארום די פיס מיט שמאטעס און מ'געהט אזוי איבער די גאסען. אָדער: מ'טוט זיך אָן אין יאַרמולקעס און תפילין, מ'קעהרט אוים די בגדים אויף דער לינקער זייט און מ'לאָזט זיך אזוי „פּראנטעוועון" איבער די גאסען, כדי צו ווייזען פעראכטונג צו דער וועלט. אדער: מ'לאָזט זיך געהן איבער די הייזער קלייבען נדבות, אָדער בעטען מחילה ביי אונבעקאנטע בעלי־בתים. איינער איז אריין צו א קרעמער בעטען א הלואה פון 5000 קערבלאָך. א צווייטער האָט זיך אָנגעהאנגען אויף א וואָגען האָלץ און איז אזוי אריין געפאָרען אין שטעדטעל. איינער פון די „פּער" פון די מוסר'ניקעס איז אריין צו א נאָוואָגרודקער גביר און דערלאנגט איהם שלח־מנות פון מנהל — א בעזים... מ'האָט איהם, נאַטירליך, דורכגעטריבען, און דאָס האָט ער געמיינט...

א חוץ דעם איז דאָ ביי די מוסר'ניקעס „עשירי קודש" ד. ה. יעדער צעהנטער טאָג אין חודש איז הייליג. דעם טאָג מוז מען אינגאנצען אבגעבען דעם מוסר לערנען, א גאנצען טאָג און א גאנצע נאכט, ביז מ'פאלט אנידער אָהן קרעפטען. דאָס איז אָבער אלץ גאָר גישט אנטקעגען „ימים־נוראים" — די „מוראדיגע טעג" פון ראש חודש אלול ביז יום כפור. דאן איז א'ן דער ישיבה ממש „בעלאגערונגס־צושטאנד." נאָך צוויי וואָכען פאר ראש־חודש אלול ווערען שוין צוגעשלאָסען די גמרות און דער קאמפּף געגען דעם יצר־הרע געהט אויף לעבען און טויט. דאן שטעהט אין דער ישיבה איין ווילדע, שרעקליכע פערצוויי־

פעלטע וויינערייי און קלאַגערייי און אַ משוגע׳נער אומלויפֿען, ווי פֿון צושראָקענע שעפּסען אין אַ פֿייער. און אַט די שרעק־ליכע טעג, ווער עס פֿער׳גנב׳עט זיך אין בית־המדרש לערנען, יענער איז אַ פֿערברעכער.

כדי די חאַראַקטעריסטיק פֿון די נאָוואָגרודקער מוסר׳ניקעס זאָל זיין פֿאָלקאָם, דאַרף איך צוגעבען נאָך אַ פֿאַקט, וואָס מיין בעקאַנטער, געוועזענער מוסר׳ניק, האָט מיר מיטגעטיילט, שוין נאָך מיין אוועק פֿאָהרען פֿון נאָוואָגרודאָק. אַ בחור האָט זיך געוואָלט מאַכען אַ „סגוף" (פּייניגען זיך), אויף זיינע עבֿרות. איז ער אוועק אין גאַרדילאָווקער וואַלד, וואָס לע־בען שטעדטעל (דאָרט וואו ר׳ יוזל׳ס שטיבעל איז, וואו ער פּראַוועט „התבודדות"), אַרויפֿגעקראַכען אויף אַ בוים און זיך אין דער הויך צוגעבונדען, עס זאָל אָוּסקומען ווי געהאַנגען. אַ קריסט איז גראַד פֿאַרבייגעגאַנגען. זעהט ער: אַ מענש הענגט. האָט ער געגעבען צו וויסען פּאָליציי. נאָר, ווען פּאָליציי איז געקומען, האָט מען איהם שוין ניט געפֿונען. די גאַנצע שטאָדט האָט געקאָכט מיט דער געשיכטע.

מ׳קען ניט זאָגען, אַז אין דער ישיבה איז ניטאָ קיין „רעוואָלוציאָנערען". איינער פֿון זיי איז מיין בעקאַנטער, וועל־כער האָט מיר געגעבען געוויסע היסטאָרישע מאַטעריאַלען וועגען ר׳ יוזל און די מוסר׳ניקעס. ער האָט פֿערלעבט אין דער ישיבה, צווישען די מוסר׳ניקעס, אַ סך יאָהרען. יעצט איז ער אַ לעהרער אין אַ שטעדטעל אויף תלמוד און העברעאיש און האָט סמיכה אויף רבנות. איהר זעהט, אַז דאָס איז ניט קיין אפּיקורס אין ערנסטען זין. דאָס איז אַ יונגער מענש, אַביסעל אַ דענקענדער און מיט אַ פֿיהלענד האַרץ. עס טוט אָיהם שטאַרק לייד פֿאַר די מוסר׳ניקעס־יוגענד, צווישען וועלכע ס׳זענען דאָ אַ מאַסע קינדער פֿון 10־12 יאָהר. ער קעמפֿפֿט אָפֿען און דרייסט מיט ר׳ יוזל׳ען. מ׳האָט איהם אפילו געוואָלט אונטערקויפֿען מיט אַ וועכענטליכען געהאַלט. נאָר ער האָט זיך ניט געלאָזען.

מיט אַ קורצע צייט צוריק איז פֿאָרגעקומען אין דער ישיבה

א מין רעוואָליוציע. א גרופּע מוסר׳ניקעס האָבען געוואָלט מעהר פערברענגען אין לערנען. צווישען די פערשוואָרענע איז אויך געווען ר׳ יוזלס איידעם. נאָר ר׳ יוזל האָט די „רעוואָלוציע" פריה־צייטיג דערשטיקט, אזוי צו זאָגען, אין וואָרצעל. דעם איידעם האָט ער ארויסגעטריבען. די גרופּע רעוואָליוציאָנערען, וואָס האָבען זיך פערבענקט נאָכ׳ן לערנען, זענען אין א שענעם פריה־מאָרגען בעפאָלען געוואָרען פון א מחנה געגנער. מ׳האָט זיי מיט שטעקענס גענומען טרייבען פון בית־המדרש. אויפ׳ן ליארים איז אָנגעקומען פּאָליציי און די זאך איז אָנגעקומען צום געריכט.

אויסערליך, פאר דער וועלט, איז ר׳ יוזל׳ס ישיבה כלומרשט א ישיבה פאר לערנען גמרא, בלויז מיט אביסעל מוסר, אינער־ליך איז דאָ אבער א שטרענג יעזואיטישער רעזשים. אין דער ישיבה געפינען זיך 150 בחורים. א גרויסער טייל פון זיי זענען, ווי געזאָגט, קינדער פון 12 און אפילו פון 10 און 9 יאָהר. ר׳ יוזל האָט צווישען די ישיבה־לייט זיינע געהיימע אַגענטען, וואָס גיבען אכטונג אויף יעדען קעהר און ריהר פון די איבריגע ישיבה לייט, ווען איינער וויל פשוט לערנען, ווערט ער פער־האסט און געיאגט. פערקעהרט: איינער מעג זיין א פראסטער קאָפּ. א גאָר נישט, בעקומט ער פיינע אונטערשטיצונג און שפּיעלט א גרויסע ראָליע אין דער ישיבה, ווען ער איז נאָר געהאָרזאם און טריי. דערפון ענטוויקעלט זיך פאלשקייט, חניפה און צביעות צווישען די בחורים. אזוי קענט איהר זיך, א שטוי־נער, אנשטויסען אויף אזא מין סצענע: איינע פון די מוסר־ניקעס האָט נאָר וואָס געענדיגט די פּאָרציע „מוסר", וואָס איז בעשטאַנען אין אומלויפען איבער׳ן שטיבעל און שרייען מיט ווילדע, משונה׳דיגע קולות: אי, גוואלד! „לא ירבה לו נשים!" (מ׳טאָר ניט האָבען קיין סך ווייבער) אָדער: „יזכור יום המיתה". (מ׳זאָל געדענקען דעם טאָג פון טויט). (איהר דאַרפט ניט פערגעסען, אז דאָס שרייען אָפּט 14־15 יאָהריגע אינגלאך). געענדיגט די פּאָרציע מוסר, און טוען שוין אָן די מאנטלען צו געהן. אין מיטען דערינען געהט אריין ר׳ יוזל. אויפ׳ן גאס זאָגען די בחורים איינער צום אנדערן: „חאי וואָלט

ער דאַס קומען פריהער, וואָלט ער דאָך הערען, ווי איך האָב נעלערענט מוסר מיט התפעלות, וואָלט ער מיך האַלטען פאַר אַ „מצוין" (אַן אויסגעצייכענטען — אַ טיטעל פון אַ גרויסען בעל־מוסר).

מיט וואָסער „בארמהערציגקייט" ר' יוזל בעציהט זיך צו די ישיבה־לייט און צו מענשען בכלל קען מען זעהן פון אַט דעם פאַקט: עס קומט אריין צו איהם אַ פערהונגערטער, פערמור־טשעטער בחור בעטען עטליכע קאָפּיקעס אויף ברויט. ר' יוזל פאַלט אויף איהם אַן: ווי אַזוי האָט ער די העזה צו רעדען וועגען „גשמיות" און פרעגט ביי איהם שאלות: „מאין באת?" וואָס איז אַ מענש! ביז דער בחור געהט אוועק אַ דערשלאָגע־נער, אַ פערצווייפעלטער.

אַט איז אַן אַנדער סצענע: ס'קומט צו ר' יוזלען אַן אָרי־מע אידענע. איהר קומט 50 רובל, וואָס זיינער אַן איידעם האָט ביי איהר אָנגענעסען. ר' יוזל דערקענט איהר ניט. ווער איז די ווייבעל? פרעגט ער. ארויס! ניטאָ קיין געלד! די ווייבעל וויינט, פאַלט אין חלשות. ר' יוזל'ען אבער ריהרט דאָס ניט. ער הייסט איהר ארויסוואַרפען. אליין פונדעסטוועגען עסט ער און טרינקט פון דאָס שענסטע און דאָס בעסטע און געהט אין אַ פוטער פון 300 רובל.

קורץ: די נאַוואָגרודקער ישיבה איז אייגענטליך קיין ישיבה ניט. דאָס איז אַן אינקוויזיציע, אַ משוגעים־הויז. ר' יוזל, איז אָהן אַ שום ספק, אליין אויך אַ גייסטיג קראַנקער מענש, דער הויפּט משוגענער אין דער אַנשטאַלט, וועלכער שפּיעלט אבער דאָ זעהר אַ טרויעריגע ראָליע פון אַ גרוים־אינק־וויזיטאָר. עס איז פשוט אונמעגליך צו גלויבען און דאָך איז עס אַ שרעקליכער פאַקט, אַז אין די הענד פון אַזאַ מענשען ווערען אָנגעטרויט הונדערטער קינדער, וועלכע געהען ארויס פון דאַנען צעקאַליעטשעטע, קערפּערליך און גייסטיג אויף אַלע מאָל, אויב מ'האָט זיי ניט פריהער ארויסגעפיהרט פערפיינינגטע אויפ'ן נאַוואָגרודקער „בית חיים", אָדער מ'האָט זיי ניט אוועקגעפיהרט אין ווילייקער משוגעים־הויז.

# ר׳ יוזל „דער מאן פון די לעכער".

ר׳ יוזל „בעל החורים" (בוכשטעבליך פערטייטשט: דער מאן פון די לעכער) דער פיהרער פון די נאוואגרודקער מוסר׳ניקעס — איז געווים איינער פון די באריהמטעסטע און מערקווירדיגסטע טיפען אינ׳ם ארטאדאקסישען יודענטום פון אונזער צייט. דאס איז אייגענטליך א קליינער מענשיל, וואס האט געזאלט זיין א קליינער רב׳ל אין א קליין שטעדטעל. מיט א טיעפער נייגונג צו א ווילדער פרומקייט, ווי א סך אנדערע רב׳לאך אין פערווארפענע שטעדטלאך, פערמאגט ער אבער די שטרעבונגען פון א קאריעריסט. ער האט דעם גרויסען יצר־הרע צו זיין א פיהרער, ניט בעזיצענדיג דעם טאלאנט דערצו. ער איז אבער א מאן מיט א מורא׳דיגער ענערגיע און די רוסישע רעאקציע האט איהם ארויסגערוקט און געגעבען די מעגליכקייט צו שפיעלען א ראליע אין איצטיגען מאמענט: דער נאמען ר׳ יוזל איז ביי אלעמען אין די מיילער. עס קלינגט מיט איהם דער גאנצער תחום.

ר׳ יוזל איז א זוהן פון א קליינשטעלדיגען רב אין קאוונער גובערניע. אין דער יוגענד איז ער געווען א סוחר. צוליעב מסחר פלעגט ער פאהרען אפט אין פרייסען. דאן האט ער זיך בעקענט מיט ר׳ ישראל סאלאנטער. די פערזענליכקייט פון סאלאנטער און די תורה פון מוסר האט איהם שטארק צוגעצויגען. ער פערלאזט דעם מסחר און ווערט ר׳ שמחה זיסעלס א תלמיד. שפעטער הויבט ער אליין אן צו אגיטירען און ארביי־

טען אויפ'ן אייגענעם רעכענונג. זיין פּראָפּאַגאַנדע פיהרט ער אויף א ווילדען שטויגער. ער געהט אוועק פון מענשען און בע־זעצט זיך אין סלאָבאָדקע אין א שטיבעל, וואו ער פיהרט א לעבען פון שטרענגער איינגעשלאָסענקייט און איינזאמקייט. אום אבצורייסען זיך אין גאנצען פון מענשען הייסט ער פערשלאָ־גען אין גאנצען אין דער שטיבעל טיר און פענסטער. אין וואנט מאכט ער צוויי לעכער — א „מילכיגע" און א „פליישיגע". דורך די דאָזיגע לעכער האָט מען איהם דערלאנגט עסען. פון דעמאָלט אָן האָט מען איהם געקרוינט מיט'ן טיטעל ר' יוזל „בעל החורים".

וואָס איז דאָס געוועזן: אנ'אנפאל פון וואהנזין? א שווינ־דעל? אדערביידע זאכען צוזאמען? אלענפאלס האָט די מעשה מיט די לעכער געמאכט אין קאָוונא א מורא'דיגען רעש. די דונקעלע מאסע האָט איהם שוין געקרוינט פאר א הייליגען. נאָך די צייט פון „למד־וואָווניקעס", איז שוין אוועק. געגען די ווילדע מעשים פון ר' יוזל האָבען אָנגעהויבען פיהרען א קאמפף אי די פרומע, אי די פרייע. דער קלאנג איז דערגאנגען צום גובערנאַטאָר און ער האָט געהייסען אויפברעכען די שטיבעל און האָט ארויסגעשיקט ר' יוזל'ן פון קאָוונא.

די געשיכטע מיט די לעכער האָט זיך געענדיגט, צו אלע־מענס איבערראשונג — ראָמאנטיש. ר' יוזל האָט באלד נאָך דעם חתונה געהאט (צום דריטען מאָל) מיט זיין צווייטער ווייבס שענער פלימעניצע, וואָס האָט ביי איהם זריהער גע־דינט און, נאָך זיין ווייבס טויט, געטראָגען איהם עסען אין שטיבעל דורך די לעכער. לצים זאָגען, אז דער גאנצער אָנשטעל איז געוועזן ניט מעהר, ווי אן איינפאל פאר ליעבעס־טרעפונגען צווישען איהם און דער מיידעל. באלד נאָך דעם גרינדעט ער דעם קבוץ אין נאָוואָגרודאָק.

# סלאבאָדקער ישיבה.

אַ גאַנץ אַנדער איינדרוק, ווי די נאוואגרודקער ישיבת, מאכט די סלאָבאָדקער. דאָ נעהמט דער מוסר ניט אַן אַזאַ ווילדע געשטאַלט, ווי דאָרטען. די ישיבה־לייט געהן אַרום זיך ריינליך, קורץ געקליידט, מיט ריינע העמדער, אָדער מאַנישקעס, ווייסע קראַגען און ווייכע היט. אַנדערע געהען אין שוואַרצע העמדלאַך, אָבער ריינליך. איך האָב בעזוכט די ישיבה, האָב מיט אַ סך פון די יונגע לייט דאָרט פאַרבראַכט; האָב בעזוכט איינינע פון זיי אין דער היים. מיט זיי איז גאַנץ אינטערעסאַנט צו רעדען. זיי שטימען אויף קיין פאַל ניט איין מיט זייערע נאוואגרודקער חברים. ר' יוזל'ס נאָמען ווערט דאָ ניט אויסגעשפּראָכען מיט סימפּאַטיע. זיי האָבען אויפגענומען דעם מוסר אין דער ריינערער פאָרם פון ר' ישראל סאַלאַנטער און זיין הויפּט תלמיד — ר' שמחה זיסעל. דאָ ווערט מעהר אַכט געלעגט אויף דער געזעלשאַפטליכער זייט פון „מוסר". די ישיבה־לייט זענען צווישען זיך ברידערליך אויפגעבונדען. האָבען אַ גענענזייטיגע הילפס־קאַסע. קומען איינע די אַנדערע צו הילף אין פאַל פון אַ נויט, אָדער קראַנקהייט. די וואָס האָבען שוין פערלאָזען די ישיבה שטעהען אָפט אין שטענדיגער שריפטליכער פערבינדונג מיט זייערע געבליבענע חברים. נויטיגט זיך איינער פון זיי אין עפּעס, דאַרף ער נאָר מעלדען אין דער ישיבה, ווערט איהם גלייך אַרויסגעשיקט געלד און עס ווערט פאַר איהם בכלל אַלץ געטהון, וואָס נאָר מעגליך. אַ סך פון די סלאָבאָדקער מוסר'ניקעס בעזוכען די קאָוונער אידישע ביבליאָטעק, לעזען צייטונגען און ביכער אין אידיש, רוסיש און דייטש. איינינע פון זיי לעזען פלייסיג ניטשע, דאָסטאָיעווסקי און טאָלסטאָי. נאַטירליך איז זייער גייסטיגער באַגאַזש ניט זעהר קיין

רייכער. נאָר דערפאַר איז דאָ אין דער הינזיכט פון מאָראַלישער ריינקייט, תמימות, הארציגקייט, פילייכט דער בעסטער עלע־מענט פון דער אידישע יוגענד, דער יעניגער, וואָס שטרעבט ניט צו א מאטעריאליסטישער קאריער, נאָר צו מאָראַלישער פאָלקאָ־מענהייט; וואָס זוכט ניט אזוי דאָס לעבען, ווי די ווארהייט פון לעבען.

---

איך האָב איינעם פון די סלאבאדקער ישיבה־לייט אויפ־מערקזאם געמאכט, אז דער איצטיגער קוק אויף דער עטישער ערציהונג קען דאָך ניט זיין דער זעלבער, ווי פון די אלטע אי־דישע מוסר־ספרים; אז פון דער ישיבה קענען, אין בעסטען פאַל, ארויס רבנים, ראשי ישיבות, מלמדים און קרעמער; אז דאָס אי־דישע פאָלק אין רוסלאנד שטעהט פאר א קאטאסטראָפע אין זיין עקאָנאָמישען לעבען, און די איינציגע רעטונג בעשטעהט נאָר אין דער ערציהונג פון דער אידישער יוגענד צו שאפענ־דער ארבייט; אז די עטישע ערציהונג מוז איינשליסען די ער־ציהונג פון קערפער און גייסט צוזאמען אויף דעם גרונד פון די געזעלשאפטליכע און נאטור־וויסענשאפטען פון אונזער צייט; אז די ישיבה איז ניט די יעניגע פאָלקס־שולע, וועלכע מיר האָ־בען נויטיג. דער ישיבה־מאַן האט מיך פאָלקאָם פערשטאַנען. נאָך מעהר: דער מוסר'ניק האָט מיר מודה געווען, אז דאס איז אלץ ריכטיג. אבער אַן אמת'ע פאָלקס־שול פאר גייסטיגער און עטישער ערציהונג קען די יוגענד אליין ניט שאפען פאר זיך. דאָס מוז טון די אינטעליגענץ, די געזעלשאפט. די געבילדעטע געזעלשאפט קימערט זיך אבער וועגען דעם ווייניג. זי איז פער־טאָן אין שאפען איהר אייגענע קאריער. וואָס זשע זאָלען טון די 400 תלמידים פון סלאבאדקער ישיבה, וואָס קענען ניט און ווילען ניט זיין קיין עקסטערניקעם, קיין דיפּלאָם־אינטעליגענ־טען; די אידעאלע יונגע לייט, וואָס זוכען די ווארהייט אין לעבען, וואָס זוכען א בעפרידיגונג פאר זייערע איידעלע האר־ציגע שטרעבונגען? זיי מוזען געהן אהער, ווייל קיין אנדער אָרט האָבען זיי ניט.

וואָס האָב איך איהם געקענט ענטפערן?

# ר׳ איצעלע וואָלאָזשינער און ר׳ הערש ליב.

א קורצע צייט פאר מיין בעזוך אין וואָלאָזשין, איז דאָרט פארגעקומען זעהר אן אינטערעסאנטער סטרייק. א סטרייק פון די ישיבה־לייט געגען משגיח און געגען דעם מנהל (פיהרער) פון דער ישיבה. דער סטרייק איז געפיהרט געוואָרען מוטיג, ענערגיש און סאָלידאריש.

בשעת מיין בעזוך אין וואָלאָזשין איז דער סטרייק געווען אין רעכטען ברען. די ישיבה־לייט האָבען זיך געהאַלטען פעסט און געווען זיכער אין דעם זיעג. דער משגיח מיט דעם מנהל זענען אנטלאָפען. די קלויזניקעס זענען געווען די פולע באַלעבאַטים פון דער ישיבה.

דער סטרייק איז גאָר ניט געווען פערבונדען מיט מאטע־ריעלע פאָדערונגען. דאָס איז געווען א ריין פרינציפּיעלער קאַמפּף — א קאַמפּף פאר רעכט און צו דערזעלבער צייט — פאר די פרינציפּען פון דער וואָלאָזשינער ישיבה.

צו פארשטעהן דעם קאַמפּף מוז מען אָנהויבען אביסעל פריהער: בעטראַכטען די היסטאָריע און די אינערליכע אָרד־נונגען פון דער ישיבה.

די וואָלאָזשינער ישיבה איז געגרינדעט געוואָרען פון דעם ווילנער גאון׳ס תלמיד — ר׳ חיים וואָלאָזשינער. נאָר, א חוץ ר׳ חיים׳קע וואָלאָזשינער, האָבען נאָך צוויי פּערזאָנען גע־שפּילט זעהר א וויכטיגע ראָלע אין דער ענטוויקלונג פון דער ישיבה, ווי אויך אין׳ם לעבען פון די רוסישע יודען, בכלל. די

**צוויי פערזאָנען זענען: ר׳ איצעלע וואָלאָזשינער, ר׳ חיים׳קעס זוהן, און זיין איידים — ר׳ הערש ליב בערלין.**

פאַר ר׳ איצעלען איז די ישיבה געפאַלען. ס׳איז דעמאָלט אין קאָפּ ניט געווען. ס׳איז אָנגעקומען דער „שטורם און דראַנג" פון דער השכלה. ס׳איז געווען די עפּאָכע פון לילענטאַל, מאַנ־דעלשטאַם, מאַפּו, אייזיק מאיר דיק. ניקאָלאַי און זיין מי־ניסטער אובאַראָוו האָבען זיך געבעטען ביי יודען: נאָט אייך שקאָלעס, אוניווערזיטעטען, גימנאַזיעס! אַבי בילדעט זיך! זייט מיט לייטען גלייך!

מען האָט דעמאָלט איינגערופען אַן אסיפה אין פּעטער־בורג פון רבנים און כלל־טוער, מיט ר׳ איצעלען אָן דער שפּיץ. ר׳ איצעלע וואָלאָזשינער איז געקומען אין פּעטערבורג אין אַ לאַנגען זיידען־געבלומטען טלית־קטן, עהנליך צו דער „ריזע" פון אַ רוסישען גלח. אָט דער טלית־קטן געפינט זיך נאָך איצט אין וואָלאָזשין ביי זיינע אייניקלעך. אין דעמזעלבען טלית־קטן האָט ער געדאַוונט, געלערנט, געגעסען; אָהן איהם — פון שטוב ניט אַרויס. אין איהם איז ער שטאָלץ און פריי געקומען צום מיניסטער אובאַראָוו. די רעגירונג איז ניט געווען צופרידען פון די יודישע מלבושים. זי האָט פערלאַנגט די יודען זאָלען זיך „טייציש" קליידען, זאָלען זיין אייראָפּייער, „מיט לייטען גלייך".
דער מיניסטער האָט אַ קוק געטאָן אויפ׳ן וואונדערליכען „טלית־קטן" און געפרעגט ר׳ איצעלען: פאַר וואָס עפּעס טראָגט ער אַזאַ משונה׳דיגען „טלית־קטן" און די ציצית — ביז דער ערד, און לילענטאַל — ניט? איז דען לילענטאַל ניט דערזעלבער יוד?

ר׳ איצעלע איז אַ מינוט ניט געווען אין פערלעגענהייט.
— עס שטעהט — זאָגט ער — אין דער תורה „וראיתם אותם וזכרתם"... איהר וועט זיי, די ציצית, זעהן — וועט איהר זיך דערמאָנען... איז, פערשטעהט איהר מיך, וואָשע סיאַטעלס־טוואָ (אייער דורכלויכטיגקייט), די מעשה אַזוי: לילענטאַל איז דער גרויסער מענש מיט דעם גרויסען קאָפּ — דאַרף ער ניט קוקען... ער געדענקט אַזוי אויך. מיר אָבער, געוועהנליכע מענ־

שען, מוזען האָבען שטענדיג די ציצית פאַר די אויגען, כדי צו דערמאָנען זיך...

אובאראָוו האָט גאָר נישט געקענט מאכען מיט ר׳ איצע־לען. פונקט ווי פריהער האָט אלעקסאנדער דעם ערשטענס רע־גירונג נישט געקענט מאכען מיט זיין טאַטען, ר׳ חיים׳קען. די יודען האָבען גע׳טענה׳ט זייערס: „זנאט ניע זנאיעם! שקאָלעס ניע זשעלאיעם!" — מיר ווילען גאָר נישט וויסען, מיר דאַר־פען קיין שקאָלעס ניט!

ר׳ איצעלע איז געווען א גרויסער דרשן און נאָך א גרע־סערער חכם פון זיין טאַטען ר׳ חיים׳קען. זיין אויטאָר־טעט איז ביי יודען געווען נאָך גרעסער ווי זיין פאָטער׳ס. דאָס איז גע־ווען אן אמת׳ער ניט געקרוינטער קעניג פון די ארטאָדאָקסישע יודען. דעם קאמפף געגען חסידות האָט ער כמעט אויפגעגע־בען. ער איז בכלל געווען מעהר וועלטליכער מענש. האָט געלע־זען און געשריבען רוסיש און פויליש. געגען השכלה, ווי מיר ווייסען, האָט ער גאָר נישט געהאַט. אָדער ער איז געווען צו קלוג צו פארשטעהן, אז קעמפפען געגען איהר איז נוצלאָז. ער האָט נאָר איין זאך פערלאנגט: תורה מיט השכלה צוזאמען— דאָס ניט! זאָלען זיי זיין גוטע פריינד פון וויטען...

און דעריבער האָט ער געקעמפפט מיט אלע קרעפטען, אז די ישיבה זאָל זיין א „מקום מקלט" פאַר תורה אליין. ווער עס וויל „השכלה" זאָל געהן אין שקאָלע, אין גימנאזיע, אין אוני־ווערזיטעט. ווער עס וויל תורה זאָל פאָהרען צו איהם, אין וואָ־לאזשין.

ר׳ איצעלע, אזוי ווי זיין טאַטע ר׳ חיים׳קע, האָט גאָר נישט פערנומען פון פאָלק. ער האָט געלעבט פון א שטיקעל פאבריק, האָט ניט אָנגענומען קיין שום רבנישען טיטעל. און דערפאַר איז ער פאַר קיינעם ניט בעשטאַנען, אפילו פאַר׳ן מי־ניסטער אובאראָוו.

ער האָט שוין אָבער ניט איבערגעלאָזען אזעלכע קינדער, וואָס זאָלען פעהיג זיין צו פערטרעטען זיין פלאַץ. נאָך ר׳ אי־צעלעס טויט האָט זיך אָנגעהויבען מחלוקת פאַר דעם אמט און טיטעל פון מנהל (פיהרער). ניט פון פאָלק — דערצו איז שוין

קיינער פון זיינע זיהן און איידימס נישט געווען פעהיג — נאָר פון דער ישיבה. די ישיבה איז בעטראַכט געוואָרען אי פון ר׳ חיים׳קעס און ר׳ איצעלעס יורשים, אי פון פאָלק, אלס זייער פאמיליען־אייגענטום. אין דער מחלוקת האָבען זיך דעריבער אנדערע רבנים אריינגעמישט, אויף וויפיל זיי אליין, די בעלי מחלוקת, האָבען דאָס פערלאנגט. די צייטען האָבען זיך אלזאָ שטאַרק געענדערט: פריהער איז ר׳ חיים׳קע געווען די לעצטע אינסטאנץ פאַר יעדען סכסוך אין פאָלק. אפילו צווישען רבנים. יעצט האָבען די יורשים אליין געמוזט אנקומען צו א פשרה פון רבנים.

אין דעם קאמפף צווישען ר׳ איצעלעס צוויי איידעמס: ר׳ יוסף בער, בריסקער רב, און ר׳ הערש ליב׳ען, האָבען די רבנים צוגע׳פסק׳ענט די וואלאזשינער קאטעדרע פאַר דעם לעצ־טען. און מ׳מוז זאגען, אז זייער משפט איז געווען גערעכט.

ר׳ הערש ליב איז נישט געבאָרען געוואָרען ווי זיין שווער און עלטער־שווער צו זיין א לידער פון פאָלק. דערפאַר איז ער געווען א טאלאנטפולער פעדאגאָג און טרייער ערציהער פון דער יוגענד. פערציג יאָהר איז ער געווען פיהרער פון דער וואלאָזשי־נער ישיבה. און ער האָט זי אוועקגעשטעלט אויף אזאָ הויך, ווי זי איז קיינמאָל נישט געשטאנען, נישט פאַר איהם, נישט נאָך איהם. דעם גרויסען שם, וואָס וואלאזשין האָט בעקומען אין דער וועלט, האָט זי נאָר געהאט צו פערדאנקען דער אונערמיעדליכער און אונערשעפּליכער ענערגיע און ליעבע פון אָט דעם מערק־ווירדיגען מענשען.

ר׳ הערש ליב איז געגאנגען אין די וועגען פון ר׳ חיים־קען און דעם ווילנער גאון. ער איז געגאנגען נאָך ווייטער. ער האָט נישט בלויז געפיהרט א מעכטיגען קאמפף געגען דעם פרוכט־לאָזען „פלפול“, נאָר האָט אָבגעשאַפט אלע שפעטערדיגע „מפרשים“ און געפאָדערט די תלמידים זיינע זאָלען שעפּען דירעקט פון דעם ערשטען קוואל, פון תלמוד גופא. צוליב דעם איז אָנגעגאנגען א הייסער קאמפף צווישען איהם און זיין שוואָ־גער ר׳ יוסף בער. נאָר דער גרעסערער טייל תלמידים און די רבנים זענען געווען אויף זיין זייט און — ער האָט געזיעגט.

פאר א י ה ם איז די וואלאזשינער ישיבה בעריהמט געוואָרען אין דער גאנצער וועלט. פריהער זענען געווען אין דער ישיבה הונדערט ישיבה־לייט; יעצט — פיער הונדערט. פריהער האָט בעטראָפען איהר בודזשעט פיער טויזענד רובל א יאָהר. ר׳ הערש ליב האָט איהם אויפגעהויבען ביז זעכצעהן טויזענד רובל. ער האָט איינגעשטעלט פעסטע פערבינדונגען מיט אלע גרויסע אייראָפּעאישע לענדער און מיט אמעריקא. זיינע משולחים האָבען געבראכט געלד פון אלע עקען וועלט. און פון אלע עקען וועלט איז מען געפאָהרען לערנען קיין וואלאזשין.

די ישיבה האָט בעזעסען כמעט פולע אויטאָנאָמיע. יעדער ישיבה־מאַן איז געווען פריי צו לערנען וואָסער מסיכתא ער האָט געוואָלט. אין דער ישיבה גופא איז געווען, נאטירליך, א געוויסער רעזשים (אָרדנונג). אכט אין דער פריה האָט מען גע־מוזט קומען דאווגען. פון ניין ביז צעהן אזייגער פלעגט דער ראש ישיבה זאָגען א פרשה חומש פון דער וואָך. פון צעהן ביז איינס האָט מען געלערנט א יעדער פאר זיך, איינציגווייז אָדער עטליכע צוזאמען. פון איינס ביז צוויי איז געווען דער שיעור, ד. ה. די לעקציע פון ר׳ הערש ליב׳ן אליין, אָדער פון זיינע העלפער — דער זוהן ר׳ חיים בערלין און דער איידעם ר׳ חיים סאלאווייציג. פון צוויי ביז פיער איז געווען מיטאָג; פון פיער ביז פינף — מנחה; פון פינף ביז צעהן אָוענד ווייטער גע־לערנט. צעהן איז מען געווען פריי אינגאנצען. נאָר א סך מתמידים פלעגען גלייך נאָך אָווענד־ברויט קומען לערנען אין דער ישיבה ביז האלבע נאכט. אנדערע, פארקעהרט, פלעגען דורכשלאָפען זיך ביז צוועלף אזייגער און לערנען דערנאָך ביז דריי־פיער פאר טאָג. בכלל איז געווען איינגעפיהרט פאר ר׳ הערש ליב׳ען, אז דער „בית המדרש“ איז קיינמאָל ניט געווען לעדיג. עס זענען געווען „משמורים“ די גאנצע נאכט. איין „משמור“ (וואָך) אראָב — דער אנדערער ארויף. א שטארקען איינדרוק האָט געמאכט די ישיבה אויף דעם, וואָס האָט זי בע־זוכט אין מיטען נאכט. ארום איז שטיל. די גאנצע וועלט איז איינגעהילט אין טיפען שלאָף. נאָר דאָ וואכט דעם יודענס נשמה. דער גרויסער זאַל פון דער ישיבה איז ליכטיג און צעהנד־

ליגע, טרויעריג־צארטע און שמערצליך־בענקענדע קלאנגען גיסען זיך אין דער לופט.

„אוי ווער, אמר רבא, אוי אמר אבייא...
צו דא איז דער וועבשטול פונ'ם יודענ'ס נשמה?
דער קוואל פון זיין גייסט, פון זיין אייביגען לעבען?
דער שטראם, וועלכער גיסט אין איהם פייער און
שטרעבען?
אוי, ווער, אמר רבא!... צי הערסטו צי פיהלסטו
די גייסטיגע שמאכטונג, די מעכטיגע ליעבע?
און האסטו א קופערנע הארץ, צי — פון אייזען,
די ווערטער וואס שפריצען מיט בלוט און מיט פייער,
זיי קענען א שטיינערנע הארץ אויך צורייסען...

די וואלאזשינער ישיבה האט געפונען אין ביאליק'ן איהר ריכטער. זיין „המתמיד" פון וואנען די אויבערשטע פערזען זע־נען גענומען, איז די פאעמא פון וואלאזשין. און פערשטעהן, אדער ריכטיגער, פיהלען די דאזיגע פאעמע קען מען נאר, ווען מען בעזוכט די ישיבה אין א שענעם זומער־טאג.

אין זייער אינערליכען לעבען זענען די ישיבה־לייט זעהר געזעלשאפטליך. די גאנצע ישיבה איז איינגעטיילט אין פיער ארגאניזאציעס: „גמילות חסד", „תומכי תורה", „עונג שבת" און „ועד המעונות" (קאמיטעט צו בעזארגען וואוינונגען). די ערשטע דריי האבען א אונטערשטיצונגס־כאראקטער. די לעצטע איז געגרינדעט געווארען שפעטער פון יענע. דער גרעס־טער טייל פון די ישיבה־לייט זענען באלעבאטישע קינדער. די שטיצע, וואס זיי בעקומען, מיט דעם וואס מ'שיקט זיי אונטער פון דער היים — איז פאר זיי פאלקאם גענוג. פאראן צווישען זיי אפילו גאנץ רייכע. דערפאר איז אבער פאראן גאר ארימע בחורים, וואס די שטיצע פון דער ישיבה קלעקט ניט פאר זיי. פאר זיי זענען געמאכט געווארען די דרייערליי קאסעס: אין „גמילת חסד" ווערט געליהען מזומן געלד פון א רובל ביז פופ־צעהן. דערין נויטיגען זיך אפילו די באלעבאטישע קינדער. גע־ליהען ווערט אויף א משכון פון ביכער, קליידער אדער אנדערע ווערט־זאכען. די ישיבה־לייט האבען מיר געזאגט, אז זינט דער

„גמילות חסד" עקזיסטירט האָט כמעט קיינמאָל ניט געטראָפען. אַז א בחור זאָל ניט אָבגעבען א חוב. „תומכי תורה" איז אַן אונ־טערשטיצונג פאַר די אָרימערע, וואָס די תמיכה פון דער ישיבת איז פאַר זיי ווייניג. „עונג שבת" איז א ספּעציעלע קאַסע, וואָס גיט אַן עקסטרא אונטערשטיצונג אויף שבת. דאָס געלד ווערט געזאַ־מעלט פון ישיבה־לייט אליין און אויך פון געסט, וואָס בעזוכען די ישיבה. צעהן פון די ישיבה־לייט, בעל הבית'לאַך, וואָס ציי־כענען זיך אויס מיט זייערע פעהיגקייטען און פלייסיגקייט אין לערנען, בעקומען פון ניין ביז צוועלף רובל א וואָך פון א ספּע־ציעלען פאָנד, פון די בראָדסקעס. דער קאָמיטעט צו בעזאָרגען וואוינונגען האָט זיין אויפגאַבע צו בעשטעלען א צימער פאַר יע־דען קלויזניק, און אכטונג געבען, אַז דער ישיבה־מאַן זאָל ווע־רען אָרנטליך בעהאַנדעלט.

געוועהנליך שטעהען די ישיבה־לייט צו צוויי און דריי אין א צימער. איך האָב בעזוכט אייניגע פון זיי. די צימערן זע־נען אַנשטענדיג, ווערען אויפגעהאַלטען אין אָרדנונג און ריינליך. וואָס אַנבעלאַנגט דער אויפפאַסונג, בין איך זיכער, אַז זעלטען וועלכער סטודענט ווערט אויפגעפּאַסט מיט אַזוי פיעל ליבע און צערטליכקייט, ווי די ישיבה־לייט אין וואָלאָזשין. דער דורכשניטליכער פּרייז פאַר א וואוינונג איז אַמאָל געווען פון דרייסיג ביז פופציג קאָפּיקעס א וואָך פאַר איינעם. היינט — מיט צעהן, צוואַנציג קאָפּיקעס טייערער. פאַר אָט די עטליכע גראָשענס פאַרפליכטען זיך: די באַלעבאָסטע, דער באַלעבאָס און זייערע קינדער צו בעדינען דעם ישיבה־בחור. מ'מאַכט אהם טיי, מ'קאָכט איהם מיטאָג, מ'וואַשט, מ'ריינעגט, מ'פאָלגט א גאַנג. דער ישיבה־מאַן דאַרף נאָר א פּיפּס טאָן — איז די גאַנצע געזינד גרייט צו לויפען טאָן זיין פערלאַנג. אַז דער ישיבה־מאַן שלאָפט, געהט מען אויף די שפּיצען פינגער. אַז דער ישיבה־מאַן רעדט — איז דאָס א כבוד און מ'הערט אויפמערק־זאַם יעדעס וואָרט. קיין שום געלד־אַנגעלעגענהייטען האָט דער קלויזניק ניט מיט דער ווירטין פון זיין וואוינונג. די באַלע־באָסטע געהט אַלע וואָך אין דער ישיבה און בעקומט פאַר איהם זיינע וואָכער. אָפט לעגט זי אויס פאַר איהם און וואַרט וואָכען,

מאַנאַטעז־לאַנג ביז זי בעקומט געצאַהלט. עס טרעפט אויך, אַז אַ ישיבה־מאַן בלייבט שולדיג פאַר אַ גאַנצען זמן עסען און וואוינונג. פאַר יעדען וואָלאָזשינער באַלעבאָס איז אַ כבוד צו האַלטען אַ קלויזניק. און ווען מ'זאָל רעכענען די מיה און געלד, — לעגען, אָהן אַ ספק, די וואָלאָזשינער באַלעבאַטים צו די ישיבה־לייט צו. נאָר די באַלעבאַטים טראָגען דאָס מיט געדולד און קלאָגען זיך קיינמאָל ניט. אַ סך רעכענען פאַר אַ כבוד און אַ גרויסע מצוה צו האַלטען און בעדינען די ישיבה־לייט. אַנ־דערע, וואָס האָבען טעכטער, טראָגען, פיליכט, אין האַרצען אַ בעהאַלטענע כונה צו האָבען מיט דער צייט אַן איידעם אין דעם קוואַרטיראַנט.

און ניט בלויז די יודען אין וואָלאָזשין האָבען דרך ארץ פאַר די ישיבה־לייט. אפילו די קריסטען אויך. אַז ס'טרעפט זיך אַ שרפה אין שטעדטעל ביי אַ קריסט, טרויט ער אַן זיין פערמע־גען נאָר די ישיבה־לייט, וועלכע קומען ראַטעווען שטעדטעל אין יעדער צרה — פייער צי וואַסער.

די ישיבה־לייט לעבען צווישען זיך פריינדליך. אַז איינער ווערט קראַנק — וואַכען ביי איהם חברים טאָג און נאַכט. מ'גיט איהם אויך מאַטעריעלע שטיצע, ווען ער האָט נויטיג.

אויסערליך מאַכען די ישיבה־לייט אַן אַנגענעהמען איינ־דרוק. זיי געהען קורץ געקליידט, אין געפּרעסטע מאַנישקעס און קראַגענס. ביי אַ סך איז דער פּנים ראַזירט. די ישיבה־לייט פער־זיכערן, אַז זיי גאָלען זיך מיט אַ מאַשינקע און ניט מיט אַ גאָל־מעסער. פיזיש זעהען די בחורים אויס גאַנץ פריש און מונטער. קראַנקהייטען טרעפען צווישען זיי זעהר זעלטען. מ'זאָגט, אַז אמאָל, פאַר ר' הערש לייבען, אין אַ עפּידעמיע־צייט, זענען צוויי ישיבה־לייט קראַנק געוואָרען און געשטאָרבען: רבי הערש ליב איז בייז געוואָרען אויף גאָט. ער האָט זיך אָנגעטאָן אין טלית און קיטעל, אריין אין דער ישיבה, געעפענט דעם ארון קודש, און געזאָגט מיט אַ ביטערן פאָרוואורף: „רבונו של עולם! איך וועל ברינגען אהער קינדער און דו וועסט זיי צו־נעהמען?!...“

פון דעמאָלט אַז — זאָגען וואָלאָזשינער יודען — האָט

ניט געטראָפען, אַז אַ ישיבה־מאַן זאָל שטאַרבען אין וואָלאָ־זשין.

מ׳קען דאָס אָבער דערקלערען אַהן נסים. די לופט אין וואָלאָזשין איז זעהר אַ געזונטע. כאָטש אין שטעדטעל איז בלאָטע, אָבער אַרום איז פעלד און וואַלד. דער באָדען אַרום שטעדטעל א־ז אַ זאַמדיגער און אַ בערגיגער. בעזונדער איז שען די לאַנדשאַפט פון איין זייט, אויפ׳ן באַרג, וואוהין די ישיבה־לייט האָבען ליעב צו געהן שפּאַצירען. זיי רופען אָט דעם אָרט: „די יאַרמולקע״. זיי האָבען מיך געפיהרט אהין ווייזען דעם שענעם באַרג אין די ערטער, וואו, לויט די לעגענדע, ביאַליק פלעגט ליעב האָבען צו געהן שפּאַצירען און פאַנטאַזירען. ווען אָט דער גרעסטער און לעצטער העברעאישער דיכטער איז ביי דער גאַנצער נאַציאָנאַל־געשטימטער יידישער יוגענד געליבט, איז ער ביי די ישיבה־לייט ממש פערגעטערט, ווי אַ נביא.

אין פאַרגלייך מיט אַנדערע ישיבות, זענען די וואָלאָזשי־נער ישיבה־לייט די ענטוויקעלטסטע. אַ סך פון זיי לע־זען רוסיש, דייטש, שרייבען העברעאיש אויסגעצייכענט. פאַ־ראַן פון זיי יונגע לייט מיט ליטעראַרישע פעהיגקייטען. אינ־טערעסאַנט איז, אַז דער איצטיגער עלעמענט, איז, כאָטש אוי־סערליך גאַנץ וועלטליך און היבש ענטוויקעלט, אָבער אַ סך רע־ליגיעזער געשטימט, ווי דער אַמאָליגער. דאָס ערקלערט זיך פי־לייכט מיט דער רעאַקציע: פילייכט דערמיט, וואָס דער יונגער מאַן, וואָס זוכט אַלגעמיינע בילדונג, ווערט ניט געשטערט פון די היימישע און קען עס דערווייזען אויסער וואָלאָזשין. דערצו איז פאַראַן די לידער ישיבה, וואו עס ווערט שוין געלערנט אָפיציעל: רוסיש, העברעאיש, יודישע געשיכטע, ליטעראַטור, אַזוי אַז א־ן וואָלאָזשין פאָהרען איצט די יונגע לייט, וואָס גריי־טען זיך אויפריכטיג צו דער קאַריערע פון אַ רב. אַלענפאַלס זענען די וואָלאָזשינער ישיבה־לייט אַ סך אַ ליכטיגערער עלע־מענט, ווי די קלויזניקעס פון אַלע אַנדערע ישיבות אין תחום. דער גרעסטער טייל איז צ וניסטיש געשטימט און אינטערע־סירט זיך בכלל מיט׳ן נאַציאָנאַלען יודישען לעבען. לינקער פון ציוניזם איז ניטאָ.

דער פיהרער פון דער ישיבה, בשעת מיין וויזיט אין וואָלאָזשין, איז געווען ר' רפאל, ר' הערש ליב'ס אן איידעם. ער איז ניט עהנליך צו די פריהערדיגע גרויסע גייסטער, וואָס האָבען די ישיבה געגעבען א בעזונדער שטעמפעל און פיזיאָגנאָמיע. דאָס איז א יוד, כאָטש א גרויסער למדן, אבער א גלאַטער, א נאאיווער מענש. זינט ר' הערש ליב איז געשטאָרבען, האָט די וואָלאָזשינער ישיבה פערלאָרען איהר געוועזענעם גלאַנץ. אין די לעצטע יאָהרען איז ר' הערש ליב'ען אויסגעקומען פיהרען א פערצווייפעלטען קאמפף פאַר זיין ישיבה, וואָס האָט ארויסגעלאָזען פאַר זיין צייט אליין צוואַנציג טויזענד תלמידים. די צייטען האָבען זיך שטאַרק געענדערט. ער אליין איז ניט געווען קיין פאַנאַטיקער. האָט ערלויבט די תלמידים צו לעזען און צו לערנען אין זייער פרייער צייט, וואָס זייער הארץ געלוסט. אבי אין דער ישיבה זאָלען זיי לערנען גמרא. די יודישע בורזשואזיע האָט אבער געדאַרפט אַנדערע רבנים, ווי די וואָס וואָלאָזשין האָט ארויסגעלאָזען. זי האָט געוואָלט האָבען פּרעדיגערס און ראבינערס נאָכ'ן דייטשען מוסטער. מיט א שענער שפּראַך און שענע מאַנירען. זיי האָבען שוין געהאַט א מאַכט. מ'האָט געוואָלט מאַכען א סעמינאַר און פאַבריצירען געשטודירטע רבנים, אזוי ווי אין אייראָפּאַ. האָט מען אבער מורא געהאַט, אז זייער סעמינאַר וועט ביים פאָלק ניט האָבען דעם אויטאָריטעט, וואָס וואָלאָזשין. מ'האָט דעם אריימען ר' הערש ליבען געשלעפּט אין פּעטערבורג צו פּאָליאַקאָוו'ן אויף אסיפות, געצוואונגען איהם חתמ'ענען, אז מ'וועט אין דער ישיבה לערנען אויף רוסיש. פאַקטיש איז אבער דער בעשלוס קיינמאָל ניט אויסגעפיהרט געוואָרען. ס'איז געקומען דערצו, אז די רעגירונג האָט די ישיבה פערשלאָסען און ר' הערש ליבען מיט זיינע איידעם'ס געהייסען ארויספאָהרען פון וואָלאָזשין. עטליכע יאָהר האָט נאָך ר' הערש ליב אומגעוואַנדערט, אבגעשלאָגען די שוועלען ביי די יודישע „פּני". ער האָט אבער ביי די גבירים קיין אָבקלאַנג ניט געפונען און איז אין גיכען געשטאָרבען פון הארצוועהטאָג, אין וואַרשאַ, אן אַלטער מאַן פון אכט און זיבעציג יאָהר.

מיט גרויס מיה האָט זיך שפּעטער אַביסעל איינגעגעבן צו עפענען די ישיבה אַלס פּשוט'ן בית המדרש, מיט דעם בע־דינג, אַז קיין שיעור זאָל דאָרט ניט געזאָגט ווערן. ס'הייסט די ישיבה־לייט לערנען אַליין.

די אַלטע טראַדיציעס ווערן אָבער אויך איצט שטאַרק אָבגעהיט פון די ישיבה־לייט. ווען דער משגיח, אונטער דעם איינפלוס פון נאָוואַגוראַדאַק און, איבערהויפּט, פון סלאָבאַדקע האָט אָנגעהויבן איינצופיהרען מוסר, האָט זיך די גאַנצע ישיבה געשטעלט ווי איין מאַן: צוגענומען ביי איהם די ביכער, ניט געלאָזען איהם אַריינגעהן אין דער ישיבה, און געגעבן איהם אַן אולטימאַטום: אָדער ער זאָל זיך אָבזאָגען פון די מוסר, אָדער זאָל אַראָב פון זיין שטעל. דערוויילל האָט דער משגיח מיט'ן שוועכלינג דעם רב געמאַכט פּליטה. די לאַגע איז נאָך דאַן גע־ווען אונבעשטימט. די ישיבה־לייט, זענען אָבער געווען פעסט אין זייער זיעג. וואָלאַזשינער ישיבה־לייט זענען אַלטע קעמפּ־פער. נאָך גאָר אַמאָל, אין די גרויסע מחלוקת'ן פאַר און געגען דעם „פּלפּול", צווישען ר' הערש ליב און זיין שוואָגער ר' יוסף בער, ווי אויך אין דעם קאַמפּף געגען ר' ישראל סאַלאַנ־טער, וואָס האָט געוואָלט נאָך מיט פערציג יאָהר צוריק איינגנעה־מען די וואָלאָזשינער ישיבה פאַר'ן מוסר, האָבען די ישיבה־לייט גענומען אַ שטאַרקען אנטייל, און אויך ווען זייט די מערהייט זייערע איז געווען — יענער האָט געזיגט. דערצו איז דער גייסט פון ר' חיים'קען, דער גרינדער פון ישיבה, פון ר' איצעלען, זיין זוהן און — איבערהויפּט — פון ר' הערש לייבען, וועלכער איז געווען דער ליעבלינג פון די ישיבה־לייט העכער ווי פערציג יאָהר נאָכאַנאַנד געגוג שטאַרק. די גאַנצע לייטונג פון דער ישיבה איז, ביי מיין זיין דאָרט, געלעגען אין גאַנצען אין די הענד פון די ישיבה־לייט. כדי די מאַכט זייערע זאָל ניט שוואַכער ווערען, האָבען זיי בעשלאָסען, אַז קיינער זאָל זיך ניט צופאַהרען אַ היים. בשעת איך האָב זיך מיט די פיהרער פון סטרייק געזעגענט, האָבען זיי מיך מוטיג און פעסט פערזי־כערט: מיר ווע‍לען זיגען. וואָלאָזשין וועט קיינמאָל ניט ווערען קיין נעסט פון די „מוסר'ניקעס".

# די מירער ישיבה.

עס איז שוין אריבער הונדערט יאָהר, זינט די מירער ישיבה עקזיסטירט. פאר א הונדערט יאָהר איז מיר, צוזאמען מיט וואלאזשין, וואָס איז געגרינדעט געוואָרען אונגעפעהר אין דערזעלבער צייט, געווען די גרעסטע תלמודישע אקאדעמיע אין דער גאנצער וועלט.

פארוואָס האָבען די גרינדער פון די ישיבות אויסגעקליבען דוקא מיר און וואלאזשין? דאָס לאָזט זיך ניט ערקלערען ניט מיט פּאָליטישע, ניט מיט געאָגראפישע, ניט מיט עקאָנאָמישע סבות. יעדע ישיבה האָט צו פערדאנקען די פערזענליכע אונטערנעהמונגס־קראפט פון אן איינצעלנעם מענשען. דער עיקר איז דער מענש און ניט דער אָרט. די גרינדער פון די גרעסטע צוויי תלמודישע הויכשולען אין רוסלאנד האָבען צופעליג געלעבט איינער אין דער מיר (ר' שמואל'קע) און דער צווייטער אין וואלאזשין (ר' היים'קע). זענען דאָ געבויט געוואָרען די ישיבות.

פונדעסטוועגען קען מען זיך ערקלערען, פארוואָס עפּעס זענען די גרעסטע צוויי ישיבות געגרינדעט געוואָרען אין דעם וויים־רוסישען געביט, אין די גובערניעס מינסק און ווילנא. די אורזאכע איז, וואָס אין די לעצטע צוויי יאהרהונדערטען איז דער קולטורעלער צושטאנד פון די ליטווישע יודען אין אָט דעם געגענד געשטאנען העכער, ווי אומעטום אין רוסלאנד. דאָ האָבען געלעבט די גרעסטע יודישע גדולים און גאונים, גבירים, שתדלנים און שטאָדט־פיהרער.

דער קולטורעלער העכערער צושטאנד איז געווען א פועל יוצא פון דעם עקאנאמישען וואוילשטאנד, וועניגסטענס פון דעם גבירישען און באלעבאטישען קלאס. ארום. די רייכע און בעריהמטע פויליש־ליטווישע מאגנאטען — די ראדזיוווילס, די וויטהענשטיינס, די כרעבטאוויטשעס און אנדערע—האבען יודען געלעבט ניט שלעכט. דער גרויסהאנדעל און קליינהאנדעל איז געווען ביי יודען אין די הענד. יודישע סוחרים זענען געפאהרען אין לייפציג, אין גינספעריק (קעניגסבערג). זענען געווען די איינציגע פערשפרייטער פון שטאדטיגער, איבערהויפט, פון דער אויסלענדישער קולטור צווישען די פריצים. אהן דעם יודישען „ראנדאר" האט זיך דער פריץ ניט א קעהר געטאן. שפעטער, אז רוסלאנד איז געווארען די באלעבאסטע פון די דאזיגע גע־בערניעס, איז די פאליטישע לאגע פון יודען געווארען ערגער. אבער עקאנאמיש איז זי שלימער ניט געווארען. די רוסישע פריצים האבען אויך אזוי וועניג געקענט אויסקומען אהן דעם יודען, ווי די פוילישע שליאכטע. דער געביט פונ'ם יודישען האנדעל איז געווארען נאך ברייטער. יודישע סוחרים האבען זיך געלאזען קיין מאסקווע, קיין פעטערבורג און טיפער אין רוס־לאנד, אזש קיין סיביר.

די אינערליכע אויטאנאמיע פון דעם יודישען געמיינדע־לעבען, וואס די פויליש־ליטווישע יודען האבען גענאסען פאר די פוילישע קעניגען און מאגנאטען, האט שפעטער די רוסי־שע רעגירונג ניט געוואגט אנצוריהרען. אזוי האבען זיך יודען געקענט לעבען אויף זייער אלטפרענקישען שטויגער אונגע־שטערט. בשעת אין בערלין האט געקאכט מיט השכלה, דאס גאנצע אייראפייאישע יודענטום האט ערוואכט צו א נייעם לעבען מיט נייע דרייסטע האפנונגען, שטרעבונגען, אידעאלען, וואס זענען פערבונדען מיט דער אייראפעאישער ציוויליזאציע, האבען אט די צוויי ישיבות—וואלאזשין און מיר ארויסגעבראכט פון זיך גרויסע קאפ־מענשען, מורא'דיגע שטארקע פערזענליכ־קייטען מיט געניאלע פעהיגקייטען און א קינדיש־אסקעטישער וועלט־אנשויאונג. די וועלט ארום האט געשטורמט פון רעוואלו־ציע אין אלע געביטען פון לעבען, נאר דאס יודישע וועלטעל אין

ליטאַ און פּוילען האָט זיך געמאַכט פון קיין זאַך ניט ווייסענדיק. זיי האָבן פערשפּאַרט טיר און פענסטער פאַר דער אייראָפּיי־אישער קולטור און געלעבט, ווי די פּריצים אַרום זיי אין זייע־רע אַלטפרענקישע שלעסער, איינגעשלאָסען אין זייער ענגען, שמאָלען געטאָ אין אַ טרוקענער אָבגעלעבטער וועלט פון וועלקע בלעטער, וואָס די ישיבות האָבן קאָנסערווירט און מיט יעדען דור אַלץ מעהר פערהייליגט.

ווען די השכלה איז ענדליך אריינגעדרונגען דורך שפּאָל־טען און לעבער אין רוסיש־יודישען געטאָ, האָט וואָלאָזשין ניט אויסגעהאַלטען איהר דראַנג. אָבער מ י ר איז געבליבען טריי די אַלטע טראַדיציעס. מ י ר האָט ניט געוואוסט פון אַזעלכע אפּיקורסים, ווי זיי האָט אַרויסגעבראַכט וואָלאָזשין. מ י ר האָט טריי ערפילט איהר אויפגאַבע: פאַר די הונדערט יאָהר פון איהר עקזיסטענץ האָט זי פאַרזאָרגט דעם תחום מיט רבנים, ראשי ישיבות, פּרושים, עלוים, וואוילע זיהן און שענע איידימס, פיינע יודען און מלמדים. אָט די אַלע האָבן זיך געמיהט מיט אַלע קרעפטען אויפצוהאַלטען דעם מיטעלאַלטער־ליכען בוי פונ׳ם יודישען לעבען. האָבן מורא׳דיג געקעמפּפט געגען יעדען שטראַהל ליכט, וואָס איז פערבונדען מיט דרייסטע יוגענד־שטרעבונגען נאָך עולם הזה.

דערפאַר זענען דאָס געווען מענשען פון אַ הויכער מאָראַ־לישער פערזענליכקייט: זיי האָבן אויפגעהאַלטען ריין דעם יודי־שען קערפּער און גייסט, האָבן אונז געלאָזען ירושה אַ געזונ־דען אָרגאַניזם, ניט צופוילט פון תאוות און ניט צופרעסען פון פּעסעמיזם.

אין די מערקווירדיגע טעג פון דער רוסישער רעוואָלוציע האָט מיר ניט אויסגעהאַלטען. די ישיבה האָט זיך ניט געקענט איינשליסען אין איהרע פיער ווייען און לעבען איהר אָבגעזונ־דערט לעבען, בשעת אַרום האָט געשטורמט. פון די ישיבה־לייט האָבן זיך בעוויזען מיטינג־רעדנער, פּאַרטיי־לייט. דער „בונד", די „ס. ס." די „פּועלי ציון" האָבן אויך אהער אריינגעדרונגען און געוואָרבען, ווי אומעטום, זיך אָנהענגער. ניט איין צעהנדליג ישיבה־לייט זענען אוועק אין די פּאַרטייען, געוואָרען עקסטערנס,

אנגעקומען אין וועלטליכע שולען.

נאָר די רעאקציע האָט געהאַט איהר פולען זיעג אין דער מיר. די „פערכאפּטע" זענען טיילווייז אליין אוועק, א טייל האָט מען ארויסגעטריבען. פון דעמאָלט אָן לעבט די מירער ישיבה נאָך מעהר איינגעשלאָסען, ווי אמאָל. צו דער גמרא איז צוגעקומען דער מוסר־ספר. מ י ר איז געוואָרען א נעסט פון מוסר'ניקעס. נאָר דער מוסר נעהמט דאָ ניט אָן אזעלכע העסלי־כע פאָרמען, ווי אין נאָוואַגרודאָק. אין אלגעמיין איז אָבער דאָ אויך, ווי אומעטום, דאָס לערנען געפאלען. אמאָל האָט מען אין דער מיר געלערנט פון גאָט'ס וועגען, פון דער תורה וועגען. היינט איז דאָס לערנען א קאריער. אמאָליגער ישיבה־בחור האָט זיך ניט געאיילט צו נעהמען סמיכה אויף רבנות. היינט נעה־מען כמעט אינגלאך פון 16־17 יאָהר סמיכה. סמיכה פאר א מירער ישיבה־בחור איז דאָס זעלבע, וואָס א דיפּלאָם פאר א סטודענט. א מירער ישיבה־בחור איז נאָך היינט אויך א גוטע סחורה אויפ'ן שדוכים־מארק. האָט מען ניט קיין גוטע קאָפּ פאר א רב, איז א שמש, א משגיח, א ראש ישיבה, אויך א קאריער. אבער די קאריער איז דער עיקר.

פון אויסען מאכען די מירער ישיבה־לייט אַן איינדרוק פון וועלטליכע בחורים. געהען קורץ געקליידעט; אויך מיט מאניש־קעס אין ווייסע קעלנער. אנדערע אין שווארצע העמדלאך. די מירער ישיבה ווערט אויסגעהאלטען, ווי אלע ישיבות, פון די געלדער, וואָס משולחים ברענגען. מירער משולחים פאָהרען אי־בער דער גאנצער וועלט און ברינגען צוואנציג טויזענד רובל א יאָהר. אמאָל האָט א ישיבה־בחור געהאַט צוויי גילדען א חודש אונטערשטיצונג. היינט בעקומט א יעדער — פון פיער ביז זעקס רובל א מאָנאַט. דערצו האָבען נאָך א סך פון זיי אוראַקען אויף גמרא אין שטעדטיל אויף וואָפערע פינף רובל א חודש. אביסעל שיקט מען אונטער פון דער היים. אַט אזוי לעבט זיך א ישיבה־בחור דורך ניט גאר שלעכט. עס האָבען געלערנט, ערב דער מלחמה, ביי א דריי הונדערט בחורים אין דער מירער ישיבה. די ישיבה אליין איז יעצט א נייע, א פרייע — די שענס־טע און די גרעסטע פון אלע ישיבות אין רוסלאנד.

# די חסידישע אקאדעמיע אין ליבאוויטש.

די ליבאוויטשער ישיבה איז, לויט דער צאהל פון איהרע תלמידים, לויט איהר רייכען בודזשעט, כמעט די גרעסטע פון אלע ישיבות. זי איז געגרינדעט געווארען אין דעם מאמענט, ווען די ארבייטער - בעוועגונג איז געווען אין רעכטען ברען, אין רעכטען פלאר. איך ווייס ניט צו די ליבאוויטשער ישיבה איז געווען אן ענטפער פון די פרומע חסידים אויף דער „צולאזענקייט" פון דער יודישער יוגענד. ס'איז מעגליך, אז אין איהר גרינדונג האבען געשפילט א ראלע אנדערע סבות. דער ליבאוויטשער רבי פיהלט, קען זיין, אז זיין טראן טרייסעלט זיך, אז דער שיקזאל האט איהם בעשטימט צו זיין — דער לעצטער ליטווישער גוטער יוד. די גרינדונג פון דער ישיבה, די ערשטע און גרעסטע ישיבה פאר חסידות, איז געווען א ווייטער און א ריכטיגער קוק. פון דעמאלט אן ווערט זי אלץ מעהר פאפולער צווישען דער חסידישער בעפעלקערונג. אין ליבאוויטש אליין לערנען ביז 400 יונגע לייט. א חוץ דעם האט די ישיבה נאך אן אבטיילונג מיט א הונדערט ישיבה-לייט אין שטשעדרין וואו אלע יודען זענען דעם ליבאוויטשער'ס טרייע חסידים.

דער אויפזעהער און פיהרער פון דער ישיבה איז דעם רבינ'ס זוהן. אין ליבאוויטש, זאגט מען, אז דער רבי האט מיט דער ישיבה געמיינט פערזיכערן זיין זוהנס קאנדידאטור אויף יורש פון טראן, נאך איהם. אויב דאס איז ריכטיג, ווייזט דאס

אויף, אז דער רבי האָט אַ טיעפען קוק. ווייל ביי דעם מאנגעל פון פערזענליכע טאַלענטען, איז די ישיבה אן אויסגעצייכענטער צעמענט צוצוקלעפּען דעם עולם חסידים צו זיין יורש.

א חוץ דעם זוהן איז דאַ אַ גאַנצער שטאַב משגיחים און מלמדים מיט אַ קאָמפּליצירטער פערוואַלטונג, מיט „יוצר משרתים“ און „ואשר משרתים“. דער למוד איז לויט אַ שטרענג אויסגעאַרבייטער סיסטעם. די גאַנצע ישיבה איז צע־טיילט אויף 4 קורסען. די שטרעבונג איז דאָ, פּונקט ווי אומע־טום, צוצונעהמען וואָס קלענערע און ארויסשטופּען די גרעסע־רע. פּשוט דערפאַר, ווייל די קלענערע קען מען מעהר אריינ־נעהמען אין די הענד, מאַכען פון זיי וואָס מ'וויל.

דער ערשטער קורס איז אַ מין פאַרבערייטונגס־קורס. ער בעשטעהט פון עטליכע חדרים מיט מלמדים. אהער ווערען אנ־גענומען קינדער פון צעהן, עלף יאָהר. קיין חומש, קיין תנך, קיין לשון קודש בכלל, ווערט ניט געלערנט. עס ווערט אָנגע־הויבען גלייך גמרא. אויך צו ביסלאַכוויז חסידות, לויט דעם אַלטען רבי'ס יוערק „תניא“. דער צווייטער קורס איז די ישיבה נאָך די חדרים. דאָרט ווערט געלערנט מעהר גמרא און מעהר חסידות, לויט דעם „תניא“, דעם „צמח צדק“ (ספר וועגען חסידות פונ'ם מיטעלען רבי'ן — ר' מענדעלען) ווי אויך גע־שריבענע תורה פונ'ם איצטיגען רבי'ן. אַ דריטער קורס איז אין שטשעדרין און פון דאָרט קומט מען אָן צוריק אין ליבאַוויטש אין גרויסען זאַל. אָט דער זאַל מאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק בשעת'ן לערנען: ברייטע לאַנגע טישען; דערביי פוןביידע זייטען לאַנגע בענק. דערויף זיצען די בחורים איבערגעבויגען איבער די גרויסע גמרא'ס, משונה'דיג וואַרפענדיג זיך אין אַלע זייטען, און היסטעריש חזרנ'דיג נאָכאַנאַנד אַ פּראַזע פונ'ם ספר. עס שיינט, אַז די פּראַזע אַליין, איהר פּשוט'ער זין אַרט זיי ניט. נאָר זיי ברויכען איהר, ווי אַ געוועהר, מיט עפּעס אַ אונזיכטבאַרען פיינד, ווענען זיי ווילען דערשלאָגען, אָדער פער־טרייבען מיט דעם קראַמפּפהאַפטיגען וואַרפען זיך.

די פּנים'ער פון די בחורים זענען אויסגעווייקט, די אויגען טאַרטשען ארויס, קוקענדיג האַלב פערגליווערט און פער־

טעמפּט ערגעץ אין א ווינקעל. אייער זיין דאָ, די אנוועזנהייט פון א זייטיגען מענשען, קימערט קיינעם ניט. מ'איז אייך פּשוט מבטל. איהר מעגט אנשטרענגען אויף זיי אייערע בל־קען, שטעלען זיך לעבען איינעם — מ'בעמערקט אייך ניט. זיי האָבען זייער אייגענע וועלט. פאר זיי עקזיסטירט איהר ניט.

איין אָבטיילונג פון דער ישיבה, די אויסדערוועהלטע פון די עלטערע, וואָס זענען דערצו זוכה, (לויט דער בעשטימונג פון'ם רבי'ן אליין, וואָס מ־שט זיך ניט אין דער ישיבה, האָט אָבער אַן אויג אויף די געצעהלטע, געקליבענע, וואָס זענען, לויט זיין מיינונג מעהר מסוגל פאר דער חסידישער תורה,) — ווערט אין גאנצען פריי פון לערנען און קען זיך אָבגעבען דער „עבודה". די „עבודה" בעשטעהט אין דבקות, כונות, התבוננות, בשעת תפילה. זיי פערברענגען דעם גאנצען טאָג כמעט נאָר אין דאווגען. אין דאווגען שטעלען זיי זיך אב, אָפּט שטונדען־לאנג אויף איין פראזע און סטארען זיך דורך פיעל טראכטען צו דערגעהן די טיעפע כונה, וואָס ליגט בעהאלטען אונטער די איינפאכע ווערטער און אויף אָט די כונות בויען גאנצע הימלישע טורעמס און פּאלאצען.

די אונטערשטיצונג ווערט געגעבען די ישיבה־לייט מיט דער נאָטור און מיט קוויטלאך: דער גרעסטער טייל עסט „טעג". כמעט יעדער ליבאוויטשער יוד גיט „א טאָג" צוויי אָדער דריי קלויזניקעס. מ ט די טעג מאכט מען „מסחר". מען חלופט א „מאָגערן" טאָג אויף א „פעטערן". מ'פערקויפט א „טאָג", ווען א בחור פאָהרט אוועק. דער פרייז פון א טאָג איז פון א רובל ביז — דריי. א 50 קלויזניקעס, בעסערע, עסען אין דער ישיבה־קוך. אָט די מיוחסים גיט מען א גאַנצען וואָרמעס: פלייש, זופּ מיט ברויט. א מאָן דרייסיג בעקומען אין דער קיך בלויז ברויט מיט קרופּניק. אין דער ישיבה איז אויך פאראָן א „טשאַינע", וואו יעדער בעקומט טיי און געקאָכטע וואסער. די קוויטלאך ווערען געגעבען אויף אַנדערע בעדערפניסען. א שטויגער א שוך פערריכטען, א בגד פערנייהען. אַנדערע, וואָס האָבען חן, בעקומען א קוויטעל אין קראָם, אָדער צום בעל מלאכה אויף א נייע פּאָר שיך און א נייעם בגד. ארבע כנפות'ען,

לאנגע מ'ט ציצית ביז דער ערד ווערט יעדען ארויסגעגעבן. אהן אן אויסנאם, צום דאקטאר, רופא, (אין פאל פון א קרענק), א ן אפטייק, אין באד — אויף אלץ — קוויטלאך.

---

אין ליבאוויטש ווערט ארויסגעגעבן א וועכענטליכער חסידישער קינדער־זשורנאל „האח“ („דער ברודער“). דער זשור־נאל האט דעם צוועק צו קעמפפען מיט די „אפיקורסישע“ העב־רעאישע קינדער־זשורנאלען. א ן זשורנאל קומען מעשיות וועגען קינדער, וואס זענען גוט און פרום, אנטלויפען פון די גימנאזיעס, פון די שקאלעס און לערנען בעסער גאט'ס תורה. וואו עס זיי־נען דא אלע חכמות און מעהר דארף מען ניט. דער זשורנאל קאסט ביליג — איין קאפיקע. ער ווערט שטארק פערשפרייט. איך האב געקויפט אין הויף עטליכע נומערן. די שפראך איז דארט גראד ניט קיין שלעכטע. ערטערווייז פעהלט ניט קיין טאלאנט, כאטש דער אינהאלט, בכלל, איז זעהר איינפארביג און ארים. דער רעדאקטאר, איינער פון די מקורבים צום הויף, בעקומט א פיינעם געהאלט — 100 רובל א מאנאט. אינטערע־סאנט איז, אז אט דעם רעדאקטאר'ס קינדער זענען דוקא גע־בילדעטע, פרייע, אלע שטודירען און דער טאטע אליין שיקט זיי דערויף געלד.

די קלויזניקעס גופא געפינען זיך אונטער א זעהר שטרענ־גער אויפזיכט. זיי טארען זיך ניט קנעפלען מיט די יונגע לייט פון'ם שטעדטעל; טארען ניט לייענען קיין שום העברעאיש בלאט, קיין שום בוך, א חוץ די הייליגע ספרים. אין די „פרייע טעג“, ווען אפילו מירער ישיבה און נאוואגרודקער מוסר'ניקעס האבען ניט געקענט ביישטעהן קעגען דעם דראנג פון דער רע־וואלוציע, האט מען דא „געכאפט“ בלויז איין קלויזניק, וואס האט געהאט אין קעסטעל אן „אהבת ציון“, אדער, אפשר, נאך אן ערגערן „טרייף־פסול.“ מ'האט געמאכט אויפ'ן טרייף־פסול אן עכטען „או־טא־דא־פע“ און דעם „פערברעכער“ האט מען געשמיסען. זיין פאס האט מען פערהאלטען. דעמאלט אבער, בעת דער „דיקטאטור פונ'ם פראלעטאריאט“ האט זיך אריינ־געמישט די „פארטיי“. אין ליבאוויטש איז די פארטיי בעשטא־

נען פון די „פועלי ציון." א קאמיטע פון דער אָרגאַניזאַציע איז אריין אין „הוֹ'ף" און פערלאנגט מ'זאָל דעם יונגען מאַן אַבגעבען זיין דאָקומענט. א וואָרט פאר א וואָרט — איינער פונ'ם קאמיטע, צ: סטראַשען די הויפּלייט, האָט אויסגעשאָסען אין באַלקען. דער „הויף" האָט זיך שטארק איבערגעשראָקען. מ'האָט דעם ישיבה־בחור דעם פּאַס אבגעגעבען. אבער דערפאר האָט מען גע'מסר'ט די יונגע לייט פון דער קאָמיטע און מ'האָט זיי ארעסטירט. איינעם, צי צוויי האָט מען, זאָגט מען, פער־שיקט. נאָך דעם אבער האָט דער „הויף" געציטערט פאר דער נקמה פון די „אחדות'ניקעס" און האָט איינגעצאָהלט שטראָף 2000 רובל.

צווישען די ישיבה־לייט איז מעהר ניטאָ ווי איין דרייסטער בחור, וואָס וואגט צו נעהמען בעהאלטענערהייט אין ביבליאָטעק פון דער שולע העברעאישע ביכער. איך האָב זיך מיט איהם געטראָפען אין דער ביבליאָטעק. ער האָט מיר גע־זאָגט, אז צווישען די קלויזניקעס איז דאָ ניט ווייניג, וואָס וואָל־טען, אזוי ווי ער, גערן געלעזען השכלה־ביכער. נאָר זיי האָבען מורא. דער רעזשים איז זעהר א שטרענגער. פאראַן שפּיאָנען, און אָפט ווערט געמאַכט ביי די „פערדעכטיגע" רעוויזיעס. אָנ־געלערנט פון „יענע טעג" וועט מען איצט ניט שמייסען פאר א „טריף־פסול". אבער ביי דעם, וואָס מ'כאַפּט, טרייבט מען איהם ארויס אָהן א שום דבורים. דאַן איז די קאריערע פער־לאָרען. ווארום ביי דריי פערטעל פון די ישיבה־לייט איז דער לערנען אַזאַ קאריערע, פּונקט, ווי ביי די יונגע לייט, וואָס שטודירען אין די שקאָלעס און אוניווערזיטעטען.

דער איינציגער ליכט־שטראַהל אין ליבאַוויטש איז די יודי־שע פאָלקס־שול. זי, צוזאמען מיט דער ביבליאָטעק, האַלטען אויך אויף דעם „נר תמיד" פון שטעדטעל, לאָזען איהר ניט אין גאנצען אונטערגעבען זיך דער דונקעלער מאַכט פון הויף. דאָס ווייס טאקע דער „הויף" און גראָבט זיך שטיל און טיעף אונטער דער איינציגער ליכט־פערשפּרייטערין אין שטעדטעל.

די שולע געפינט זיך אין עק שטעדטעל, גלייך ווי זי וואָלט זיך בעהאַלטען פון מורא פאַר די בייזע בליקען, וואָס ווערען אויף איהר געוואָרפען פון הויף. אבער שטעדטעלדיגע קינדער האָבען זעהר ליעב זייער שול. פרעסט, זאַווייעס און געדיכטע בלאָטעס, אין וועלכע ליבאַוויטש טרינקט זיך אַ האַלב יאָהר נאַכאַנאַנד, האַלט זיי ניט אָב פון בעזוכען די שולע. די שול האָט אַ פרייען הויף מיט אַ זעהר גרויסען גאָרטען, וועלכען מ'האָט זעהר גוט געקאָנט אויסנוצען איינפלאַנצען דורך איהם אין די קינדער ליעבע צו דער נאַטור. דאָס איז איינע פון די זעהר ווינציגע שולען, וואָס דערנעהענען זיך צום טיף פון אַן אמת'ער פאָלקסשול. די קינדער ווערט געלערנט מאַמע־לשון. אַ סך פון זיי שרייבען גאַנץ שען יודיש. די לעהרער וועקען בכלל אין די יונגע נשמות פון זייערע שילער און שילערינען ליעבע צו די יודישע קולטור־אוצרות. אויפ'ן הויף פון דער שולע איז צוליב דעם צוועק דאָ אַ גרויסע געביידע, וואָס די לעהרער האָבען צוגעפּאַסט פאַר אַ פאָלקס־טהעאַטער. די שילער טרעטען דאָ אָפּט ארויס אין לייכטע קינדער־פאָרשטעלונגען, וואָס אַמוזירען זעהר שטאַרק די קינדער און אויך זייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער. אַ חוץ קינדער־פאָרשטעלונגען, מיהען זיך די לעהרער צו געבען פאַר די עלטערן פון זייערע קינדער, ערנסטע פּיעסען. די ליבע פון די שטעדטעלדיגע צו דעם דאָזיגען שול־פאָלקס־טעאַטער איז אַזוי גרויס, אַז דער „הויף“ וואַגט ניט דירעקט אנצופיהרען אַ קאַמפּף געגען בעזוכען דעם טעאַטער. ער זוכט דעריבער מיטלען, אונטערצוגראָבען די שול, וועט שוין דער טעאַטער במילא פאַלען צוזאַמען מיט איהר.

די לעהרער ציטערן פאַר דער צוקונפט פון זייער שולע. זיי האָבען אַנגעווענדט אַלע מיטלען צו ראַטעווען איהר עקזיסטענץ. אָבער זייערע קרעפטען זענען צו שוואַך. די ליבאַוויטשער שולע איז איינע פון די זעהר ווינציגע, וואָס דערנעהענען זיך צו דעם טיף פון אַן אמת'ער יודישער פאָלקס־שול.

# די לידער ישיבה.

דער אויפטוער און גרינדער פון דער לידער ישיבה איז געוועזן דער אומעטום בעוואוסטער, פערשטארבענער לידער רב ריינעס. די אידעע פון דער ישיבה איז געווען צו שאפען א מין יודישע אקאדעמיע, אדער רבנים־סעמינאר, ניט גאר אויפ'ן אייראפייאישען שטייגער, אבער ס'זאל זיין אביסעל נאכגעגעבען די פאדערונגען פון דער צייט.

ריינעס איז אין גרונד געווען א שטרענג ארטאדאקסישער רב. ער האט אויך געוואלט, אזוי ווי די רבנים פונ'ם אלטען שניט, אז די גמרא מיט די אלטע ספרים זאלען ניט פערגעסען ווערען פון דעם פאלק ישראל. ער האט אויך צוגעזעהן, מיט א ביטער הארץ, אז די אלטע תורה ווערט יא פערגעסען; אז לערנער אין די ישיבות און בתי מדרשים ווערען, וואס א יאהר, אלץ ווייניגער. ער איז אבער געווען וועלטליכער פון אנדערע רבנים. האט געהאט א ברייטערן קוק אויפ'ן לעבען, ווי צ. ב., ר' חיים סאלאווייטשיק, דער בריסקער רב. ער האט פערשטאנען, אז די אלטע ישיבה מיט איהרע „טעג“, מיט איהר שטויב און שימעל קען שוין ניט מעהר צוציהען די יודישע יוגענד, אפילו די פרומע, וואס ווילען נאך לערנען תורה. און ער איז געגאנגען אויף א קאמפראמיס מיט דער צייט.

זיין ישיבה האט ריינעס געגרינדעט אין יאהר 1905, אין רעכטען קאך פון דער רוסישער רעוואלוציע. לויט ווי ריינעס

---

האט מיר פערזענליך ערקלערט, איז איהר ציעל געווען ניט אזוי ארויסצובריינגען רבנים, ווי צו ערציהען יודען־לומדים, וואס זאלען קענען גוט פערשטעהן א בלאט גמרא מיט תוספות, מיט אלע חדושים, און זאלען, צו דערזעלבער צייט, ניט זיין אונגווי־סענד אין וועלטליכער בילדונג. צוליב דעם צוועק ווערט אין לידא אויך געלערנט: רוסיש, אריפמעטיק, געאמעטריע, אל־געברא, רוסישע און אלגעמיינע היסטאריע און נאטור־וויסענ־שאפט. דאס אלץ, נאטירליך, ניט אין א גרויסער מאס. אונגע־פעהר לויט דער פראגראם פון א העברעע פאלקסשולע. גרינדלי־כער אביסעל ווערט געלערנט: העברעאישע שפראך, ליטעראטור און היסטאריע, און ספעציעל תנ"ך.

די ישיבה ווערט איינגעטיילט אין פיער „מחלקות", ס'הייסט קלאסען. אין דער ערשטער „מחלקה" ווערט געלערנט א בלאט גמרא מיט תוספות. אין דער צווייטער — מיט אנדערע מפרשים. אין דער דריטער — א בלאט גמרא מיט פלפול. אין דער פערטער — ווערט שוין דער ישיבה בחור בעקאנט געמאכט מיט די פערשידענע מעטאדען און אנאליזען פונ'ם תלמוד. אויפ'ן תלמודישען לשון הייסט עס: „חדושי תורה", „לשיטתות" און „חלוקים". אין פינפטען און לעצטען קלאס ווערט שוין ער־לויבט דעם „תלמוד מחדש צו זיין", ד. ה. בענוצענדיג זיך מיט די תלמוד'ישע מעטאדען, אריינלעגען אין דאס געלערנטע איי־גענע געדאנקען, ערקלערן די שווערע שטעלען נאך דעם אייגע־נעם שכל.

א חוץ אט די פינף קלאסען עקזיסטירט אין דער ישיבה א „מכינה", ס'הייסט — א פארבערייטונגס־קלאס. די „מכינה" איז א זעלבסטשטענדיגע פריוואטע אבטיילונג, וואס ווערט געפיהרט פונ'ם לידער רב'ס איידעם. דארט ווערט געלערנט אנ־הויב גמרא מיט א תוספות.

דער סדר פונ'ם טאג אין דער ישיבה איז אזוי: אין דער פריה מוז מען זיין אין דער ישיבה און מ'דאווענט בצבור. דער־נאך ווערט עפעס איבערגעביסען און האלב צעהן אדער צעהן זעצט מען זיך לערנען. מ'לערנט אליין ביז האלב איינס. פון האלב איינס ביז האלב דריי דויערט דער „שיעור", ס'הייסט די לעק־

ציע פון די ראשי ישיבה׳ס. פון האלב דריי ביז פיער איז וואר־מעס. פון פיער ביז זעקס, אדער זיבען (אום ווינטער) חזר׳ט מען פאר זיך. פון זעקס געהען וואכעדיגע למודים.

די לעהרער און פערוואלטונג פון דער ישיבה בעשטעהען פון פאלגענדע פערזאנען: דריי ראשי ישיבה׳עס, דריי אלגע־מיינע לעהרער, צוויי לעהרער פון יודישע למודים, איין משגיח, (אויפזעהער), איין סעקרעטאר און צוויי שמשים. צו שאפען מיטלען פאר די ישיבות פאהרען ארום איבער דער גאנצער וועלט א צעהן, צוועלף משולחים, וועלכע ברענגען אריין צעהנדליגע טויזענדער רובל פאר דער ישיבה. א חוץ דעם האט די ישיבה איניגע רייכע אונטערשטיצער, וואס גיבען איהר א היבשע שטיצע.

די ישיבה־לייט, וואס קומען אין לידא לערנען, זענען דאס רוב קינדער פון רבנים, שוחטים, מלמדים. דער גרעסטער טייל פון זיי זענען פון קליינע שטעדטלאך. ניט ווענינ קומען אבער אויך פון ווארשא, לאדז, ווילנא. מ׳קומט פון קאווקאז, אפילו פון סיביר.

אין דער ישיבה צוזאמען מיט דער „מכינה" לערנען איבער דריי הונדערט בחורים. אין דער „מכינה" קאסט טייערער. דע־ריבער קומען אהער אן כמעט בלויז פערמעגענדע. אין דער ישיבה גופא זענען א העלפט ארימע קינדער.

די דורכשניטליכע אויסגאבען פון א ישיבה־בחור איז גע־ווען אין יאהר 1912, צעהן רובל א מאנאט. צוויי—דריי רובל א מאנאט קאסט דירה; נאך אמאל אזוי פיעל קאסט דעם ישיבה־מאן מיטאג, און דיזעלבע סומע אנבייסען און וועטשערע. צו־זאמען. די רייכערע גיבען אוים פון פופצעהן ביז פינף און צוואנ־ציג רובל א מאנאט. פאראן ארימע ישיבה־לייט, וואס לעבען מיט ניין קאפיקעס א טאג. עסען „טעג" איז אין לידא קיין מאדע ניט. נאר זעלטען, ווען ס׳טרייבט איהם די אויסערסטע נויט, וועט זיך ערלויבען א לידער ישיבה־בחור צו עסען ביי א פרעמדען טיש. אזוינע זענען פיליכט אין דער גאנצער ישיבה דא ניט מעהר, ווי צוויי, דריי. איז דאס פון דער ערשטער מחלקה, פון די יונגערע קינדער. אנשטאט „טעג" בעקומען די

אָרימערע אונטערשטיצונג פון דער ישיבה. די שטיצע ווערט גע־געבען פון אנדערהאלבען ביז פינף רובל א מאנאט. דאָס איבעריגע מוזען די ישיבה־לייט קריגען פון דער היים.

דער לידער ישיבה־בחור איז גאר א נייער טיפ. ער איז פאר קיין פאל ניט גלייך צו דעם געוועהנליכען מין „קלויזניקעס“ לויט דעם בעגריף, וואָס מיר האבען פון זיי. די קלויזניקעס פון דער לידער ישיבה געהען אנגעטאן ריינליך, געפוצט די שיך, אהן פאות, אין שווארצע, אדער בלויע העמדלעך. ווען דער ישיבה־בחור איז פריי פון זיינע ספעציעלע למודים, מעג ער לערנען ביכער, יודישע, העברעאישע, רוסישע — וואָסערע ער וויל. די ישיבה גופא האָט אן אייגענע ביבליאָטעק. עס זענען דאָ אזעלכע ישיבה־לייט, וואָס האבען געלעזען באָקל, דרעפער און אפילו אטא ווייניגער.

לויט די ידיעות, וואָס מענשען, וועלכע שטעהען נאָהענט צו דער ישיבה, האבען מיר געגעבען, איז ניטאָ קיין איין ישיבה־בחור, וואָס זאָל ניט לעזען ביכער, א חוץ די הייליגע ספרים, וואָס ווערען געלערנט אין דער ישיבה. העברעאיש, נאטירליך, לעזען אלע. דאָך לעזען כמעט א העלפט מעהר די רוסישע ליטעראטור, ווי די העברעאישע. ביי אנדערע איז איינגעטיילט דאָס לעזען רוסיש און העברעאיש אויפ'ן זמן. איין זמן לעזט מען נאָר רוסיש, דעם אנדערן נאָר העברעאיש.

זענען די ישיבה־לייט פרום?

אויף אָט דער פראגע איז שווער צו ענטפערן גלאַט. פאראן צווישען זיי א קליינע צאָהל איבערצייגטע פרומע, וואָס לערנען און דאווענען און טוען אנדערע מצוות „לשמה“, ס'הייסט אויפריכטיג. ניט וועניגער איז פאראן אבער צווישען די לידער ישיבה־לייט גאנץ פרייגעזאָנענע. ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט קלינגען, ס'איז אבער א פאקט, אז צווישען די ישיבה־בחורים זענען אויך פאראן פארברענטע א ס י מ י ל א ט א ר ע ן. דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס א געוויסער טייל שילער פון דער לידער ישיבה בעשטעהט פון געוועזענע „עקסטערניקעס“ — יונגע לייט, וואָס האבען זיך געגרייט אין אוניווערזיטעט. אין

דער ישיבה זענען זיי אנגעקומען, ניט צוליב „רבנות“, און ניט צוליב „לומדות“, נאר פשוט, ווייל מען דארף דאך ערגעץ וואו לערנען, און ווייל מ׳לאזט זיי ערגעץ ניט אריין, קומען זיי אהער.

דער גרעסטער טייל פון די ישיבה לייט זענען אבער נאציאנאל געשטימט. אין די פרייע טעג איז די ישיבה, ווי אלעס אין די יודישע שטעדט געווען צוטיילט אין פארטייען: „ס. ס.“, „פועלי ציון“, סתם ציוניסטען, ניט ציוניסטען און אנטי־ציוניסטען.

ווי בעציהען זיך די איבריגע רבנים און לומדים צו דער לידער ישיבה?

לויט די ידיעות, וואס איך האב בעקומען אין לידא גופא און אין אנדערע ערטער, ווייזט אויס, אז די ארטאדאקסען קוקען זעהר קרום אויף דער דאזיגער ישיבה. זיי פיהרען געגען איהר א שטילען קאמפף. זיי קענען אבער גאר ניט העלפען. דער הונגער אין שולען, די רעוואלוציע אין גייסטיגען לעבען פון דער יודישער יוגענד, אפילו אין די אבגעלעגענע און פערווארפענע פוילישע שטעדטלאך, די גזרות אויף די יודישע סטודענטען,— דאס אלעס פערזיכערט געגוג שטאף דער לידער ישיבה.

איך האב געפרעגט דעם לידער רב, פארוואס ער פיהרט ניט איבער זיין ישיבה אין ווילנא, וואו די ש לער וואלטען געהאט א ברייטען באדען פאר זייער ענטוויקלונג, ווייל דארט אין לייכטער צו קריגען פאסענדע לעהרער אין אלע געביטען פון דער ישיבה׳ס פראגראם. האט מיר ריינעס געענטפערט, אז ער האט וועגען דעם אויך געקלערט, נאר ער האט מורא. דער טומעל, די צושטרייאונג פון דער גרויסער שטאדט קאן זיי אבציהען פונ׳ם לערנען.

איך האב געפרעגט ריינעס׳ן, פארוואס ער סטארעט זיך ניט איינפיהרען אין זיין ישיבה וועלכע עס איז טעכנישע למודים, צ. ב. א פראפעסיאנעלע אבטיילונג, צו א שולע פאר גערטנעריי. אויב דער הויפט ציעל איז ניט צו מאכען פון די שילער קיין רבנים, נאר געבען זיי יודישע און אלגעמיינע בילדונג, איז דאך אויך וויכטיג צו געבען זיי אין האנד א וועלכע

עס איז פּראָפּעסיע, זיי זאָלען קענען פערדינען זייער ברויט. דער רב האָט מיר דערויף אויך געענטפערט, אז ער ווייס זעהר גוט, אז „טובה תורה עם מלאכה", אז די טעאָרעטישע למודים איז נויטיג צו פערבינדען מיט אַ פּראַקטישער בעשעפטיגונג, וואָס זאָל געבען חיונה. ליידער זענען דאָ זעהר ווייניג מענשען, וואָס זאָלען דאָס פערשטעהען און העלפען איהם אַוועקשטעלען די ישיבה ווי ער וואָלט עס געוואָלט.

# צו גאַסט ביי די קאַראַאימער אין טראָק.

„טראָק" איז כמעט יעדען רוסישען יודען בעקאַנט, און בעקאַנט בלויז פון דעם בעוואוסטען ווערטעל: „איך הער דיך אין טראָק."

פון וואַנען שטאַמט אָט דאָס ווערטעל? און וואָס בע־שטעהט עס?

מיר איז דאָס געווען אינטערעסאַנט צו וויסען. נאָר ביי וועמען איך האָב ניט געפרעגט אין ווילנא, האָט יעדער גע־קוועטשט מיט די פּלייצעס, אַזוי ווי ער וואָלט זיך דאָס ערשטע מאָל געכאַפּט אויף דער רעטענים פון אָט דעם ווערטעל.

ערשט זייענדיג אין טראָק, האָב איך געקענט קריגען א שלי־סעל צו אָט דער רעטענים.

אייגענטליך איז דאָס געווען ניט איין שליסעל, נאָר עטלי־כע שליסלען, וועלכע איך לעג דאָ ארויס פאַר דעם לעזער.

„טראָק איז גאָר אמאָל געווען אין פּאָליציייליכער הינזיכט, דער צענטער פון ווילנער גובערניע, און אפשר פון גאַנץ ליטא. פון דאַנען פלעגען געהן פעראָרדנונגען: אהער פלעגט מען פער־זעצען אין טורמע אָדער אין דער אַלטער פעסטונג פון די אַמאָ־ליגע ליטווישע פירסטען די יעניגע, וואָס פלעגען זיך פער־זינדיגען. „וואַרט, וואַרט! וועסט מיך שוין הערען אין טראָק!" — פלעגט דער פּאָליציסט דראָהען דעם ווילנער שטאָלצען איינ־וואָהנער, און דאָס האָט געהייסען, ווי געדראָהעט מיט טורמע אָדער פעסטונג. יודען האָבען גענומען דאָס ווערטעל און אי־

בערגעקעהרט, ווי דאָס איז אָפּט דער שטייגער ביי אונז, אויף דער לינקער זייט."

אזוי האָט מיר איינער, א טראָקער יוד, ערקלערט.

א צווייטער גיט אָבער אַן אנדער פּירוש: טראָק איז דער מיטעלפּונקט פון די קאַראַיאַמען פון ליטא, וואָהלין און גאַליציען. זינט די קאַראַימען האָבען בעקומען פון דער רוסישער רעגיערונג רעכט און פּריוועליגיעס, זענען די טראָקער קאַראַאימען געוואָרען ביי זיך גרויסע יחסנים. „איך הער דיך אין טראָק" הייסט אלזא: איך הער דיך ווי דער טראָקער קאַראַאים הערט דעם טראָקער קוואַרטאַלנעם.

א דריטער גיט אזא מין היסטאָרישע ערקלערונג: דאָס ווערטעל איז ענטשטאַנען דאַן, ווען די יודען פון רוסלאַנד און גאַליציען האָבען בעזעסען פון די פּוילישע מלכים א געוויסע זעלבסט־פערוואַלטונג אין דער געשטאַלט פון דעם בעריהמטען „ועד ארבע הארצות," רבנים־קאָנגרעס פון פיער לענדער (פּוילען, ליטא, וואָהלין און גאַליציען.) דער דאָזיגער קאָנגרעס האָט געהאַט צו זאָגען איבער דאָס אינערליכע יודישע לעבען און איז געווען דער יודישער פאָרשטעהער פאַר דער קרוין. יעדע יודישע געמיינדע האָט געמוזט פאָלגען די בעשליסען און פעראָרדנונגען פון דעם „ועד ארבע הארצות", א חוץ — טראָק. פאַר וואָס? ווייל טראָק האָט זיך גערעכענט פאַר א קאַראַאימען־שטאָדט. אָפּיציעל איז דאָרט קיין יודישע געמיינדע ניט געווען. א ביסעל יודען זענען אבער דאָרטען פאָרט געזעסען, האָבען זיי געבילדעט אין בעציהונג צו דעם רבנים־קאָמיטעט, אָדער רבנים־קאָנגרעס א מין פרייע רעפּובליק. כל זמן א טראָקער יוד האָט פערווײלט ערגעץ אנדערש, האָט אויף איהם דער „ועד ארבע הארצות" געהאַט די מאכט. קוים אָבער איז ער געקומען צו זיך א היים, האָט ער געזאָגט: איך הער דיך אין טראָק! און דאָ האָט שוין דאָס ווערטעל א דירעקטען זין.

און טאָמער איז אייך ווייניג, איז דאָ נאָך א פּירוש, וועלכער איז אין מיינע אויגען די סאַמע וואָהרשיינליכע ערקלערונג פון אָט דעם זאָנדערבאַרען ווערטעל. עס איז דאָ א לעגענדע — און יעדער ווילנער און טראָקער יוד וועט זי אייך דער־

צעהלען — אז גאַר אמאָל, אין דער הערשאפט פון די ערשטע ליטווישע פירסטען, האָט זיך געצויגען א הייל אונטער די אזע־רעס, אזש פון'ם טראָקער פירסטליכען שלאָס ביז דעם ווילנער שלאָס, אויפ'ן בארג פון'ם איצטיגען באָטאַנישען גאָרטען. אַנ־דערע זאָגען, אז די הייל האָט זיך געצויגען ביז דער ווילנער גרויסער שוהל. דיזעלבע לעגענדע זאָגט, אז בשעת מען האָט געדרעדט אין איין עק הייל, צום ביישפּיעל אין ווילנא, האָט מען געהערט אין דעם צווייטען עק, אין טראָק. פון דאַנען נעהמט זיך ביי ווילנער יודען דאָס ווערטעל „איך הער דיך אין טראָק“, פערשטעהט זיך אין אַן איבערגעקעהרטען זין. פון ווילנא איז דאָס אוועק איבער גאַנץ ליטא.

---

טראָק געפינט זיך ניט ווייט פון ווילנא, א וויאָרסט זיע־בען און צוואַנציג. דאָס שטעדטעל ליגט אויף א שמאָלען ענגען פּאַס צווישען צוויי גרויסע אָזערעס, וואָס ציהען זיך וויאָרסטען לאַנג פון ביידע זייטען. טראָק איז זעהר אַן אַלטע, איינע פון די מערקווירדיגסטע טיפּישע שטעדטלאַך אין ליטא. די לעגענדע דערצעהלט, אז טראָק און ווילנא זענען געבויט געוואָרען אין איין צייט פון די צוויי ליטווישע פירסטען קייסטוט און העדי־מין. אין שטעדטעל געפינט זיך א שענער גאָרטען נאָך פון יענע אַלטע צייטען. פון'ם גאָרטען, איבער וואַסער, אויף איינעם פון די אינזלען, וואָס ליגען אויף דער רעכטער אָזערע, ווייזט מען אייך פּאָר פינף קאָפּיקעס די חורבות פון דעם אַל־טען ליטווישען שלאָס און דער פעסטונג. אז די הייל, וואָס ציהט זיך אונטער דער אזערע פון טראָק ביז ווילנא, איז מעהר ווי א לעגענדע, בעווייזט דער פאַקט, וואָס מיט איניגע יאָהר צוריק האָבען ארכעאָלאָגען געגראָבען אין פערשיעדענע ער־טער, זוכענדיג די הייל, נאָר זיי האָבען ניט געפונען קיין שפּור פון דער עפנונג. צו איז איהר שפּור ווירקליך פערפאַלען גע־וואָרען, אָדער עס זענען דאָ אזעלכע, וואָס ווייסען דעם סוד, נאָר זיי ווילען ניט אויסזאָגען, איז אונבעשטימט. כאַראַקטע־ריסטיש איז די בייקע צווישען יודען, אז די הייל האָט זיך גע־צויגען ביז'ן יודישען שול־הויף. פיליכט איז דאָ ווירקליך גע־

גאנגען א בעזונדער צווייג אום צו פערשלאָגען דעם שפּור אָדער אום צו האָבען א זיכערען אויסגאנג אין פאַל פון א נויט, אָדער צוליעב אנדערע פּאָליטישע צוועקען פון יענער צייט? אויף דאָס אלעס איז יעצט שווער צו קריגען אַן ענטפער. די אזערע איז זעהר טיעף, ביז דרייסיג קלאַפטער, און די מלאכה פון גראָ־בען אונטער איהר א הייל דערמאָהנט אייך אַן די ריזיגע ארבייט פון די אלטע עגיפּטישע פּיראַמידען. אלענפאַלס ברייגגט דאָס אויפ'ן געדאַנק, אז דאָס ליטווישע פאָלק האָט אמאָל בעזעסען א היבשע שטופּע פון קולטור.

ווען זשע זענען געקומען אהין, קיין טראָק די קאַראַאימען? ווי אזוי קומען זיי אהער? דאָס געגוי איז מיר געווען שווער צו דערגעהן. דער חאַכאַם (חכם, רב) פון די טראָקער קאַראַאימער האָט מיר אַנגעגעבען די צייט פון מעהר ווי 500 יאָהר צוריק. ער האָט מיר זאָגאַר געגעבען די דאַטע — 1385, אָדער 1386 נאָך דער קריסטליכער צייט־רעכנונג. געקומען זענען די היגע קאַראַאימען אהער פון קרים. ווי אזוי? דערויף איז פאַראַן צוויי דעות. א ין דעה זאָגט, אז בשעת די ליטווישע פירסטען האָבען געפיהרט קריעג מיט די קרימער טאַטאַרען, האָבען זיי גע־בראַכט אהער געפאַנגען עטליכע הונדערט קאַראַאימען. די קאַ־ראַאימען אליין אבער שטעהט ניט אַן אזוי צו ערקלערען זייער יחוס. דער חאַכאַם האָט זיך געמיהט אבצולייקענען מיר אָט די מיינונג און אָנגעבען אַן אנדערע, וואָס איז פאַר זיי אָנ־שטענדיגער. א שטויגער: די קאַראַא מען זענען, ווי די יודען, פרייוויליג אהער געקומען און האָבען זיך אין איין צייט בע־זעצט אין ליטאָ, וואָהלין און גאַליטש (גאַליציען), אזוי ווי די יודען ביי די פּוילישע מלכים, האָבען די קאַראַאימען אויסגענו־מען ביי די ליטווישע פירסטען געוויסע תנאים, רעכט און פּריוויוועלעגיעס. טראָק איז געוואָרען זייער הויפּט־שטאָדט אין דער געגענד. דער טראָקער חאַכאַם רעכענט זיך צו דער זעלבער צייט דער חאַכאַם פון אלע ליטווישע קאַראַאימען.

---

איך בין געווען אין א סך יודישע שטעדטלאַך און קיינע פון זיי האָט ניט געמאַכט אויף מיר אזא טרויעריגען איינדרוק,

**ווי טראָק. עפּעם דאַכט זיך אייך, אַז דאָס שטעדטעל איז אַזוי** ווי געבונדען אין קייטען און קען ניט אויסציהען די גליעדער, ניט רעכטס און ניט לינקס. דאָס שטעדטעל, ווי אויבען איז שוין געזאָגט, איז אויסגעשטרעקט אויף אַ שמאָלען פּאַס, ווי אַ מין וויספּע... קוים וואָס עס קלעקט פּלאַץ אויף דער לאַנגער שמאָלער איינציגער שטעדטעל־גאַס מיט די ביידע רייהען היי־זער פון ביידע זייטען. אַרום די הייזער — קליינצינקע הויפּע־לעך, ערטערווייז גערטלעך, און אַט דערביי וואַסער. וואַסער רעכטס, וואַסער לינקס, וואו איהר גיט אַ וואָרף מיט'ן אויג. „פּאַ סטאַראָנאַם וואָדאַ, אַ פּאַ סערעדיניע ביערדאַ"*) האָט מיר ערקלערט אין אַ רוסיש ווערטעל דער קאַראַאימישער חאַכאַם, די לאַגע פון טראָק.

אַ חוץ דעם שטאָדטיגען סאָד, איז זעלטען דאָ צו געפינען אַ בוים, אַ בלום. דאָס וואַסער דריקט ווי אַ וויסטע, איינטאָ־ניג און טרויעריג. אפילו אין פיש איז די שטעדטעל זשעדנע פון זייער אייגענער אַזערע. די שטאָדטיגע פערוואַלטונג (די אַזערעס בעלאַנגען צו דער שטאָדט) פערדינגט דאָס פיש־כאַפּען־רעכט צו אַ פּאָליאַק; דער פּאָליאַק פיהרט אַוועק די פיש אין ווילנאַ; שטעדטעל איז גערן, אַז עס קריגט אַ פונט פיש און צאָהלט טייערער, ווי ווילנער בעלי בתים צאָהלען פאַר די זעל־בע פיש.

די הייזער, ווי די יודישע, אַזוי אויך די קאַראַאימישע, זע־נען אָרעם און פול מיט אומעט. י ו ד ע ן זענען דאָ אונגע־פעהר אין אַ צאָהל פון הונדערט מיט צוואַנציג פאַמיליען. כמעט אַלע זענען קרעמער און הענדלער. מען האָט צו טאָן מעהרס־טענס מיט'ן אָרימען גוי, ווייל דער פערמעגענדער קריסט קויפט און פאַרקויפט אַלעס אין ווילנאַ. מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט מען דאָ געמאַכט אַ שאָסיי, און דער שאָסיי, ווי דער שטויגער איז אָפט, האָט געבראַכט מעהר שאַדען ווי נוצען. העלפט פון די שטעדטעלדיגע גופא קויפען זיך און נייהען זיך אַלעס אין ווילנאַ. בעלי מלאכות יודישע זענען פאַראַן דאָ זעהר ווינציג:

---

*) ביי הי זייטען וואַסער און אין מיטען צרות.

עטליכע אינגאנצען*). און — דאָך האָט מיר ערקלערט אַ שטעד־טעלדיגע בעל הבית — לעבט מען זיך ווי עס איז דורך. אלע האָ־בען כמעט די אויסקומענעס, און אָרימע לייט, אזוינע וואָס דאַרפען אָנקומען צו יענעם, זענען דאָ כמעט ניטאָ. אָט מען דרעהט זיך אהער, אהין. ווילנא נעהמט צו. ווילנא גיט אבער עפּעס אויך. מ'דרעהט זיך ארום ווילנא.

די קאַראַאימען געפינען זיך כמעט אין אַ דאָפּעלטער צאָהל, ווי די יודען. זיי בעשעפטיגען זיך מיט אלע יודישע פּרנסות: האַלטען קראָמען, האנדלען מיט'ן גוי, האַלטען ביער־האַלען און שענקען, ניט ווי די יודען, אויף אַ פרעמדען נאָמען, נאָר אויף זייער אייגענעם נאָמען, ווייל זיי האָבען אלע רעכט צוגלייך מיט די רוסען.

און דאָך, ניט קוקענדיג אויף די אלע רעכט, לעבט דאָס רוב קאַראַאימישע בעפעלקערונג נאָך אָרימער, ווי די יודישע.

פאַר וואָס ?

איינפאַך דערפאַר, ווייל די יודישע בעפעלקערונג איז ריה־רעוודיגער, קולטורעלער, האָט מעהר אונטערנעהמונגס־גייסט, ווי די קאַראַאימער. דער גרעסטער טייל פון זיי בעשעפטיגט זיך מיט גערטנעריי. פון אמאָליגע צייטען אָן איז זיי געבליבען די ליעבע צו דער נאַטור, ווי די ציגיינער, ווי די טאַטאַרען, וועמעס שפּראַך זיי האָבען ערהאַלטען אין זייער הויזליכען אומגאַנג ביז היינטיגען טאָג.

און די טראָקער קאַראַאימען רעכנען זיך און ווערען גע־רעכענט פון זייערע ברידער ארום אלס די סאַמע ענטוויקעלטע און געלערנטע. די איבריגע קאַראַאימען אין זאַמוט, וואָהלין און גאַליטש, ל גען פערוואָרפען אין די דערפער, בעשעפטיגען זיך ווי די ארומיגע פּויערים, פון וועלכע זיי אונטערשיידען זיך קנאַפּ וואָס אין זייער עקאָנאָמישען, ווי אויך אין זייער גייסטיגען לעבען.

---

*) די לעצטע צייט איז דאָ געוואָרען אַ פאַר שוך־פאַבריקען. וואו עס אַרבייטען די זעלבע געוועזענע שוסטער.

טראָק איז אַלזאָ ביי אַט די אַלע קאַראַאימען דער „רבי“. דאָס איז אַ מין ירושלים, צו וועלכער אַלע הויבן זייערע אויגן נאָך קאַראַאימישער תורה.

אָבער די טראָקער קאַראַאימען אַליין פיהלען זיך ניט זעהר גוט אין זייער „ירושלים“. די לאַגע פון טראָק ווערט שלימער פון יאָהר צו יאָהר. טראָק פלעגט פריהער, אין זומער־צייט, ווערען בעלעבט פון ווילנער שפּאַציער־פאָהרער, וועלכע פלעגען קומען אָהער אָפט, אין אַ שענעם וועטער, אום צו שיפען זיך אויף די ברייטע אָזערעס. מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט גראַף טיש־קעוויטש, צו וועלכען עס בעלאַנגט לאַנדוואַראָוואָ*) דאָרט איינגע־אָרדענט אַ שענעם פּאַרק מיט מוזיק ביי דער דאָרטיגער אָזערע. פון דעמאָלט אָן בלייבען די זומער־געסט אין לאַנדוואַראָוואָ, און טראָקער קוקען אויף זיי אויס די אויגען אומזיסט.

איך האָב מיך צוגעקוקט צו די קאַראַאימישע קינדער, אויפ'ן בליק — קליינע טאַטערליך, ניטאָ די לעבעדיגקייט, די מונטערקייט, וואָס איהר בעמערקט גלייך אין די אויגלעך פון די יודישע קינדער. דערפאַר אָבער ליעגט אויף דעם גאַנצען בוי פון דעם אויסערליכען קאַראַאימישען לעבען עטוואָס טיעף פּאַטריאַרכאַלעס.

איך בין געוועזן אין הויז ביי דעם יודישען רב און ביי דעם קאַראַאימישען חאַכאַם. דער חאַכאַם לעבט פיעל שענער, אייראָ־פּעאישער. דער זיין געהאַלט איז ניט פיעל גרעסער ווי דעם רב'ס. זיין הויז איז איהם געבליעבען בירושה פון זיין פער־מעגענדען פאָטער. אין דער יוגענד איז ער געוועזן אַ לעהרער אין אַ גימנאַזיום. דערנאָך אַן אַקציז־בעאַמטער. צו די עלטע־רע יאָהרען האָט ער זיך אַנגעגעבען אין דימיסיע, און בעקומט פון דער רעגיערונג אַ פּענסיע. דער חאַכאַם האָט מיר געוויזען

---

*) די נעבסטע סטאַנציע פון ווילנא אויפ'ן וועג נאָך גראָדנאָ, ביאַליסטאָק און ווארשא.

זיין ביבליאָטעק. זעהר אָרעם אנטקעגען א רב'ס ביבליאָטעק! עטליכע סדורים, מחזורים, תנכ'ן און — דאָס גאָר. פון א כאכאם פאָדערט זיך נ ט קיין גרויסע למדנות. ער דאַרף קענען ערקלע־רען תורה, תפילה אין פשוט'ן זין. דאַרף קענען האלטען א רעדע, אין דער לאַנדס־שפּראַך; א ביסעל לשון קודש.

אַן איבערראשונג איז פאר מיר געוועזען די ערקלערונג פונ'ם חאכאם, אז די קאַראַאימישע געלעהרטע שעצען זעהר הויך די יודישע פילאָזאָפען פון מיטעלאַלטער. מאנכע פון זיי זענען אויך בעקאנט מיט „משנה". דער „רמבם" איז ביי זיי די העכסטע שטופע פון געלעהרטקייט. דער אבגרונד צווישען זיי און די תלמודישע יודען איז אלזאָ גאָר ניט אזוי טיעף.

דער חאכאם איז געווען זעהר צופרידען מיט מיין וויזיט: האָט מיך צוגענומען העפליך. זיין פרוי האָט מיך מכבד געווען מיט טיי. אין געשפרעך האָט ער זיך פאר מיר געקלאָגט, וואָס א קאָרעספּאָנדענט האָט אויף זיי גערעדט שלעכטס אין א צייטונג. זיי לעבען — האָט ער זיך פאר מיר פארענטפערט — גאָר ניט שלעכט מיט די יודען, און זיי ווייסען, אז „אנשים אחים אנחנו" — מיר זענען דאָך ברידער. א פאקט האָט ער מיר געבראכט: זיין פאָטער האָט געהאט אייגענע הייזער אין טראָק; האָבען דאָרט געוואָהנט יודען תלמודיסטען און ער איז אויפגעוואקסען אין איינעם מ ט זייערע קינדער. קיינמאָל האָבען זיי א וואָרט אויף א וואָרט ניט פערביטען! פאראַן ביי זיי א פּאָר רעדעל־פיהרער, ווילט זיך זיי זיין אין איין וואהל־צעטעל מיט די רו־סען, אבער די קאראאימישע מאַסע, דאָס פאָלק, ווייס גאָר ניט פון וואָס צו זאָגען.

דאָך, פון דעם חאכאמ'ס אייגענע רייד, האָב איך פערשטאַ־נען, אז די קאַראַאימען האָבען גאָר ווייניג חשק צו ווערען ווייע־דער מחותנים מיט די יודען. זייער לאַגע איז עפּעס ניט זעהר קיין בעקוועמע. דאָס ברייטע רוסישע פּובליקום האָט א קנאַ־פּען בעגריף אין דעם אונטערשיעד צווישען די קאראאימען און די יודען. אמאָליגע יאהרען האָט געגאלטען זייער טענה, אז דער תלמוד מאכט דעם יודען אונוויסענד און פאנאַטיש, הייסט איהם האַסען אלע אַנדערע פעלקער און האלטען זיך פאר דעם

„אתה בחרתנו“. היינטיגע צייטען אָבער, ווען די יודען שפּיעלען אזא ראָלע אין אלע פּראָגרעסיווע פּאַרטייען, האָבען זייערע טאָ־לאנטפולע פאָרשטעהער אין אלע ליבעראלע פּראָפעסיעס, איז שוין זייער טענה, מיט וועלכער זיי איז געלונגען ביי יעקאַטערינען אויסצובעטען פאַר זיך „פּראוועס“, אויס מאָדע. פערקעהרט: ניט אין דער ליטעראַטור, ניט אין דער פּרעסע, ניט אין געזעלשאַפט־ליכען און פּאָליטישען לעבען הערט מען א קאַראַאימישען נאָ־מען. זיי זענען געבליעבען ווי פערגליווערט אין זייער אלטען סעקטאַנטישען פאַנאַטיזם.

טראָק איז יעצט נאָר א שאָטען פון זייער אמאָליגען יחוס. דאָס לעבען איז דאָ אזוי לאנגווייליג און אומעטיג. די יודישע יוגענד אנטלויפט, וואוהין די אויגען טראָגען. ווי וועניג ריה־רעוודיג די היגע קאַראַאימישע בעפעלקערונג איז, אנטלויפען אויך זייערע יונגע לייט פון דאנען. נאָר ווער ניט ווער קומט, שוין צו די עלטערע יאָהרען, צוריק אהער, דערלעבען דאָ אין דעם אלטען פּאַטריאַרכאַלישען קרייז און פערגליווערטער רו־היגקייט דעם רעשט פון זיין לעבען. פּונקט אזוי ווי פרומע יודען וואנדלען קיין ארץ ישראל, דערלעבען זייערע לעצטע יאָהרען אין ירושלים.

# דער אונטערגאַנג פון די קאַראַאימען.

א מאָדנער געפיהל נעהמט אייך דורך, ווען איהר בעקומט די געלעגענהייט צוצוקוקען זיך נעהענטער צו אָט דעם הייפעל פון דער איינציגער יודישער סעקטע, וואָס איז געבליבען ווי אַ מיספערשטענדניס, ווי אַ טרויעריגער זכר פון אמאָליגע רע־ליגיעזע קאמפּפען אין יודישען פאָלק.

קוקט איהר אָן די גייסטלאָזיגקייט און אָבגעשטאַנענקייט פונ׳ם ארטאָדאָקסישען יודענטום אין איצטיגען מאָמענט, ווילט זיך אייך זוכען מ׳ט ליכט ערגעץ א שפּארע, א קליין שפּעל־טעלע אין דער דאָזיגער שטיקענעס, פון וואנען ס׳איז ארויסגע־טריבען יעדע שפּור פון אמת׳ער הארציגער רעליגיעזיטעט. עס פּעררריסט, פאר וואָס איז ביי אונז, ווי ביי אנדערע פעלקער, ניטאָ קיין סעקטען, ניטאָ צום אָנגענומענעם גלויבענס־שטויגער קיין שום ערנסטע אָפּאָזיציע, וואָס לופטערט דורך דעם אלטען שימעל, פרישט אָב הארץ און מוח, בעלעבט און וועקט דעם געדאנק.

קוקט איהר זיך אבער צו צו דעם איינציגען פּראָטעסטאַנ־טיזם א י ז דעם תלמודישען יודענטום — דעם חסידיזם, און — נאָך מעהר — צו דער איינציגער אפּאָזיציע צ ו ם תלמודישען יודענטום — צום קאראַאימערטום, ווערט איהר דורכגעדרונגען נאָך מיט א מעהר טרויעריגער שטימונג.

דער חסידיזם, אין זיין איצטיגער אויסגעוועבטער גע־שטאַלט, שטעלט פאר צומעהרסט א מין פערגליווערט שטיק

נעצענדרינעריי, געמישט מיט גראָבען אבסאָלוטיזם און צבועאַט׳סטווע. נאָך אָבשטויסענדער און טרויעריגער איז דער איצט גער קאַראַאימערטום.

די דאָזיגע שורות זענען געשריבען נאָך דעם, ווי איך האָב טראָק א צווייטען מאָל בעזוכט. די ווילנער רוסי־שע צייטונגען האָבען געמעלדעט וועגען א וויכטיגען צו־זאַמענפאָהר פון די קאַראַאימען דאָרטען; א צוזאַמענפאָהר, וואָס האָט דעם צוועק אויסצוזוכען מיטלען, ווי אַזוי אויפצולעבען אָט די אַלטע יודישע סעקטע. דאָס האָט מיך שטאַרק פּראַאינטערעסירט און איך האָב מיך א לאָז גע־טאָן אין טראָק.

ווי פערוואונדערט בין איך אָבער געוואָרען, אַז קומענדיג אין טראָק, האָב איך פאַר קיין פאַל ניט געקענט דערגעהן, וואו איז דער קאָנגרעס. יודען, וועמען איך האָב געפרעגט, האָבען געקוועטשט מיט די פּלייצעס און ניט געוואוסט פון וואָס צו זאָגען. נאָר איינער האָט מיר געענטפערט, אַז ער וויים, אַזוי ווי איך, נאָר פון דער צייטונג.

איך האָב געמיינט, אַז פון האָס צו יודען, האָבען די קאַ־ראַאימער ארומגערינגעלט זייער קאָנגרעס מיט א טיעפע „קאָנס־פּיראַציאָן", און האָב גענומען קלערען און זוכען פערשיידענע וועגען, ווי צו דערגעהן עפּעס.

איך האָב געלאָזען דעם יודישען קווארטאַל פון טראָק און האָב מיך געלאָזט שפּאַצירען הין און צוריק ארום דעם קאַראַ־אימישען „מעדרעס", ד. ה. דעם „בית המדרש", וואו, נאָך מיין השערה, האָט געדאַרפט פאַרקומען דער צוזאַמענפאָהר.

אָבער אומזיסט האָב איך אין קאַראַאימישען קווארטאַל געזוכט עפּעס א שפּור פון א בעוועגונג צו געפינען. ווי אויסגע־שטאָרבען איז געווען דער גאַנצער קווארטאַל. ס׳איז גראָד גע־ווען א שענער זוניגער פריהלינגס־פריהמאָרגען. איך האָב גע־מיינט, אַז אויב ניט פון די גרויסע וועט זיך מיר איינגעבען צו דערוויסען זיך עפּעס פון די קליינע, פון די קאַראַאימישע קינדער, וואָס דאַרפען געווים אין אַזא וואַרימען דופטיגען מאַי־טאָג שפּילען זיך אויפ׳ן גאַס און אין די הויפען.

אבער אומזיסט האָב איך א קינד געזוכט אין דער גאַנצער קאַראַאימישער געגענד. פּוסט און וויסט איז געווען אַרום.

זאָל איך אריינגעהן פּשוט אין דער ערסטער בעסטער קאַראַאימער שטוב און פרעגן? איז מיר אריין אין קאָפּ א געדאנק.

ווי משונה'דיג און אונפּראַקטיש דער ראַזיגער געדאַנק איז ניט געווען, האָב איך אבער דאָך קיין אנדער ברירה ניט געהאַט. נאָר פּלוצלונג, האָב איך צו מיין פרייד דערזעהן א שוסטער־שילד מיט א קאַראַאימישען נאָמען דערויף. איך האָב א קוק געטאָן אויף מיינע קאַמאַשען: צום אונגליק האָבען זיי זיך אין א שוסטער ניט גענויטיגט. איך האָב געמוזט העלפּט מיט א מעסעריל, העלפּט מ'ט דער האנד אבצורייסען א בלעטעל פון אַבזאַץ, און האָב מיך געלאָזט דרייסט צום שוסטער — קאַראַאים, ער זאָל מיר צוקלאַפּען א נייעם. דער קאַראַאים האָט מיך פון אָנהויב אנגעקוקט איבערראַשט. עס טרעפט, אפנים, זעהר זעלטען א יוד זאָל אריינקומען צו איהם אין הויז. ענדליך אבער האָט זיך מיר איינגעגעבען צו געווינען זיין צוטרוי. ער האָט ניט בלויז גענומען מאַכען די „פּאַטשינקע", פון וועלכער ער האָט זיך פריהער געוועזט אנטזאָגט, נאָר האָט, עוסקענדיג זיך אַרום מיין אבזאַץ, זיך גערן געלאָזט מיט מיר אין א שמועס. זיין ווייב און צוויי זיהן, בחורים, האָבען אונטערגעהאָלפען. אָט אזוי האָב איך פערבראַכט ביי די קאַראַאימען ביי א שטונדע צייט און האָב זיך דערוואוסט אלץ, וואָס מיך האָט אינטערעסירט און — נאָך מעהר.

פריהער פאַר אלץ — וועגען קאָנגרעס. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אז דער גאַנצער „קאָנגרעס" איז א בלאָף. די קאַראַאימען דאַרפען האָבען לויט זייער אייגענעם דין און רוסישען געזעץ א „חאַכאַם". דער חאַכאַם דאַרף זיין אי א פיהרער פון דער געמיינדע אין איהרע אינערליכע אנגעלעגענהייטען, אי א פאָרשטעהער פאַר דער רעגירונגס־מאַכט. געוועהנליך האָבען די רוסלענדישע קאַראַאימען צוויי „חאַכאַמען". איינער פאַר די קרימער קאַראַאימען, און א צווייטער, בעזונדער, פאַר די ליטווישע קאַראַאימען. אין ליטא געפינען זיך קאַראַאימען בלויז אין פיער

שטעדט: אין טראק, ווילנא, פאניעוויעזש און לוצק. וועהרענד די קלענסטע ליטווישע שטעדטעל האָט פאר זיך בעזונדער א רב, און גאנץ אָפט, אפילו צוויי, האָבען די פיער קאראא מישע גע־מיינדעס פון ליטא אלע אין איינעם, בלויז איין „חכם". די אורזאכע איז די אָרימקייט און דונקעלהייט פון די קאראאימען. נאָר ווען זיי וואלטען אפילו פערמאגט, איז ניטאָ וועמען צו קלויבען. ניטאָ ביי זיי קיין געלערנטע מענשען, וואָס זאָלען בעזיצען דעם נויטיגען אויטאָריטעט פון גייסטיגע לעהרער און געמיינדע־פיהרער. דער „חאכאם" האָט זיך אויסגעוועבט ביי זיי אין א מין „קאזיאני ראבין". ער שטעהט נאָך א יד [illegible] אין זיין גייסטיגער ענטוויקלונג פון אונזער ראבינער־מעטריקעס־שרייבער. געוועהנליך איז דאָס א געוועזענער טשינאָווניק — א בעאמטער ביי דער רעגירונג. צו די עלטערע יאָהרען, ווען ער טויג שוין ניט צו זיין אמט, לאָזט ער זיך קלייבען פאר א „חאכאם". אזא „חאכאם" איז געוועזן צ. ב. דער לעצטער, פער־שטאָרבענער טראָקער קאראאימישער געמיינדע־פיהרער. ער איז געוועזן אין דער יוגענד אן אקציז־בעאמטער. נאָר אפילו אזא איז אויך אונמעגליך צו קריגען. ניט בלויז פאר די ליטווישע, נאָר אויך פאר די קרימער קאראאימען. ביי דעם גאנצען קאראא־אימערטום איז די חאכאם־פראגע א פראגע פון לעבען און טויט. עס קומט פאָר דעריבער ביי די קאראא־אימער א מורא'דיגער קריזיס. און מיט וואָס דער קריזיס וועט זיך ענדיגען איז ניט שווער פאראויס־צוזעהן. ער וועט און מוז זיך ענדיגען גאָר גיך מיט דעם פאָל־קאָמענעם אונטערגאנג פון דער דאָזיגער איינציגער יודישער סעקטע.

די דאָזיגע סעקטע איז שוין לאנג לעער פון יעדען גייסטי־גען אינהאלט. וויסט און טרוקען פון אינווענדיג, שטרעבט זי אונטערצוהאלטען איהר עקזיסטענץ דורך „פראוועס" און פריי־ווילעגיעס געגען די תלמודישע יודען. נאָר דאָס העלפט איהר ווייניג. דער הייפעל קאראאימען ווערט אלץ קלענער. די לאגע פון בחורים און מיידלאך ביי זיי איז א פערצווייפעלטע. ניטאָ

מיט ווערן צו טאַן שדוכים, — קלאַגט זיך מיר דער שוס־טער און זיין ווייב, קוקנדיג מיט צער אויף די צוויי אויסגע־וואקסענע בחורים און אויף דער מיידעל, וואס איז שוין אויך ניט קיין יונגע. מ׳טוט שדוכים צווישען זיך. דערפון ווערט יע־דער נייער דור פיזיש און גייסטיג אלץ מעהר פערקריפּעלט. אין לוצק, וואו די קאַראַאימישע בעפעלקערונג איז קלענער און אָרימער, איז ניטאַ קיין איין שטוב, וואס דאָרטען זאָל ניט זיין קיין קאַליקער, קיין הויקער, קיין טויב־שטומער, קיין אידיאָט. דאסזעלבע בעמערקט זיך אלץ מעהר אין אנדערע ערטער. די יוגענד ראַטעוועט זיך אין אסימילאַציע. האָבען חתונה מיט רוסישע שיקסעס און שקצים. דאס גופא פיהרט נאָך גיכער צו זייער אויסראַטונג און פערשווינדונג. לויט ווי דער שוסטער־קאַראַאים האַט מיך פערזיכערט וואָלטען די קאַ־ראַאימער שטאַרק חשק געהאַט חתונה צו האָבען מיט יודישע מיידלאך. נאָר די קאַראַאימישע בחורים קענען ניט, ניט דורך זיי־ער קערפּערליכען אויסזעהן, ניט דורך זייער גייסטיגער ענטוויק־לונג, צוצוהען צו זיך שטאַרק אַ יודיש מיידעל. אַ יודישער בחור איז אי קליגער, אי שטאַרקער, אי שענער. אַן אנדער מיידעל וואָלט זיך אפילו קוואַפּען צוליב „פּראַוועס". גיט אבער די רעגירונג שטאַרק אכטונג אויף די קאַראַאימישע שדוכים. מיט גרויס מיה, דערצעהלט מיר מיין שוסטער, האַט זיך ניט לאַנג איינגע־געבען אַ קאַראַאים צו שרייבען צו דער קאַראַאימישער געמיינ־דע אַ יודיש מיידעל, מיט וועלכער ער האַט חתונה געהאַט.

צווישען די עלטערע און פּרימערע קאַראַאימען קומט פאַר איצט אַ שטיקעל בעוועגונג אבצופרישען זייער סעקטע און אויסזוכען מיטלען, ווי אזוי צו ראַטעווען איהר פון אונטער־גאַנג. זיי זעהען צו מיט טיעפען שמערץ דעם אונטערגאַנג, וואָס שטעהט זיי פאַר. די יוגענד איז פאַלקאָם אונוויסענד. ביי מיר אויפ׳ן הויף, דערצעהלט מיר אַ טראָקער יוד, וואוינט אַ קאַראַ־אים. מיינע קינדער מיט זיינע קינדער שפּילען זיך אויפ׳ן הויף (אזוי לאַנג ווי די קאַראַאימער זענען נאָך יונג אנטלויפען זיי ניט פון יודען). מיין איינגעל איז אַלט 9 יאָהר, קען ער שוין דערצעהלען אַלע מעשיות פון חומש, פון תנך און שפּעטערדי־

גער יודישער היסטאריע. דער קאראאימישער אינגעל ווייס גאר נישט, ווען מ'פרעגט איהם. אין בעסטען פאל לערנט מען זיי דאווענען און שרייבען העברעאיש. אפילו פשוט דעם אלף בית, קען זעלטען ווער פון דעם קאראאימישען יונגען דור. וועגען א מעשה עפעס פון דער פערגאנגענהייט פונ'ם יודישען פאלק איז גאר ניטא וואס צו ריידען. קוים גיט זיך איין א קאראאימישען אינגעל צו ענדיגען א נידריגע שולע, זוכט ער אויף גיך אויסצו־נוצען זיינע פראוועס: קריגען ערגעץ א קאנצעלאריע און ווערען דארט א שרייבערל. איין ווילנער קאראאים איז אן „אקאלא־דאטשנער", א צווייטער אן אויבער־אויפזעהער אין דער טור־מע; א דריטער איז א צענזאר פון העברעאישע ביכער. דאס איז דער העכסטער שטאפעל צו וואס א קאראאים, מיט זיינע פע־היגקייטען קען זיך דערשלאגען.

דער צענזור, וואס קען אביסעל העברעאיש, איז אייגענט־ליך דער נאטירליכסטער קאנדידאט אויף „חכם". נאר אזוי ווי דער „חכם", לויט'ן מנהג, דארף זיצען אין טראק און דעם צענזאר לוינט זיך ניט צו לאזען די שטעלע אין ווילנא, איז גאר ניטא קיין קאנדידאט אויף א „חכם". נאר ניט בלויז קיין „גע־וועהלטע", אפילו קיין וועהלער זענען ניטא. אויפ'ן „קאנגרעס" איז אין גאנצען געקומען איין קאראאים — דער ווילנער טור־מע־אויפזעהער. דער „קאנגרעס" איז אלזא אבגעלעגט געווא־רען, ווייל עס זענען ניט געווען ניט קיין קאנדידאטען, ניט קיין וועהלער. ס'איז אויך קיין האפנונג ניטא, אז זיי וועלען ווען עס איז זיין.

די קאראאימישע מאסע דאגה'ט וועגען דעם גאנץ ווייניג. מיין שוסטער, וועלכער איז אויך א שוחט און ער קען אביסעל פון די „שווארצע פינטלאך" זאגט, אז פאר איהם און די איב־ריגע פון זיין גלייכען, מעג אפילו גאר קיין „חכם" ביט געבארען ווערען. קיין שאלות, זאגט ער צו מיר, דארפען מיר ניט געהן צו איהם פרעגען, אזוי ווי ביי אייך געהט מען צום רב. און אז מ'זאל זיך פערגלייכען אין פרומקייט און לערנען קען איך בע־סער פון „חכם".

נאך גלייכגילטיגער צו דער „חכם"־פראגע איז די קאראא־

אימישע אינטעליגענץ, וועלכע איז אין גאנצען רוסיפיצירט. איצט זענען זיי זיך משתדל — קלאָגט זיך פאר מיר דער שוסטער —אז מ'זאָל אין די קאראאימישע פּאספּאָרטען אויסמעקען דעם וואָרט „יעווריי־קאראאים“ און אנשטאָט דעם שרייבען: „רוס־קי־קאראאים“. דערמיט, ווילען זיי אָבשאפען דעם לעצטען שטער צו דער אסימילאציע און אָברייסען אין גאנצען דעם שוואכען פעדימעל וואָס האָט אמאָל נעוויזען אויף זייער שייכות צום יודישען פאָלק.

# קלימקע בורלאק.

ק ל י מ ק ע   ב ו ר ל א ק   איז א לעגענדארע פּערזאָן, מיט וועמעס נאָמען עס קלינגט צעהנדליגע מיילען ארום יאַנאָווע, קאָוונער גוב. נאָך אין קאָוונא האָט מען מיר דערצעהלט וועגען קלימקעס בעריהמטע שטוקעס.

קלימקע בורלאק איז געווען א גוי, א פּאַניע. זיין טאַטע איז געקומען אהער פון ראָסיי, בשעת דער באהן האָט זיך דאָ אמאָל געבויט, און איז געבליבען מיט אנדערע גוים—באהן־ארבייטער — וואוינען אין שטעדטעל. קלימקע האָט זיך געהאָדעוועט אויפ׳ן שול־הויף, צווישען יודישע קינדער. א קעפּיל האָט ער געהאט א פלינקע, און האָט זיך גיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבען יודיש, דאווענען, ברכה זאָגען, בענשען. יודיש האָט ער גערעדט נאָך בעסער ווי א יודיש קינד. אויסגעוואקסען א שייגעץ, איז ער געווען א שבת־גוי, א שליחות־גוי, האָט זיך שטענדיג געדרעהט נאָר אין יודישע הייזער, געפיהרט בעקאנטשאפט מיט יודישע בחורים, געפיהרט ראָמאנען מיט יודישע מיידלאך (ער איז געווען א העלד א שייגעץ). נאָר מעהר פון אלץ האָט ער ליב געהאט דאָס פריי־לעבען אויפ׳ן גאס, אין פעלד, ווי א פויגעל.

אז מ׳האָט קלימקען אָבגעגעבען פאר א זעלנער, האָט ער ניט געקענט פארטראָגען די קאַזארמעס און איז באלד געקומען צוריק אין יאַנאָווע.

אפען אין שטעדטעל איז אבער געווען געפעהרליך צו זיין.

קלימקע איז אוועק אין וואלד. און באלד האָט אָנגעהויבען קלינ־
גען די וועלט מיט זיינע „מעשים."

צו דערצעהלען אלע לעגענדעס פון קלימקעס רויבער־מעשים
וועט ניט קלעקען קיין פּאַפּיר. איך וועל נאָר איבערגעבען א
פּאָר מעהר כאראקטעריסטישע.

קלימקע איז ניט געווען קיין פּשוטער באנדיט, נאָר א מין
„קארל־מאָאָר" פון שילער׳ס „רויבער". ער האָט געשוואָרען פאַר
יאנאָווער יודען, אז ער האָט קיין מאָל אין זיין לעבען קיין בלוט
ניט פארגאָסען. ער האָט „געארבייט" נאָר אויף פּריצים, גלחים,
רייכע יודישע סוחרים. אָרימע פּויערן און יודען האָט ער קיין
מאָל ניט אָנגעריהרט. פּערקעהרט: ער איז נאָך געווען א גרוי־
סער בעל צדקה. האָט געשטיצט אָרימע קריסטען און יודען אָהן
א שום אונטערשייד.

נאָר דער עיקר פון קלימקעס מעשים איז בעשטאַנען אין
דעם, וואָס ער איז געווען א קינסטלער, אַן ארטיסט אין זיין
פאַך. קיין זאַך — דערצעהלט מיר א יאנאָווער יוד איז ביי
איהם ניט געשעהן אָהן א „שטוקע", א געשיידטען שפּיצעל.

אַט קומט ער אָן ערב שבת אין א שטעדטעל. געהט אריין
אין שוהל צו מעריב, אָנגעטאָן אין א לאַנגע קאַפּאָטע, א קאפּע־
לוש, מיט א גארטעל און לאַנגע פּאות; נעהמט א סדור, דאווענט
הויך, שאָקעלט זיך, דבק׳עט זיך, מעשה רב׳ל, אָדער אָרימער
בעל דרש׳ער. אזוי שטעלט ער זיך טאקע פאַר דעם שמש און
בעט ער זאָל איהם בעשטעלען שבת. אזא חשוב׳ער אורח קומט
אַן נאַטירליך, צום גביר פון שטעדטעל. ער בעקומט דעם שענס־
טען אָרט, דעם בעסטען חלק. מ׳איז איהם מכבד מיט מזומן.
ער בענשט אויפ׳ן קול. נאָר אין בענשען פעהלט, איהם פּלוצלונג
אוים אַן „אב הרחמן" (פּאָרט א גוי׳אישע קאָפּ!), שלעכט.. נאָר
קלימקע גיט זיך אַן עצה. פערשטעלט מיט׳ן האנד דעם פּנים,
הויבט אָן צו פּראווען „בכיות" און „דבקות". ביין פרומען קליינ־
שטעדטעלדיגען נגיד און זיין געזינד בלייבט ניט אנדערש, אז
דאָס איז א „למדר־וואָווניק."

אויף מאָרגען פריה איילט ער, דער בעל הבית, צו טיילען
זיך מיט דער נייעס מיט די שוהל־לייט, און זעהן, אז דער וואונ־

דער־ליכער רב זאָל זאָגן אין שוהל. נאָר איידער ער עפענט דעם מויל איבערראשט איהם א מעהר וואונדערליכע נייעס: דער „למד־וואָווניק“ איז פערשוואונדען געוואָרען, און מיט איהם, ביי האַלב שטעדטעל, זילבערנע לעפעל מיט גאָפּלען און אנדערע טייערע חפצים.

אין אן אנדער שטעדטעל קומט קלימקע צו א רייכען יו־דען אויף שבת. עסט אב וועטשערע — פיש, צימעס, ווי גאָט האָט געבאָטען. אבגעזונגען זמירות, אבגעבענשט. הויבט זיך אויף, דאנקט אָב דעם בעל הבית און — בעט עפּעס אויפ׳ן וועג. דער בעל הבית, די בעל הבית׳טע שטעלען אויס א פּאָר אויגען: וואס הייסט!.. סטייטש!... ר׳ קלמן (מיט דעם נאָ־מען פלעגט ער זיך פאָרשטעלען פאר יודען) שבת!...

— נו, זאָגט קלימקע, — עס העלפט ניט... איך האָב זעקס קינדער...

און נעהמט ארויס א רעוואָלווער אָנגעלאָדען מיט זעקס קוילען.

אָט דאָס זענען מיינע קינדער — מעלדעט ער — פאר יע־דעס קינד מוז איך האָבען א הונדערטער.

דער בעל הבית האָט געמוזט ארויסנעהמען און אָבצעהלען זעקס הונדערט רובל.

קלימקע איז געקומען אמאָל אין א שטעדטעל. דאָרט איז איהם געפעלען געוואָרען א יודישע מיידעל. שטעלט ער זיך איהר פאָר פאר א סוחר און שיקט אונטער שדכנים, ריידען איהר מיט זיך א שדוך. קלימקע האָט געקענט געפעלען. דערצו האָט ער געגעבען רייכע מתנות און — דער שדוך איז מיט מזל געוואָרען געשלאָסען. מ׳זאָגט, אז קלימקע האָט געשפּילט יאָה־רען־לאַנג אזוי קונציג זיין ראָליע, אז זיין ווייב און מחותנים האָבען זיך קיין מאָל ניט געכאפּט. ער פלעגט זיין זעלטען אין „דער היים“. פלעגט קומען ווען אויף א יום־טוב. איז אבער געווען א געטרייער מאן און טאַטע און האָט זיינע קינדער דער־צויגען אין גוט יודישקייט.

דאָס איז געווען מיט א יאָהר 20 צוריק. יאַנאַווער יודען פּערזיכערען, אז קלימקע לעבט נאָך איצט ערגעץ אַרום ריגא. האָט שוין לאנג געלאָזען יענע „געשעפטען“, איז רייך און פיהרט א פיינעם יודישען שטאָט.

# א מאָדנער פּאָליצמייסטער.

„מאָהילעוו איז א ציכטיגער דלות“, — אזוי דריקען זיך אוים די מאָהילעווער יודען אליין וועגען זייער שטאָדט. קיין שטאָדט אין יודישען תחום איז ניט אזוי זויבער און צוגעקליעבען, ווי מאָהילעוו. די גאסען זענען ריין, ציכטיג, — כאָטש „קאשע וואַרף“, ווי מען זאָגט. אין די הויפען זאָגאר פון די סאַמע געדיכטע יודישע געסלאך, מעגט איהר זוכען אביסעל מיסט אויף א רפואה און וועט ניט געפינען. מאָהילעווער יודען קוקען אויף זיך אליין או זוואונדערען זיך: ווי קומט דאָס צו זיי? ווי קומט דאָס צו יודען בכלל?

די מעשה דערפון איז טאקע, אז יודען אליין זענען אין דעם ווייניג שולדיג. שולדיג איז דער פּאָליצמייסטער. אזאַ מאָדנעם פּאָליצמייסטער פערמאָגט ניט קיין שום יודישע שטאָדט. (איך האָב מורא, אז קיין ניט־יודישע אויך ניט). דאָס איז א הויכער געזונטער קריסט, א גוי — א דעמב. געווען איז ער אן אָפיציער. וואָלט ער אין די אָפיצירישע עפּאָלעטען (אקסעלבאנדען) אריינגעלעגט אזוי פיעל כחות, ווי אין די מאָהילעווער יודישע הויפען, פערזיכער איך אייך, אז ער וואָלט שוין לאנג געווען פּאָלקאָווניק, און אפשר נאָך העכער. נאָר אָט דעם משונה׳דיגען גוי איז פּלוצלונג לאנגווייליג געוואָרען אין זיינע אָפיצירסקע קליידער און ער האָט דערלאנגט א ביטע פאר א פּאָליציישקע שטעלע.

די ערשטע זאך, ווי ער איז נאָר געוואָרען פּאָליצמייסטער האָט ער איינגעפיהרט: אוים כאָבאר! ווי יודען האָבען דאָס

דערהערט, איז געוואָרען תשעה באָב אין שטאָדט. מ׳האָט שוין געוואָלט גוזר תענית זיין... וואָס הייסט א פּאָליציסט, וואָס נעהמט קיין מטבע ניט?.. מסתמא שמעקט שוין מיט נייע גזרות...

און טאקע אמת! דער פּאָליצמייסטער האָט נאָך ניט צייט געהאט איבערצונעכטיגען אויף זיין נייעם אמט, איז ער אָנגע־לאָפען צו א יודישען בעקער מיט א גאנצע מחנה פּאָליציייאישע אונטער־משרתים און פערנומען אלעמען, וועמען ער האָט נאָר געפונען א׳ן שטוב און אין דער בעקעריי. עס איז געוואָרען אן אויפגעלאָף, א יללה אין גאַס. דעם פּאָליצמייסטער זאָל דאָס ארען א האָר. ער געהט אפריהער: די פּאָל ציסטען — משרתים נאָך איהם. אין מיטען, ארומגערינגעלט מיט שווערדען און ביק־סען, שלעפּען זיך נעבעך ביי א מנין פערשלומפּערטע, ברודיגע יודישע בעקער־ארבייטער. זיי געהען. דער עולם געהט נאָך, די גאנצע גאַס, ווי ביי א לויה. אלע זענען איבערגעשראָקען. מ׳מיינט, אז מ׳וועט זיי פיהרען אין טורמע, מ׳וועט זיי ווער וויים וואָס טאָן..

אָבער אנשטאָט צו פיהרען זיי אין טורמע, צי אין צירקעל, (סטיישאָן הויז), זעהט דער עולם ערשטוינט, ווי מ׳האָט אָט די אָרימע בעקער מיט דער גאנצער קאפּעלע אריינגעפיהרט אין... באָד. זיי זענען אריין אינעווייניג און דער גאנצער עולם בעקלאָגער און בעגלייטער זענען געבליבען פון דרויסען. אלע וואַרטען ערשטוינט: וואָס וועט דאָ זיין?...

אין א שעה ארום — די זעלבע קאפּעלע צוריק. אָבער... וואָס איז דאָס געוואָרען מיט די יענקלאָך, בערלאָך, און חאַ־טשעס?... מאָהילעווער יודען וואָלטען שווערען, אז דאָס זענען ניט זיי. מ׳האָט זיי פערביטען, צו וואָס?.. אנשטאָט די פער־חושכ׳טע, צעווייקטע פּנים׳ער און ברודיגע שמאַטעס, געהען העלדישע יונגען — אויסגעוואשען, קורץ געשוירען, פער־קעמט, מיט נייע קיטלען און נייע היטלען, ממש ווי „בני מלכים“; זיי געהען און שמייכלען, פּונקט ווי זיי וואָלטען געהען אָבריכ־טען א סדר.

דער קלאָג האָט זיך פערוואנדעלט אין א געלעכטער. דער

פאַליצמייסטער האָט אָבער זיי צוגעפיהרט צוריק צו דער בע־קעריי און האָט געזאָגט ניט שטרענג, אָבער גאַנץ ערנסט:

„אַט אַזוי זאָלט איהר זיין שטענדיג געקליידעט און פער־פוצט ביי דער ארבייט. ווער עס וועט ניט געהן אַליין אין באָד, וועט מען איהם פיהרען...“

דערנאָך האָט זיך דער פאַליצמייסטער גענומען אריינ־קוקען אין די הויפען, טאַקע גאָר אין די סאַמע אינעווענינסטע, און האָט אָנגעזאָגט די יודישע באַלעבאַטים: עס זאָל ווערען ריין! עס פערשטעהט זיך, אז א יודישער בעל־הבית קען זיך ניט ענדערען אין איין טאָג, אין איין שענעם פריהמאָרגען. אויף מאָרגען איז געקומען דער פאַליצמייסטער, אַליין, בכבודו ובעצמו, ניט געשיקט חלילה, קיין משרת, קיין אונטערפאַלי־ציסט. ער גיט א קוק: די זעלבע מיסט. דער יוד שטעהט אנט־קעגען איהם מיט צושראָקענע אויגען... דער פאַליצמייסטער מאכט ניט געגען איהם קיין קלאָגע, שרייט ניט, ליארעמט ניט, און זאָגט נאָך אַמאָל: „עס זאָל זיין ריין! איך וועל קומען מאָרגען!

ווער, מיינט איהר, האָט זיך איינגעמיהט? — ניט דער פאַליצמייסטער, נאָר די יודען! זיי האָבען פשוט אויף איהם רחמנות געקראָגען און סוף כל סוף זיך גענומען ראַמען די איי־גענע סמיעטניקעס. געענדיגט מיט די הינטער־הויפען, האָט ער, דער פאַליצמייסטער, זיך גענומען צו די קעלערס מיט די „הינ־קעדיגע“ צובראָכענע טרעפּלעך צום דרויסען, איבער וועלכע ניט איינער האָט פיס געלונקען און נעזער צושלאָגען. אין איי־ניגע מאָנאַטען איז, אויפ'ן זעלבען שטויגער, געוואָרען אויס מיט די קעלערס. דערנאָך האָט ער זיך גענומען צום מארק; דער־נאָך — צו די קראָמען. מיט איין וואָרט: מאָהילעוו זעהט אויס, ווי א בולוואר. וואו נאָר א שטיקעל פרייער פּלאַץ — פערפלאַנצט און פערפוצט. סוף כל סוף האָבען זיך יודען ארומ־געזעהן, אז פון דעם פאַליצמייסטערס „גזרות“ קען מען לע־בען, און ביסלעכווייז האָבען אלע געקראָגען א מיינונג, אז ער איז א „פּראַווילנער גוי“ (ד. ה. ער היט דעם געזעץ ריכטיג) און די יודישע גאס האָט צו איהם געקראָגען גרויס דרך־ארץ.